# טעאַטער־טעקסטן

דראַמעס, איינאַקטערס,
שפּילן, רעטשיטאַציעס,
פּיידזשענטס

פאַרלאַג „מאָרגן פרייהייט"
נומער פופצן, איסט דרייצנטע גאַס,
ניו־יאָרק.

# מאָשיעך אין אַמעריקע

דראַמאַטיזירט פון מיין דערציילונג „מאָשיאַך אין אַמעריקע“, געדרוקט אין דער וואָכנשריפט „היינט“, אַרום יאָר 20—1919.

# מאָשיעך אין אַמעריקע

כאַראַקטערן:

| | | |
|---|---|---|
| מנאַכעם־יאָזעף. | גראָער | צייטונג־ רעפּאָרטיאָרן. |
| דזשעקעלע בלאָפער. | שוואַרצער | |
| דזשים, אַ פאָטאָגראַפשטשיק. | געלער | |
| (שפּעטער „די פרוי מיט דער באָרד") | אוילעם. | |
| פלאָסי, אַ טייפּיסטין. | האָרבאַטש. | |

רעב סימכע, מאָשיעך פאַר מאַנצביל.
דר. קעסטלבערג, נייער מאָשיעך פאַר ווייבער.
דער געלער יויכינטשע, מר. זיפקינד (שפּעטער „זיפּ").
טשאַרלי (שפּעטער „דער באַרקער").

---

די בינע שטעלט פאָר אַ ביוראָ פון אַ לופטמענטש, וואָס מענאַכעם־מענדעלעווט מיט טעאַטער און ביכלאַך מיט קונסט און קדושע־זאַכן. דעם זעלביקן מענאַכעם־יאָזעפן איז רעכט צו האַנדלען מיט קאָשערן כאַזער, אָדער מיט טרייפענע מזוזעס, אַבי פאַרדינען אַ דאָלאַר, און דער עיקער „ס'זאָל זיך טאָן אַ ביסל!"

טירן, רעכטס און לינקס, פירן צו די זייטיקע ביוראָס פון דער זעלביקער פירמע. די ביוראָ איז אָנגעוואָרפן מיט העפטן, צייטונגען, אויסשניטן. אויף די ווענט פּאָרטרעטן פון אַלערליי גדולים, פון דזשעק דעמפסי ביז דר. כאַאים ווייצמאַן, מאָריס שוואַרץ און מענדל ביילים. צוויי טעלעפאָנען, איינער פון ליכטיקער פאַרב, אַ קלענערער, אַ ליבעס־טעלעפאָן; דער אַנדערער, אַ גרויסער, אַ שוואַרצער, אַ בייזער, אַ געשעפט־לעכער טעלעפאָן. אויפן טיש אַ שרייב־מאַשין, אין דער זייט אַ שראַנק מיט אַלעף־בייס איינגעטיילטע פּאָלי־צעס. ס'איז אָנגערויכערט, און בלויז מיט אַ שטיקל פענצטער—ערגעץ דער רואַד ווייסט וואוהין.

(פראָלאָג)

(פונטשינעלי־מאַסקע רעדט הויך איבער דעם פאָרהאַנג אין אַלערליי אידישע נוסכאָיעס).

א גוטן אָוונט, א גוטן אָוונט, מיינע ליבע לייט,
איך קום אייך דערציילן, וואָס טעאַטער באַטייט.
דאָס לאַנד פון די געלע, מלוכע פון גאָלד
ווערט דאָ אין לוסטיקע פאַרבן געמאָלט.
אין לאַנד פון ביזנעס, איז מאָשיאַך א געשעפט,
ווי הערינג, ווי שוועמלעך, ווי פלייש און ווי נעפט.
דארום האַלט זיך גרייט מיינע ליבע לייט,
אַ סודע אַ וואוילע איז פאַר אייך דאָ געגרייט.
מיט צימרינג און פעפער מיט זאַלץ און מיט שמאַלץ
פאַר באָלשעוויקעשן טרייפענעם האַלז.
(אין געהויבענער שטימונג)
דער פראָלאָג בין איך. געשליפן און פיין.
איך וועל דאָ מיט אייך אַ ווײַלע נאָך זיין.
דערנאָך קומען אַנדערע—און איך? איך פאַרשווינדט.
ווייל צופיל פאָרשפּייז, סי שאַט צום געזונט.
טו זייט זשע געזונט, מיינע ליבע לייט
איך קום אייך דערציילן וואָס טעאַטער באַטייט.
(טראַגיש)
צו וואָס נאָך אַ מאַסקע? דאָס פאָנים אליין
פאַרשטעלט שוין גענוג, עס קען בעסער נישט זיין.
טעאַטער און לעבן,—ווער וויים וואָס דאָס איז?
נאָר איין זאַך איך, פראָלאָג, וויים אַף געוויס:
קיין שיף איז נישט אַזוי הויך ווי איר פאָן.
און אַלצדינג איז גוט וואָס עס הייבט זיך ערשט אָן!
טו זיצט זשע געמיטלעך, גרייט אָן אויג און אויער,
סי עפנט זיך אויף שוין — אַמעריקעס טויער.
די געטין פון דאָלאַר מיט געהויבענער האַנט,
זי וואַכט באַ דער שוועל צום גאָלדענעם לאַנד.

אַז דער פֿאָרהאַנג גייט אויף, זיצט באַם טיש מנאַכעם־יאָזעף און זיין סעקרעטאַר, דזשעקעלע בלאָפּער, אַ גע־זונטער, שרייענדיקער באָכער, מיט מער כוצפּע, ווי סייכל, טראָגט גרויסע שוואַרץ-איינגערעמלטע ברין.

מנאַכעם-יאָזעף (האָט אַ שיינעם, גרוילעכן קאָפּ, אַ קראַנק, נישט־אויסגעשלאָפֿן, פּיבערדיק־ענערגיש פּאָנים. ער שפּייט קסיי־דער, ווי ס׳וואָלט אים עפּעס געוועזן צוגעקלעפּט צו דער ליפּ) : מ׳דאַרף עפּעס נייעס! ס׳זאָל זיך טאָן! ס׳האָט זיך שוין לאַנג נישט געטאָן.

דזשעקעלע : איך האָב פֿאַר אייך געלאָזט אָפּדרוקן אַ ניי וויזיט־קאַרטל, מר. מנאַכעם־יאָזעף. ס׳וועט אייך זייער געפֿעלן. אָט איז עס (ווייזט אַף אַ וויזיט־קאַרטל) ס׳איז מיט אַ מאָטאָ (לייענט פֿון וויזיט־קאַרטל) : מנאַכעם־יאָזעף, טעאַטער־אונטערנעמער, נומ. 32 בראָדוויי, ניו יאָרק. (צו מנאַכעם־יאָזעפֿן) דאָס איז גאָר נישט, לייענט די מאָטאָ (ביידע לייענען קימאַט אין דועט) : „שעלט מיך אין דער מאַמען אריין, אַבי דערמאָן מיין נאָמען!" נו, געפֿעלט דאָס אייך?

מנאַכעם־יאָזעף : ס׳איז גוט! ס׳איז גוט! בראַוואָ! (קלאַפּט דזשעקעלען אַף די פּלייצעס). דער איקער, פֿאַרשטייסטו מיך, ס׳זאָל זיך טו־ען, מ׳זאָל יענעם אַריבערשטייגן. מיינסט, איך דאַרף ס׳געלט? איך האָב ווייניק געלט? (טרויעריק) כ׳האָב טאַקע צו־ווייניק. אַז דער געלער יוויכינטשע פֿאַרמאָגט 85 טויזנט דאָלאַר, מוז איך פֿאַרמאָגן כאָטש 90 טויזנט. ס׳גייט שוין אין אַקשאָנעס, פֿאַרשטייסטו מיך.

דזשעקעלע : אַוואַדע פֿאַרשטיי איך, דער קאָפּ איז מיר נישט אויסגעדאַרט (מיט כאַניפֿע) אַ־נישט וואָלט איך דאָך נישט געוועזן אייער סעקרעטאַר (לעקעריש) נישקאָשע, מ׳דאַרף זיך גוט אונטערגאַרט־לען צו זיין אייער סעקרעטאַר.

מנאַכעם־יאָזעף : מיין פֿרוי טאַינעט שטענדיק, אַז איך אַרבעט צופּיל, אַז איך היט נישט אָפּ ס׳געזונט. דו מיינסט, זי איז נישט גע־רעכט, די פֿרוי מיינע? ס׳גייט נישט אַזוי אין לעבן, ווי אין אַריבער־לעבן יענעם. פֿאַרשטייסט? אַז דער געלער יוויכינטשע וועט לעבן 60 יאָר, מוז איך לעבן 61 יאָר. אַז ער׳ט לעבן 102, מוז איך לעבן 103. (דערמאָנט זיך) שאַ, וואָס איז געוואָרן מיטן שוועדישן באַלעט, דזשעקעלע?

דזשעקעלע: ס'איז גאָרנישט געוואָרן. זיי פאַרלאַנגען צופיל געלט.

מנאַכעם־יאָזעף: אין טעאַטער־געשעפט איז נישטאָ קיין צופיל. וואָס מער געלט אַן ארטיסט קריגט, אַלץ אַ גרעסערער אַרטיסט איז ער. אַזוי מיינט דער אוילעם־גוילעם. כאַ־כאַ. דער אַריסטאָקראַטישער אוילעם־גוילעם האָט ליב, אַז מ'נאַרט אים אָפּ. געדענקסט, ווען איך האָב געשטעלט די „גאָלדענע פּאַווע״? אין אָנהויב, געדענקסטו, דזשעק, האָבן מיר געשפּילט פאַר קליינע פּרייזן, איז קיינער נישט געקומען, און די מוזיקער מיטן כאָר האָבן געקאָסט אַ שלאָגל מיט געלט. וואָס־זשע האָב איך געטאָן? האָב איך אַרויסגעוואָרפן אַ העלפט פון די מוזיקער, אָפּגעזאָגט אַ העלפט פונם כאָר און געהעכערט די פּרייזן אויף צוויי מאָל אַזוי פיל ווי פריער, האָט מען אָנגעהויבן גיין. (אַנדערש) וויפיל ווילן זיי, די שווערדישע טענצער?

דזשעק: 32 הונדערטער אַ וואָך און אַ גאַראַנטיע אויף 16 וואָכן.

מנאַכעם־יאָזעף: דאָס איז צופיל! ס'וועט נישט לוינען. אַ כויץ דעם זענען זיי צו־גוטע טענצער. דעם אַמעריקאַנעם אוילעם וועלן זיי נישט געפעלן ווערן. וואָס הערט זיך עפּעס וועגן אַ פרוי, וואָס האָט געשאָסן עטלעכע מענער? אָדער עפּעס אַ שיין מיידל, וואָס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון 21טן עטאַזש און נישט דערהאַרגעט געוואָרן?

דזשעקעלע: פאַרן איינע אַזאַ פרוי.

מנאַכעם־יאָזעף (דערפרייט): וואָס האָט זי געטאָן?

דזשעקעלע: זי האָט שוין דריי מאָל איינגעשלונגען די אייגענע ציין. די בלעטער זענען פול מיט איר.

מנאַכעם: גוט, ברייננג זי אַהער, מיר'ן אַרויסשטעלן איר נאָמען אין דרויסן פאַרן טעאַטער אין עלעקטרישע אויסיעס. קען זי זינגען?

דזשעק: ניין.

מנאַכעם: קען זי טאַנצן?

דזשעק: אויך נישט.

מנאַכעם: קען זי שפּילן אויף אַן אינסטרומענט?

דזשעק: אויך נישט.

מנאַכעם: קען זי גיין אויף אַ שטריק? קען זי העקלען אַ זאָק מיט די פיס?

דזשעק: אויך נישט.

מנאַכעם: איז זי אַ שיינע?

דזשעק: אויך נישט. (אומעטיקלעך) זי קען גאָרנישט, אַ כויץ שלינגען די אייגענע ציין.

מנאַכעם: אויב אַזוי, וועט זי זיין גוט שפּעטער, אין סעזאָן. אָבער איצט, אָנהויב ווינטער, דאַרף מען עפּעס אַ גרעסערע זאַך. ס'זאָל אַ נעם טאָן, ס'זאָל זיך עפּעס טו־ען, פאַרשטייסט?

דזשעק (פאַרטראַכט זיך): איך האָב עס!

מנאַכעם: וואָס?

דזשעק: אַ... שפּייער!

מנאַכעם: אַ שפּייער! וואָס הייסט אַ שפּייער?

דזשעק: ס'איז אַ נייע זאַך. ס'איז אַ באָכער, וואָס ער קאָן שפּייען ווייטער פון אַלע מענטשן. זיי רעקאָרד איז: 6 מעטער.

מנאַכעם: זעקס מעטער איז גאָר נישט אַזאַ מציע. מיר דוכט זיך, אַז מ'האָט שוין געשפּיגן ווייטער. מ'האָט אים שוין אַ ר י ב ע ר ג ע ש פּ י ג ן.

דזשעק (באַליידיקט): וואָס רעדט איר, מר. מנאַכעם־יאָזעף? זעקס מעטער האָט באַ אונז נאָך קיינער נישט געשפּיגן, אַ כוץ דעם פילאַדעלפיער שפּייער. אָבער יענער איז שוין געשטאָרבן.

מנאַכעם (פילאָזאָפיש־ערנסט): אָט אַזוי שטאַרבן אָפּ די בעס־טע מענער פון לאַנד. (פּויזע). וויפיל וועט ער נעמען?

דזשעק: דער שפּייער? ער'ט נעמען פון דער פאָרשטעלונג, 450 דאָלאַר אַ פאָרשטעלונג. כ'מיין, אַז ער פאַרדינט דאָס ערלעך.

מנאַכעם: פאַרדינען פאַרדינט ער דאָס אוואַדע, וועגן דעם איז קיין רייד נישטאָ! נאָר פאַר מיר איז דאָס צופיל. אַרבעטן לשיים אידעאַל בין איך נישט מעכויעוו, איך וויל נישט אַראָפּברענגען מאַ־שיאַכן.

דזשעק (כאַפּט זיך אָן פאַרן לעצטן וואָרט. סי פאַלט אים עפּעס איין): וואָס האָט איר געזאָגט מאָשיאַכן. מאָשיאַכן. שאַ, פאַרוואָס טאַקע נישט אַראָפּברענגען מאָשיאַכן? אָן מ'קאָן מאַכן אַ דאָלאַר, פאַרוואָס נישט? מיט וואָס איז מאָשיאַך ערגער פון דעם שפּייער?

מנאַכעם: דו רעדסט ג ל א ט א ז ו י, צי דו מיינסט „ביזנעס"?

דזשעק: איך מיין „ביזנעס (רוקט זיך צו נענטער צו אים, הויבט אָן „פּלאַמען" און „גיסן"): איר פאַרשטייט, ס'איז אַזוי: אין אַמעריקע האָבן מיר העכער אַזוי פיל און אַזוי פיל אידן. פון דעם האָבן מיר אין ניו יאָרק אַליין אַזוי פיל און אַזוי פיל אידן. בין איך גערעכט, צי ניין?

מנאַכעם: גערעכט.

דזשעק: נו, גוט, רעכענען מיר אַזוי: יעדער איד וואַרט, אַז מאָשיאַך זאָל קומען. און יעדער איד, וואָס וואַרט, אַז מאָשיאַך

זאָל קומען, קען קויפן, זאָגן מיר, אַ בילעט פאַר... אַ דאָלאַר מיט 75 סענט. בין איך גערעכט, צי ניין?

מנאַכעם: גערעכט.

דזשעק: איז רעכענען מיר אַזוי: אַ צוויי טויזנט מענטשן אַ נאַכט צו אַ דאָלאַר מיט 75 סענט, האָבן מיר אַזוי גרויס ווי דריי טויזנט 500 דאָלאַר אַ נאַכט. בין איך גערעכט, צי ניין?

מנאַכעם: גערעכט.

דזשעק: איז רעכענען מיר אַזוי (רעכנט אָף פּאַפּיר): 7 פאָר־שטעלונגען אַ וואָך, אַ כּוּץ צוויי בייטאָגיקע פאָרשטעלונגען, שאַבעס און זונטיק, האָבן מיר 9 פאָרשטעלונגען אַ וואָך, צו 3,500 דאָלאַר אַ פאָרשטעלונג. האָבן מיר אַזוי גרויס...

מנאַכעם (קיל און פּאָרזיכטיק): וואַרט אויס, מיר'ן פאַר־ריגלען די טיר (טוט עס, קוקט זיך אַרום, צי קיינער הערט נישט). האַקלאַל, סי געפעלט מיר, ס'איז אָפּגעמאַכט. נאָר וואו נעמט מען אַ מאָשיאַכן?

דזשעק: וואַרט'ס אויס, מיר'ן נאָך רעדן וועגן דעם אויך. דער־ווייל רעכענען מיר אַזוי: (נעמט ווידער פּאַפּיר, רעכנט, שרייבט, מעקט, צעקנייטשט די באַשריבענע פּאַפּירן, וואַרפט אַוועק) אַ כּוּץ די 3,500 דאָלאַר אַ פאָרשטעלונג, קענען מיר נאָך האָבן פּריוואַטע אויסלייזונגען אויך. יעדער איד, וואָס וויל אויסגעלייזט ווערן, זאָל איינצאָלן 35 דאָלאַר. אָדער נאָך בעסער: מיר מאַכן אַן אַקציען־אויסלייז־געזעלשאַפט, אַף מאָשיאַכס נאָמען טאַקע. ווי הייסט ער דאָרטן, דער אידישער מאָשיאַך?

מנאַכעם: דער רואַך ווייסט אים.

דזשעק: נו, גוט, ס'מאַכט נישט אויס. מיר רופן די געזעל־שאַפט איינפאַך: „די ערשטע מאָשיאַך אויסלייז־געזעלשאַפט" צו 5 דאָלאַר אַן אַקציע, און אַז מ'האָט 15 אַקציעס, ווערט מען אויס־געלייזט.

מנאַכעם (פאַרגעסט זיך אַף אַ מינוט): פון וואָס?

דזשעק: לאָמיר אַזוי וויסן פון בייז! וואָס איז דער כילעק! אידן ווילן, מ'זאָל זיי אויסלייזן? גוט, לייזן מיר זיי אויס. דער איקער איז, ס'וועט זיך אַ ביסל טו־ען. האַ, וואָס זאָגט איר, מר. מנאַכעם־יאָזעף? אַ־יאָ, ס'איז אַן איינפאַל?

מנאַכעם: אַן איינפאַל איז דאָס. איבערהויפּט געפעלט מיר די אידייע, ווייל זי איז אַ דעמאָקראַטישע. נישטאָ באַ אונז קיין אָרים און קיין רייך—ווער ס'גיט 5 דאָלאַר, דער ווערט אויסגעלייזט. נישט מער די אָרימע וועלן זיך אויסלייזן אַ ביסל שוואַכער. ווייל זיי וועלן

זיך מוזן אויסלייזן ביסלעכווייז.

דזשעק: מ׳קאָן אויסלייזן אַף ראַטעס — ספּעציעל פֿאַר אָרימע מענטשן, אַ מין דריטע קלאַס אויסלייזונג. זאָגן מיר אַזוי: מ׳צאָלט איין 50 סענט אַ טאָג, אין 10 טאָג האָט מען אַ קופּאָן, אין 150 טעג אַרום איז מען אַן אויסגעלייזטער מענטש.

מנאַכעם (טראַכט און טראַכט): האַקלאַל, וואָס מער איך באַטראַכט די זאַך, דזשעק, אַלץ מער גפֿעלט זי מיר. דאָס געפֿעלט מיר נאָך בעסער פֿונם שפּייער. דאָס הייסט, דער שפּייער איז אויך נישט שלעכט, זאָלסט נישט מיינען, נאָר ער וויל צופֿיל געלט. אַז מיר׳ן מאַכן געלט באַ מאָשיאַכן, וועלן מיר דערנאָך קאָנען אַראָפּברענגען דעם שפּייער אויך. די גאַנצע זאַך איז, וואו נעמט מען אַ... מאָשיאַכן?

דזשעק: איך האָב שוין אויך געטראַכט וועגן דעם. וואו נעמט מען טאַקע אַ מאָשיאַכן? שאַט, איך האָב עס. איך האָב אַ גרינעם פּעטער. ער איז ערשט פֿאַר צוויי וואָכן אַראָפּגעקומען אַהער פֿון גאַליציע. ער טראָגט נאָך אַ סאַמעטענעם קאַפּעליוש, און פּייעס. איז אַזוי: ווען מ׳קאָן אים איינרעדן... שאַט... איכ׳ל אים באַלד טאַקע אָנקלינגען. (אין טעלעפֿאָן) העלאָ, דזשעקסאָן 4031. יעס. העלאָ, פּעטער! פּעטער סימכע! דאָס רעדט דזשעק, יאַנקל, יאָ, יאַהנקל. הערט, פּעטער, איך האָב פֿאַר אייך אַ געשעפֿטל. כאַפּט זיך אַריבער אַהער. נעמט די קאַר און גייט אַראָפּ אַף דער 43טער גאַס, ס׳איז נאָענט. אָבער קומט באַלד, מיר׳ן וואַרטן. האַ! וואָס? יאָ, אַוואַדע, וואָדען אומזיסט? נו, גוט, אָבער זאָמט זיך נישט, פּעטער, גוד־באַי (הענגט אויף דעם טעלעפֿאָן). ער׳ט דאָ באַלד זיין, דער פֿויגל. איר׳ט אים אָנקוקן. אויב דאָס איז נישט דער עמעסער מאָשיאַך, ווייס איך שוין נישט. דער איקער, מ׳עט אים קאָנען קריגן וואָלוול, ווייל ער גייט אַרום אָן אַרבעט, און דאַצו איז ער נאָך אַ קראַנקער אויך, קיין שווערע אַרבעט קאָן ער נישט טאָן, און אַף די פֿיס קאָן ער אויך נישט שטיין צופֿיל. ער האָט נעבעך אַ... (זאָגט אים עפּעס אַפֿן אויער).

מנאַכעם: סי מאַכט נישט, פֿאַרקערט, ס׳איז נאָך שענער! אַ אידישער מאָשיאַך דאַרף האָבן אַ... מ׳דאַרף שוין אָנהויבן טראַכטן וועגן אַ פּאָוסטער (אַפּיש), ס׳זאָל זיין עפּעס אַזוינס, ס׳זאָל שרייען געוואַלט. מיט אַ פּאָרטרעט פֿון מאָשיאַכן און מיט כסימעם פֿון ראַבאָ־נים און גאַלאָכים, און מיט די אַלע זאַכן. ס׳זאָל זיך אַ ביסל טו־ען. (קלינגט דער שוואַרצער טעלעפֿאָן) ווער רעדט עס, האַ? וואָס? דער מאַן פֿון מעבל־געשעפֿט? (בייז) ניין (פֿאַרענדערט זיך אַ ביסל סיקאָל) ניין, מנאַכעם־יאָזעף איז נישטאָ אינדערהיים. האַ? וואָס? יאָ. אַוועקגעפֿאָרן. אַוועקגעפֿאָרן? האַ? אַף ווי לאַנג? אַף אַ

יאָר. (קורץ) גודבאַי! (איידער ער האָט נאָך געענדיקט, האָט שוין געקלונגען דער אַנדערער, „קליינער טעלעפאָן". ער האָט אים גע־האַלטן אין האַנט און האָט אים אַרומגעגלעט מיט ליבשאַפט, בעאייס ער האָט אין יענעם אַפּאַראַט אַריינגעזאָגט גודבאַי. איצט רעדט ער ווייך און זייער לירישׂ) האַ? אַנאַ? וואָס מאַכסטו, קרוין? יאָ, אַלצדינג אין אָרדנונג. איך און דזשעק פאַרענדיקן איצט אַ גרויס געשעפט. דער געלער יוויכינטשע וועט אויסקוקן ווי אַ שיפּע־זיבעטל קעגן אונז. האַ? ניין, איך קאָן דיר נישט זאָגן דורכן טעלעפאָן. יאָ, גאָלד מיינס. אַ דאַנק. שאַ, וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? ווהאַט? יעס? נו, גוט. גודבאַי, סוויטהאַרט, גודבאַי, גודבאַי! (קלינגט ווידער יענער גרויסער טעלעפאָן, נאָר איידער ער איז פאַרטיק. קוקט ער אַף יענעם טעלעפאָן בייז. דער איבערגאַנג פון גוטצקייט אַף שלעכצ־קייט דאַרף זיין אַ פלינקער) האַ? וואָס? ווער רעדט? דער מאַן פון די עלעקטרישע לאָמפּן? (פלוצים זייער מילד צו דזשעקן, בעאייס ער אַליין האַלט צו דאָס מונדשטיקל פון טעלעפאָן) ווייסט, ווער ס'איז געווען? ס'איז געווען אַנאַ די דייטשקע, פון צירק. (ווידער אין טע־לעפאָן אַריין) האַ? ניין, מר. מנאַכעם־יאָזעף איז נישטאָ (ווינקט צו דזשעקן, ער זאָל נעמען דעם טעלעפאָן).

דזשעק (רעדט אינם זעלביקן טאָן, ווי מנאַכעם יאָזעף): האַ? וואָס? ניין, נישטאָ, מר. מנאַכעם יאָזעף איז אַוועקגעפאָרן. וואוהין? קיין אַרגענטינע. יעס, גודבאַי!

מנאַכעם (אויפגערעגט): געלט, גיב זיי געלט, עפּעס אַזוי ווי געלט וואָלט געווען אַלץ, נאָר גיב זיי געלט. געלט. (אַנדערש, פּראַק־טיש, נעמט אַ בלייפעדער אין האַנט אַריין) הייסט עס אַזוי: 3,500 דאָלאַר אַ פאָרשטעלונג, 9 פאָרשטעלונגען אַ וואָך, האָבן מיר אַזוי גרויס ווי... גייט אַראָפּ דירע־געלט... און ע... און ע... 85... 644, גייט אַראָפּ 19... בלייבט 18,000 מיט זעקס אַכטל, גייט אַראָפּ 31 מיט אַ זעקסטל, האָבן מיר 921 מאָל 811... 7 געהאַלט, גייט אָראָפּ 16... בלייבט אַזוי גרויס...

(אויפטו־יט מאָשיאַך. ס'הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר)

דזשעק: דאָס מוז זיין ער, דער פעטער. מ'דאַרף אָנטאָן ס'היטל. (צו מנאַכעם יאָזעפן) טוט אויך אָן ס'היטל. ער איז נאָך אַ גרינער איד, מיין פעטער, און אַ פאַנאַטישער. אַז ער וועט דערזען, אַז מיר זיצן מיט די הוילע קעפּ, וועט ער עפּשער אינגאַנצן נישט וועלן האַנדלען מיט אונז. (ביידע טוען אָן די היט).

(אַריין מאָשיאַך).

מאָשיאַך (אַן אַלטער, טאַמעוואַטער איד, מיט אַ בעזים־באָרד

און מיט פייעס געגרייזלטע, טראָגט אַ סאַמעטענעם קאַפּעליוש. אַ פּאַנאַטישער, ברויגעזלעך, קנאַפּ־רעדנדיקער פראָסטער איד, וואָס „איז אַריינגעפאַלן אין דעם וויסטן אַמעריקע". זיין גאַליצישער דיאַלעקט דאַרף געהאַלטן ווערן ריין, נישט איבערטרייבן. ער פאַרבייט די „ב" פאַר אַ „פּ").

דזשעק: שאָלעמאַליייכעם, פעטער. (גיט די האַנט) זעצט זיך.

מאָשיאַך (זעצט זיך): ס'ט'מעך פּאַדאַרפט? (פּיפּקעט אַ ליולקע).

דזשעק: דאָס איז מיין באַלעבאָס, מר. מנאַכעם יאָזעף.

מנאַכעם: שאָלעמאַליייכעם (גיט אים די האַנט, מעסט אים אָפּ, ווינקט מיט אַן אויג צו דזשעקן, אַז „ס'איז גוט").

מאָשיאַך: איז... נו? אשטייגער?

דזשעק (שטופּט מנאַכעם יאָזעפן, ער זאָל נעמען דעם איניען אין זיינע הענט אַריין).

מנאַכעם (וויל זיך צעהיצן): איז אַזוי, רעב פעטער. שאַ, ווי איז אייער נאָמען?

מאָשיאַך: מיין נאָמען? סימכע היים עך. אַקעגן וואוע?

דזשעק (צום פעטער אַפן אויער): דער מר. מנאַכעם יאָזעף איז זייער אַ גרויסער מאַן. האָט אַ גאָלדן האַרץ.

מאָשיאַך (טעמפּ, שווייגעריש): מ... האַרץ? נו, מיילע, וואָס־זשע ווילט עץ פון מיר?

מנאַכעם (פלינק, וויל קימאַט אַרויסשיסן „פּאַרהאַמליעוועט" זיך באַלד): פון אייך ווילן מיר אָט וואָס (אַנדערש): אין אַ טעאַטער זייט איר אַמאָל געווען, רעב ע... רעב סימכע?

מאָשיאַך: געווען איינמאָל, אין לעמבערג. סידען?

דזשעק: ס'איז גאָר נישט, דער הער מנאַכעם יאָזעף פרעגט גלאַט אַזוי.

מאָשיאַך: גלאַט אַזוי?

מנאַכעם (פּריוואַט ציען באַ אים ווערטער): איז ווי־זשע איז אייך געפעלן ס'טעאַטער?

מאָשיאַך: כ'וואַי, געפעלן? מיין טאָכטער האָט מיר איבערגעלאָזט אין קאָרידאָר, האָב איך אַריינגעקוקט און געזען, אַז ס'איז פינצטער, האָפּ איך נישט געוואָלט אַריינגיין. וואָס'ל איך זיצן אין דער פינצטער? אַז ס'איז לעכטיק געוואָרן, גיי איך אַריין. ווייס איך וואָס, ס'איז גאָרנישט. 10 גראַצער אַן עפּל, 15 גראַצער אַ פּלעשל סאָדאַוואַסער. לעשט'ן ווידער אוים די לעכט, גיי איך ווידער אַרויס אין קאָרידאָר און דריי מיך ווידער אַרום. וואָס'ל איך טין אין דער פינצטער? דערנאָך גיי איך ווידער אַריין. ווידער 10 גראַצער אַן

עפּל, 15 גראַצער אַ פּלעשל סאָדאַוואַסער. ווייסיך, ס'איז גוניש מיט גוניש.

מנאַכעם (פּלאַצט אַרויס אַלע ווײַלע אין אַ קאָמיש קורץ אָפּגע־שניטן געלעכטערל, כאַפּט זיך קריק, קראַצט דעם קאָפּ, איז פאַר־נומען מיט ראַיוינעס).

דזשעק (קלאַפּט אים אָף די פּלייצעס): נישקאָשע, פעטער, איר וועט זיך באַ אונז אויסגרינען, און נאָך פּאַרדינען געלט אויך. מיר'ן אייך געבן אַ גרינגע אַרבעט.

מאָשיאַך: אָבער שאַפּעס וועל איך כאָלילע נישט דאַרפן אַר־בעטן?

דזשעק: וואָס רעדט איר, שאַבעס גאָר אַרבעטן? וואָס זענען מיר, כאָלילע, נישט קיין אידן?

מאָשיאַך: איך ווייס? אין אַמעריקע, זאָגט מען, זענען דאָך אַפּילע די שטיינער אויך טרייפע.

דזשעק: גלויבט דאָס נישט, פעטער. אין אַמעריקע זענען דאָ אַ סאַך פרומע אידן, וואָס דאַוונען און בענטשן און וואַשן זיך צום עסן און גייען אין מיקווע אַריין, און גלויבן אַפּילע אין מאָשיאַכן.

מאָשיאַך (דערהערט דאָס וואָרט „מאָשיאַך", לאָזט ער אַרויס אַ געגרייזלטן זיפץ).

מנאַכעם: איז אַזוי... איר קריגט באַ אונז, הייסט עס, 35 דאָלאַר אַ וואָך באַלד פון אָנהויב.

מאָשיאַך (טאַמעוואַטע): עץ גיט מיר 35 דאָלאַר אַ וואָך. פאַר וואָו־עס?

מנאַכעם: גאָרנישט, גלאַט אַזוי, ווייל אייער באָרד געפעלט מיר (שפּיגלט זיך אין זיין באָרד). איר האָט זייער אַ שיינע באָרד.

מאָשיאַך (אַ ביסל האָפּערדיק): מ'אָ'מיר, באָרכאַשעם, שיינע בערד, פאַרוואָס נישט?

דזשעק: דאָס זאָג איך דאָך. אַ איד מיט אַזאַ באָרד, קיין אינאָרע, אין אַמעריקע.

מנאַכעם (גייט מיט אים ווי אַף גלאָז): איז... ע... פאַרוואָס זאָלט איר נישט, לאָמיר זאָגן... אַזוי צו זאָגן, הייסט עס... אַז ס'איז דאָ אַ מאָשיאַך אַף דער וועלט, גלויבט איר דאָך?

מאָשיאַך (סטאָם): וואודען? כ'גלויפּ נישט, כאָלילע! שיין וואָלט דאָס געוועזן.

דזשעק (נעמט איבער דעם פאָדעם): דאָס זאָג איך דאָך! ווי באַלד אַז אין מאָשיאַכן גלויבן מיר אַלע—(ווינקט מיט אַן אויג צו

מנאַכעמן) און קומען מוז ער... פאַרוואָס זאָל ער נישט קומען וואָס פריער?

מנאַכעם (כאַפּט זיך אַרויס): און אויב שוין יאָ קומען, פאַר־וואָס זאָל ער נישט קומען דירעקט פאַר אונזער פירמע? מיר ברענגען אַראָפּ די גרעסטע מענטשן. פאַראַיאָרן האָבן מיר געהאַט דזשעק דעמפּסין און קיד מ'קאָי. פאַר צוויי יאָרן האָבן מיר געהאַט אַ מענטש וואָס האָט געקייט טשוועקעס.

מאַשיאַך: טשוועקעס?

דזשעק: טשוועקעס, פעטער לעבן, אַזוינע־אָ טשוועקעס! (ווייזט די לייננ פון די טשוועקעס) פלעגט ער צעקייען.

מנאַכעם: און די פרוי מיט די דריי פיס ווער האָט אַראָפּ־געבראַכט?

דזשעק: מיר! אַלץ מיר!

מנאַכעם: איז הייסט עס אַזוי, אָט איז אַ פּאַפּיר, און איר שרייבט אונטער. (שרייבט עפּעס האַסטיק אָף אַ פּאַפּיר, גיט אים אונ־טערצושרייבן).

דזשעק: שרייבט אונטער, פעטער, אַזאַ גליק טרעפט זיך איינ־מאָל אין 100 יאָר. פאַרגעסט נישט, 35 דאָלאַר אַ וואָך פאַר אַ גרינעם.

מנאַכעם: ס'איז אַ סאַך געלט, אָבער איך טו עס צוליב אייער פּלימעניק דזשעקן, און ווײַלע... ווייל אייער באָרד געפעלט מיר. איר האָט אַ שיינע באָרד.

מאַשיאַך (האַפּערדיק): דאַנקען גאָט, בערד האָבן מיר אַלע שיינע אין אונזער מישפּאָכע, נאָר קיין פּי־נו־סע האָבן מיר נישט.

דזשעק: ס'וועט זיין פּאַרנאָסע אויך, פעטער, אַבי געזינט! שרייבט אונטער.

מאַשיאַך: אָף אידיש?

מנאַכעם: אָף אידיש. אוואַדע אָף אידיש. עפּעס מיינט איר, אַז אין אַמעריקע איזן סאַמע גאָיעם.

מאַשיאַך (שרייבט זיך אונטער): כ'מיין נישט, נאָר 'ט'אָביך שוין געמאַכט אַ קלעק, זאָל איך אויסלעקן?

מנאַכעם: ניין, ניין, לאָזט עס. ס'עט זיך שוין אויסטריקענען.

דזשעק: נו, לאָז זיין אין אַ גוטער שאָ, פעטער. (דריקט אים די האַנט).

מנאַכעם: אַז איר'ט זיך האַלטן ווי אַ מענטש, וועט איר באַ אונז עסן ברויט מיט פּוטער.

דזשעק: אוואַדע וועט דער פעטער טאָן, וואָס מ'וועט אים

הייסן. וואָס איז ער עפּעס אַ אינגעלע, ער ווייסט נעבעך ג'ט דעם טאַאַם פון פּאַרנאָסע.

מנאַכעם: שפּעטער אַז די געשעפטן וועלן אַוועקגיין גוט, וועלן מיר אייך געבן נישט קיין 35 דאָלאַר אַ וואָך, נאָר 45 דאָלאַר...

דזשעק: און עפּשער טאַקע די גאַנצע 50. (צום פּעטער, שטיי־לערהייט), 50 דאָלאַר, איר ווייסט וואָס דאָס הייסט? דאָס הייסט אויף אייער געלט 500 זלאָטעס אַ וואָך. איר'ט ווערן אַ גוויר.

מאָשיאַך: לאָזן מיר נאָר זען, עז ג'יז מיר 35 דאָלאַר אַ וואָך, 40 דאָלאַר אַ וואָך, 50 דאָלאַר אַ וואָך, אָבער וואָס איך דאַרף טין זאָגט עז מיר נישט.

דזשעק: איר דאַרפט גאָרנישט טאָן, פּעטער, וואָס דאַרפט איר דען טאָן?

מאָשיאַך: וואָס דען דאַרף איך טאָן?

מנאַכעם: טאָן? כ'וויים, אַמאָל דאָרט. זיך האַלטן ווי אַ מענטש. פרום, הייליק. ווי אַ גרויסער רעבע, איר פאַרשטייט? דער איקער איז הייסט דאָס די באָרד מיט די פּייעס. איר זאָלט כאָלילע נישט רירן די באָרד מיט די פּייעס.

מאָשיאַך: וואָס רעדט איר? (כאַפּט זיך באַ באָרד און פּייעס, ווי צו שיצן זיי קעגן אַן אומגליק). כאָלילע! (שמייכלט לייטזעליק) איז פאַר דער באָרד מיט די פּייעס געט איר מיר 35 דאָלאַר אַ וואָך?

דזשעק: וואָס דען מיינט איר, פּעטער? אין אַמעריקע ווייסט מען באָרכאַשעם ווי אָפּצושעצן אידישקייט.

מאָשיאַך: איז אַוואַדע שיין. זאָל אייך גאָט העלפן. נו, וועל איך שוין גיין אַהיים.

מנאַכעם: וואַרט צו, מיר דאַרפן אייך נאָך פאָטאָגראַפירן.

מאָשיאַך: צו וואָ־עם?

דזשעק: וואָס אַרט אייך, פּעטער, מיר דאַרפן דאָס האָבן פאַר די... געשעפטן.

מאָשיאַך: וואָסערענע געשעפטן?

מנאַכעם: מיר דאַרפן ווייזן פאַר דער וועלט, אַז ס'איז נאָך דאָ עמעסע אידן אין אַמעריקע.

דזשעק: לאָזט זיך, פּעטער, וואָס אַרט אייך? מוישע מאָנטע־פיאָרע האָט געמעגט נעמען אַ „פּיקטשע", און איר נישט?

מאָשיאַך: כ'וויים. נו, מיילע. (גיט זיך אונטער).

דזשעק (רופט אַריין פון אַ צווייטן צימער): העי, דזשים! ברענג די קאַמערע!

(אויפטריט דזשים)

דזשים (ער איז אַן אירלענדישער מענטש, מיט אַ רויט פּנים, קײט און שפּײט קטײדער, די אַרבל פאַרקאַטשעט, ער טראָגט אַ װײסן קאַשקעט מיט דער אויפשריפט פון אַ מעל־פירמע „העקערסי מעל"— פון יענע קאַשקעטן, װאָס די מעל־פירמע גיט אַװעק אומזיסט פאַר רעקלאַמע. ער ברענגט די קאַמערע): װעמען?

דזשעק: אָט יענעם אידן.

דזשים: אינגאַנצן, צי בלויז דעם קאָפּ? (שפּײט).

דזשעק (צו מנאַכעמן): װי מײנט איר? איך מײן, דעם קאָפּ אַלײן איז גענוג.

מענאַכעם (שפּאַסיק): דער קאָפּ אַלײן איז אויך צופיל, װען מ'קען אַראָפּנעמען בלויז די באָרד.

מאַשיאַך (כאַפּט זיך פאַר דער באָרד): װאָס רעדט איר?

דזשעק: שרעקט זיך נישט, פעטער. מיסטער מנאַכעם יאָזעף מײנט אַראָפּנעמען אַ ב י ל ד פון דער באָרד.

מאַשיאַך: אַזוי די „מאַנסע"! אַבי כ'האָב געמײנט...

(סצענע: דער פאָטאָגראַפשטשיק, אַ שטיקל לעץ, שטעלט אָן דעם אַפּאַראַט, װי אַ שיס־געװער. מאַשיאַך רוקט זיך אַלץ אַװעק. ער גײט אים נאָך מיט דער מאַשין, דרײט זי אַלץ אין אײן ריכטונג. לסאָף קריכט ער אַרונטער אונטערן שװאַרצן טוך און מאַכט מיט די הענט).

דזשים: נישט רירן זין.

מאַשיאַך (צו דזשעקן): עפּעס געפעלט מיר נישט, װאָס דער קערל באַהאַלט ס'פּנים. זאָג אים, יאַנקל, ער זאָל מיר נישט טאָן קײן רישעס!

דזשעק: האָט קײן מוירע נישט, פעטער, ער'ט אײך נישט טאָן קײן רישעס.

מאַשיאַך: אויב ער װיל מיר נישט טאָן קײן רישעס, פאַרװאָס זשע באַהאַלט ער זיך?

דזשעק: מי מוז אַזוי, פעטער.

מאַשיאַך (גיט זיך אונטער): נו, מײלע, אז מי מוז, מוז מען, ס'עט נישט װײ טאָן, יאַנקל?

דזשעק: ס'װעט נישט װײ טאָן, פעטער, פאַרװאָס זאָל װײ טאָן?

מאַשיאַך: איך װײס פאַרװאָס סי זאָל װײ טאָן? ס'איז דאָך אמעריקע דערױף.

דזשים (לאָדט־אָן די „קעמערע"—מאָשיאַך שרעקט זיך): שמייכעלט א ביסל, פּליז!

מאָשיאַך: פאַרוואָס זאָל איך שמייכלען? (צו דזשעקן) איך מוז שמייכלען, יאַנקל?

דזשעק: איר מוזט, פעטער.

מאָשיאַך: מיילע, אַז מ'מוז — מוז מען (שוואַך) וואַרטס אויס אביסל, געץ מיר אביסל וואַסער! ס'איז מיר ניִשט גוט!

דזשעק: — (דערלאַנגט אים וואַסער ער טרינקט ווי איינער באַם כאַלעשן...)

דזשים: (אומגעדולדיג) נו, שמייכלען! (בייז) נו, שמייכעלט דאָך, גאָט פאַרדאַמט!!

מאָשיאַך (דערשראָקן, שמייכלט ווי איינער, וואָס מ'האָט אים דעם האַלז איבערגעשניטן, גיט אַ „קניאַק" דאָס ליכט. מאָשיאַך דערשרעקט זיך, פאַלט אַראָפּ פון בענקל.

דזשים: — (אָפּ שמייכלענדיג, קוקט אַף מאָשיאַכן ווי אַף אַ ווילדן מענטשן).

מאָשיאַך (קרעכצט): ס'קומט נישט אָן אַזוי גרינג ס'שטיקל ברויט. (זעצט זיך).

דזשעק: — (העלפט אים).

מאָשיאַך: — נ, דאַנקן גאָט איבערגעקומען. נו, קאָן איך שוין גיין?

(דורך דער צייט האָט מענאַכעם־יאָזעף זיך דורכגעשמועסט מיט דזשעקן).

מענאַכעם יאָזעף (פאַררויכערט אַ ציגאַר): איכ'ל אייך זאָגן דעם אמת. איך מיין, ס'וואָלט געווען גלייכער איר זאָלט טאַקע באַלד אָנהויבן. (צו דזשעקן). מ'דאַרף באַארבעטן די פּרעסע, מ'דאַרף אָנקלינגען די רעפּאָרטערס, זיי זאָלן זאַריז קומען (דערמאָנט זיך), די רעדאַקציעס אליין דאַרף מען אויך געבן צו וויסן, איידער זיי גייען צום דרוק. — אפשר וועט נאָך היינט אריין די ניים. (צו דזשעקן): נעם אים דערווייל אריין אין אַנדערן צימער דעם פויגל דיינעם.

דזשעק (צו מאָשיאַכן): קומט, פעטער, מיר'ן דערווייל אריינגיין אַהינצו.

מאָשיאַך: — צו וואָס?

דזשעק: מי מוז, פעטער, מי מוז.

מאָשיאַך: נו, אַז מי מוז — מוז מען. (דזשעק און מאָשיאַך אָפּ).

(נאָך איידער זיי זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן, פאַלט מענאַכעם־יאָזעף צו צום טעלעפאָן און הויבט אָן „רעדלען" זייער האַסטיק און צעפלאַמט).

מענאַכעם: — העלאָ, העלאָ, די געלע צייטונג? דאָס איז איך, מענאַכעם־יאָזעף, אַ געוואַלדיגע סענסאַציע. מאָשיאַך, יעס, מאָשיאַך, — ער וועט אויסלייזן אין דרייערליי קלאַסן... יעס, דרייערליי קלאַסן אויסלייזן... שבת און זונטאג מאַטינע, יעס, פאַר אַלע שיכטן, האַ? יא, געקומען ספּעציעל פאַר אונזער פירמע, יעס, שטעלט א גרויסן קאָפּ... צי ער לייזט אויס סאָציאַל דעמאָקראַטן אויך? אַוואַדע, ער איז אליין אַ סאָציאַל דעמאָקראַט. האַ? ס'וועט באַלד אריין? נאָך אין דער היינטיגער צייטונג? זייער גוט. שיקט גלייך אייער רעפּאָרטער... אַ דאַנק... גודביי... (הענגט אויף דאָס טעלעפאָן־טרייבל, נעמט באַלד קריק)) העלאָ, די שוואַרצע צייטונג... יעס, איך... אַ געוואַלדיגע סענסאַציע... מאָשיאַך... יעס, ספּעציעל פאַר אונז... צי ער לייזט אויס ציאָניסטן אויך? אַוואַדע... ער איז אליין אַ ציאָניסט יע. פינעף דאָלער אַן אַקציע... יאָ, אַף אויסצאָלן אויך... אָבער בעסער איז, אַז מען נעמט מיט אַמאָל אַלע צען אַקציעס... זעט, ס'זאָל אַריין נאָך היינט... און שיקט־צו אייער רעפּאָרטער, יעס... סי וועט זיך טוען אַבסיל... גודבאַי. (לייגט ווידער אַוועק דעם אַפּאַראַט, הויבט ווידער אויף) העלאָ די גרויע צייטונג. יאָ, דאָס רעדט מענאַכעם יאָזעף, אַ גוואַלדיקע סענסאַציע, מאָשיאַך... ספּעציעל פאַר אונזער פירמע. צי ער לייזט אויס פּאָאַלע ציאָניסטן אויך? אַוואַדע, ער איז אַליין פּאָאַלע ציאָניסט, זעט ס'זאָל נאָך אַריין אין היינטיקן נומער, מיט אַ גרויסן קאָפּ: „מאָשיאַך אין אַמעריקע" יא? גוט, א דאַנק, יעס... שיקט טאַקע גלייך צו אייער רעפּאָרטער.

(לייגט אַוועק דעם אַפּאַראַט, ער איז פאַרמאַטערט, ווישט זיך דעם שווייס... דערמאָנט זיך) שאַ, מ'דאַרף דיקטירן נאָטיצן און אַנאָנסן פאַר דער פּרעסע. כ'האָב גאָר פאַרגעסן (רופט אַריין אין דער טיר לינקס פון וואַנען דזשים איז פריער געקומען): פלאָסי!

אויפטריט פלאָסי

פלאָסי: — (אַ יונג מיידל מיט אַ שיין נאַריש פּאָנים אָנגעטאָן אין זייער אַ קורצער קליידל און זיידענע זאָקן, געפאַרבט און געשמירט — פאַלש־רויטע ליפּן, פּאַפּירענע מאַנזשעטן אף אַ גרין ציכטיג זיידן יאַקל, זי האָט אַ בלייפעדער אריינגעשטעקט אין פאַלש־בלאָנדן קאָפּ האָר, רעדט זייער קיל, איז זיך באַוואוסט אָן אַ שיר, אַז זי איז פון שענערן געשלעכט, און אַז דער באַלעבאָס איז נישט

גלייכגילטיג צו איר. האַלט אַ נאָטיץ־ביכל און בלייפעדער אין האַנט) יעס!

**מענאַכעם**: — (פאַרליבט ווי אַ קאַץ) זעץ זיך לעבן מיר, פלאָסי, אזוי אָ, איך וויל דיר דיקטירן... (ער וויל זי אַ טשעפּע טאָן).

**פלאָסי** (קלוימערש זי וויל נישט): דיקטירט! אָבער נאָר מיטן מויל... איך האָב דאָס נישט ליב.

**מענאַכעם**: — אַלע זאָגן זיי אזוי.

**פלאָסי**: — איך בין נישט אַלע, איך בין איך.

**מענאַכעם**: — (פאַרלירט פלוצים זיין ראָמאַנטישקייט, גייט איבער צו געשעפט שטריינג) איז הייסט דאָס אזוי: רעכענען מיר, (נעמט אַ בלייפעדער און רעכנט) אזוי... 10 צייטונגען, 8 וואָכנשריפטן... אַכוץ אַפישן, האַנט־צעטלען... איז האָבן מיר אזוי גרוים (צו פלאָסין, וואָס וואַרט מיט אַ שאַרפע בלייפעדער, וואָס זי האָט דערוויל פאַרשניצט אין דעם מאַשינדל, וואָס שטייט אָפן טיש). נעם דיקטאַציע, פלאָסי לעבן, נאָר מאַך ניט קיין טאָעסן.

**פלאָסי** (ברויגעזלעך): נו, לאָמיר שוין הערן!

**מענאַכעם**: — (דיקטירט מיט דער האַנט איבער די אויגן. ווי איינער וואָס וויל צונויפנעמען זיינע מאַכשאָוועס). מאָשיאַך אין אַמעריקע. קעפּל, אויסרופצייכן! די פירמע מענאַכעם־יאָזעף און קאָמפּאַני, קאָמאַ, האָט אַראָפּגעבראַכט מאָשיאַכן, שטרעכאַלע, ספּעציעל אַף אויסלייזן דאָס אידישע פאָלק, קאָמאַ, פון גאָלעס, פאַר אַלע קלאַסן און שיכטן, טאָפּלפּונקט, צו 5 דאָלאַר אַן אַקציע (אַנדערש) שוין אָנגעשריבן פינף דאָלאַר אַן אַקציע?... מעק אויס, פלאָסי לעבן, שרייב: פאַר אַלע קלאַסן און שיכטן, צו פינף דאָלאַר פאַר דעם גאַנצן אויסלייזן, — אויסרופצייכן! דער מאָשיאַך־מאָמענט, בינדשטריכל — איז דער גרעסטער — אונטערגעשטראָכן — מאָמענט אין אונזער געשיכטע, סעמיקאָלאָן, שוין אָנגעשריבן „אנוזער געשיכטע?" — מעק אויס, פלאָסי לעבן. שרייב: פון אונזער טראַגישער געשיכטע, פון אונזער—שרייב די־אַ־ספּאָראַ, די־אַ־ספּאָראַ, נאָר אָן גרייזן, דו שרייבסט אַלע מאָל די־אַ־ספּאָראַ מיט גרייזן.

**פלאָסי** (הויבט זיך אויף, גייט צו נעענטער, כיינדלט זיך): דאָס אַלעס, מר. מענאַכעם יאָזעף?

**מענאַכעם**: — (הויבט זיך אויף, טוט אָן די ברילן, נעמט זי אַרום ווי נישט אומיסנע, ווי קלוימערשט איבערצולעזן די נאָטיצן אין איר האַנט, זי ווערט זיך נישט — ער בויגט זיך איין איר אַ קוש צו טון, ס'הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר).

**פלאָסי** (אָפּ).

**מענאַכעם** (זיצט באַלעבאַטיש קריק אַף זיין אָרט): ווער איז דאָרטן?

**שטימען**: דער געלער.
דער שווארצער.
דער גרויער.

**מענאַכעם**: אריין!

(אויפטריט: גרויער, שוואַרצער, געלער).

דער גרויער אָנגעטאָן גרוי, וואָס איז ענלעך צו בלוי און אויך צו ווייס. דער שוואַרצער ווי אַ קלייקוידעש אין לויטער שוואַרץ און אין אַ יאַרמולקע. דער געלער, אַ פּעטלייביקער, טראָגט געלע בגאָדים, און אַ צילינדער אַף וועלכן ס׳זיינען אויסגעמאָלן 10 שטאָק, דער סימבאָל פון דער ניו יאָרקער געלער צייטונג „פּאָר־ווערטס").

**אַלע דריי**: (אין כאָר אָפּערעטיש):
מיר הויבן די הענט (טוען עס) צום הימל און שווערן.
מיר האָבן פּאַרנאָסע פון אידישע טרערן.
מיר גלויבן אין הייליקן אידישן וואָרט.
מיר גלייבן אין גאָט און מאָשיאַכן זיין קנעכט,
גיט אונז אַ דאָלאר און אַלצדינג ווערט רעכט.
מיר הייבן פון מאַכנע יעהודע דעם דעגל.
מיר קריכן דעם נאָגיד הינטער די נעגל.

(פון דאַנען אָן גייט דאָס שטיק ווי אַן אָפּערעטע, מיט אַלער־ליי „פּיינע" זשעסטן און אויפגעבלאָזנקייטן. אויב מעגלעך אין גע־זאַנג אָדער רעציטאַציע).

**מענאַכעם**: — זעצט, זעצט זיך מיינע הערן,
מיד זענט איר פון גאַנג דעם שווערן.

**אַלע דריי**: — (אין כאָר).
עס ווערט קיין מאָל נישט מיד,
דאָס פּינטעלע איד,
צו העלפן און טאָן
און הויבן די פאָן
פון אונזער גרויסן אמאָל.
דאָוויד מעלעך איסראָעל,

כאַי וועקאַיאָם!
כאַי וועקאַיאָם!
מענאַכעם (מיט דער האַנט באַם האַרץ, זינגט):
עס פרייט מיך זייער מיינע ליבע אידן,
וואָס איר זענט מיט מיר צופרידן,
און אויך מיט מיין איצטיגער גרויסער טאַט.
אָלע דריי אין כאָר:
זאָל לעבן מאָשיאַך, ווי־וואַט! ווי־וואַט!
מענאַכעם: — פאַרגעסט נישט אַז מאָשיאַך איז נישט קיין נאַר.
און ער האָט ליב דעם דאָ־לאַר,—
אַז ביזנעס איז הייליק, ווי גאָט און ווי טוירע,
און מאָשיאַך אַליין איז באַ אונז אַ שטיק סכוירע.
אַלע דריי:
זאָל לעבן, זאָל לעבן דאָס פּינטעלע איד,
וואָס לויפט נאָך פּאַרנאָסע און ווערט גאָרנישט מיד.
מענאַכעם: — אַלזאָ, מיינע הערן זיצט,
איך זע איר שוויצט.
(דער געלער, דער גרויער, דער שוואַרצער זעצן זיך אַלע גלייך ווי קאָמעדיאַנטן).
מענאַכעם: אונזער פּרעסע אַזוי אַ גרויסע מאַכט.
זי קאָן איינרעדן אַז טאָג איז נאַכט.
דאַפאַר בעט איך איך, ליבע לאַהט —
צו העלפן מיט ראַט און מיט טאַט.
אַלע דריי: מיר וועלן העלפן, העלפן, העלפן.
העלפן וועלן מיר
אָן אַ שיר.
מענאַכעם: — נו, כ'דאַנק אייך אַלע זייער שיין,
איר קאָנט שוין גיין.
נאָר פאַרגעסט נישט
שרייבן אין די בלעטער
אַז איך בין דער רעטער —
פון די יסראָעלים,
וואָס ליידן פונם ציילעם.
אַלע דריי אין כאָר: — (הויבן ווידער די הענט, גייען אַזוי אָפּ. באַם סאָף).
מיר שווערן צו שרייבן אין בלאַט,

אזוי ווי איר זאָגט אַקוראַט!
(אַלע דריי אָפּ מיט די הענט אין דער לופטן)

אויפטריט מאָשיאַך נאָך אים דזשעק

מאָשיאַך: — (צו דזשעקן) נו, גוט, אַז מע מוז — מוז מען.
דזשעק: — (קלאַפּט אים אַפּן פּלייצע) אָט אזוי רעדט איר ווי אַ מענטש, פּעטער...
מאָשיאַך: — (שמייכלט טאַמעוואַטע, דערמאָנט זיך), וואָס האָסטו געזאָגט, דאַרף עך זאָגן, אַז מי פרעגט מעך עפּעס? יאַנ־קעל?
דזשעק: — איך האָב געזאָגט, אַז וואָס מען זאָל אייך נישט פרעגן, דאַרף איך זיך אַ קנייטש טאָן און זאָגן: „כ׳מיין״... דער כ׳מיין דאַרף הייסן: „כ׳מיין יאָ, און כ׳מיין נישט, טײַטשט ווי איר ווילד, איר פאַרשטייט?
מאָשיאַך: — (ווי מ׳האָט אים געלערנט) — כ׳מיין...
(עס הערט זיך אַ געשריי פון די גאַסן „מ—אָ—ש—י—אַ—ך! „עקסטראַ!" „מאָשיאַך אין אַמעריקע!" „האָ — עקסטראַ" !... דער־נאָך אַ גערויש פון אַ גווּעמל מענטשן באַ דער טיר און געשרייען „מאָ—שי—אַך!").
מענאַכעם: — (קוקט ארויס דורכן פענצטער, הערט זיך צו). די בלעטער זענען שוין ארוים מיט די נײַס, דער אוילאָם גייט אַהער געדיכט ווי צאָרעס (צו דזשעקן) באַהאַלט אים!
דזשעק: — (צו מאָשיאַכן) קומט, פּעטער, דער אוילאָם דאַרף אייך נאָך נישט זען. ס׳איז נאָך צו פרי... די צייט איז נאָך נישט גע־קומען — לאָזן זיי צוערשט קויפן די אַקציעס... וואָס, זאָגט א י ר, פּעטער?
מאָשיאַך: — (ווי מ׳האָט אים געלערנט): כ׳מיין... (דאָס קען הייסן: כ׳מיין יאָ, כ׳מיין נישט).

אויפטריט אוילאָם:
איינער: — וואו איז מאָשיאַך?
צווייטער: מיר זענען געקומען נאָך מאָשיאַכן.
דריטער: — מיר ווילן אים זען מיט די אייגענע אויגן.
מענאַכעם: — (ווי אַ נאָווי). די צייט איז נאָך נישט געקומען, אידן.
איינער: גיט אונז מאָשיאַכן.

צווייטער: — מיר קאָנען לענגער נישט וואַרטן.
דריטער: — צו לאַנג האָבן מיר געוואַרט.
ערשטער: מאָשיאַך!
צווייטער: דערלויזער.
ערשטער: — מ'זאָג נישט „דערלויזער" נאָר „דערלייזער".
צווייטער: וואָס איז דער כילעק צי דערלויזער, צי דערלייזער, אַבי ער לויזט אויס.
ערשטער: — ער לויזט נישט אויס נאָר ער לייזט אויס.
צווייטער: — וואָס איז דער כילעק צי ער לויזט אויס צי ער לייזט אויס, אַבי ער איז אַ אויסלויזער.
דריטער: — מאָשיאַך! מאָשיאַך!
מענאַכעם: מאָשיאַך איז דאָרטן־אָ. (ווייזט) אָבער זען קענט איר אים נישט, ווייל די צייט איז נאָך נישט געקומען. (ס'ווערט אַ גרויסער טומל צישן אוילעם, וואָס שטופּט זיך אַריין. אַלע זאַמלען זיך אַרום דער טיר, וואוהין מאָשיאַך איז אַוועק מיט דזשעקן, אַ טייל טראָגן אָנגעצונדענע ליכט, אַנדערע לולאָווים, זיי זינגען ווי אין פּיעסע „שאַבסאַי צווי". צישן אוילעם איז סיראָוו ווייבער, קאַליקעס, בלינדע, בעטלערס).
הוישאַאַנאָ — לעמאַנעכאָ — עלאָעינו — הוישאַאַנאָ.
(דאָס געזאַנג איז זייער געהויבן. רירט זיך די טיר, אַליין גיבן זיך אַ לאָז אַהין, און סיקומט אַרויס מאָשיאַך, מיט אים דזשעק).
געשרייען: מאָ—שיאַ—ך! מאָ—שיאַ—ך!
(מען רינגלט אים אַרום, מען טאַנצט אַרום אים אין גרויס איסלאַוואוס).
מאָשיאַך: אידן. (ס'ווערט שטיל).
שטימען: „שאַ־שאַ" — מאָשיאַך וויל עפּעס זאָגן. (ס'ווערט זייער שטיל).
איינער: אָט עפנט ער ס'מויל!
צווייטער: — אָט רעדט ער!
דריטער: — ששששששאַאַ!
מאָשיאַך: עבכ'ל אייך זאָגן דעם עמעס, אידן. עך בין אַ פּראָסטער איד... אַ קראַנקער... איך דאַרף פּי־נו־סע (וויל זיך עס אַפּאָניס מיסוואַדע זיין, אַז מיהאָט אים אַריינגעשלעפּט אין אַ צאָרע).
דזשעק: — יעדער מאָשיאַך איז אָרעם...
מענאַכעם: — ווי אין פּסוק שטייט: אָני, אָן אָרימאָן...
געשרייען: מאָשי־אַך! מאָשי־אַך! מאָשי־אַך פון די אָרימע און דערשלאָגענע!

מאָשיאַך (וויל עפּעס זאָגן, אָבער דזשעק און מענאַכעם שטייען פון ביידע זייטן, האַלטן אַף אים אַן אויג) אידן...

מענאַכעם: אידן! מאָשיאַך איז אָרים און הונגעריק!... וואָס שווייגט איר?

דזשעק: — איך גיב די ערשטע 50 דאָלער. (נעמט ארויס אַן אַסיגנאַציע, לייגט אַוועק אפן טיש). ווער גיט מער?

מענאַכעם: איך גיב מיין דימענטענע שפּילקע... און מיינע פינגערלעך... (ער טוט עס אויס, און לייגט אַוועק די צירונג אפן טיש).

מאָשיאַך (גערירט קימאַט ביז טרערן): אידן, נישט... דאָס... מאַין עך...

דזשעק: — (וויל פאַרווישן דאָס לעצטע וואָרט). ס'איז נישט גענוג, אידן, גיט וויפיל איר קענט! גיט נאָך! שווייגט נישט.. וואָס שווייגט איר?... אידן... גאַזלאָנים!...

(דער אוילעם טוט אויס די זייגערס, אוירינגען, צירונג אַלערליי שאַלן, זיידוואַרג — מילייגט אָן אַפן טיש אַ גאַנצן באַרג מיט זילבער גאָלד, זייד און דימענטן, קוּרעלן, פּערל, א. אז. וו.).

מאָשיאַך: אידן!... כ'מאַין...

מענאַכעם: — אידן! גיט נאָך! שטייט נישט... ס'איז ווינציג!

(אידן און אידענעס קראַצן אויס די טייסטערלעך, גיבן אוועק דאָס לעצטע).

אויפטריט האָרבאַטש

האָרבאַטש: — (דערנענטערט זיך). איך בין אַן אָרימער קאַליקע. כ'האָב נישט קיין געלט און קיין צירונג. איך האָב נאָר אַ קאַמייע מיט אַ פּערל, וואָס מיין מאַמע אָלעאַהשאָלעם, האָט מיר געגעבן פאַר אַ סגולע קעגן אָרימקייט. גיב איך דאָס אוועק פאַר מאָשיאַכן. (ער נעמט אַראָפּ פון זיין צעקוועפּלטער ברוסט אַ קויטיג ביי־טעלע, וויקלט אַרויס פון צישן די שמאַטעס אַן איינציקע פּערל אַף אַ ברודיג שטריקל און טראָגט עס צו צו מאָשיאַכן אליין). נעמט עס צו מאָשיאַך הייליקער, און לייזט אונז אויס.

שטימען: — און באַפרייט אונז, מיר קאָנען שוין לענגער נישט וואַרטן.

— מאָשיאַך! — מאָשיאַך!

— בען דאָוויד... — דערלייזער!

— הושענא למענך אלהינו הושע־נא.

מאָשיאַך: — (שטייט מיט דער געשענקטער פּערל אין האַנט).

אידן, עך קען ניש... עך בין ניש... (מאַכט עטלעכע גרימאַסן ווי פון איינעם וואָס האַלט באַם פאַלן, פאַלט אום).

אוילעם: ער איז געפאַלן, אונזער מאָשיאַך!

— מאָשיאַך! — מאָשיאַך!

— די צייט איז נאָך נישט געקומען!

(הערשט גרויסער טרויער און שטילקייט, אַלע רינגלען ארום דעם געפאַלענעם מאָשיאַך. לאָזן אַראָפּ די קעפּ, זינגען זייער פאַרלוירן און צעבראָכן. שטילער געוויין פון צישן אוילעם).

אוילעם: אונזער קרוין, אונזער מאָשיאַך!

(דורך דער צייט רוקן זיך אַרויס נאָענט צו דער ראַמפּע מענאַכעם־יאָזעף און דזשעקעלע בלאָפער, דער לעצטער האַלט אין האַנט דעם זאַק מיט גאָלד און זילבער, וואָס ער האָט צונויפגעשווינ־דעלט. ער קלינגט מיטן „זאַק־רויב").

דזשעקעלע: — אַ שאָד, אַ גרינער פעטער, נעבעך! אָבער וואָס זענען מיר שולדיק? ביזנעס איז ביזנעס!

מענאַכעם יאָזעף: — נישט אומזיסט שטייט געשריבן אַז מאָ־שיאַך וועט קומען צו רייטן אף אַ פערד. ער איז געקומען צו רייטן אף אַ סאך פערד.

דזשעקעלע: — אָן פערד איז קיין מאָשיאַך נישטאָ. (אַנדערש). איצט וועל איך מיר קאָנען קויפן אַ נייעם אָטאָמאָביל, אַ גוטן.

מענאַכעם: און איך וועל קאָנען פאָרן מיט מיין דייטשקע קיין פלארידא. (שפּילט זיך מיט דער איינציקער פערל אַפן קויטיקן שטריקל).

(דער אוילאָם וויינט שטאַרקער און העכער, ביפראַט דער האָר־באַטש, וואָס האָט אַוועקגעגעבן די לעצטע פערל).

פ אָ ר ה אַ נ ג

# צווייטער אַקט

## ערשטע סצענע

(אַף דער בינע ווערט אַרויפגעפירט אַ גאָלדן קאַלב.
קומט אַ ליד, געזונגען פון אַלערליי בורזשוי־פאָלק)

הויך איז די זון און פלינק איז די שוואַלב,
דאָך הייליק עס איז בלויז דאָס גאָלדענע קאַלב.

מיר בוקן צו דיר און בעטן באַ דיר:
עפן אונז אויף צום הימל די טיר!

(אַלע בוקן זיך אין טאַנץ)

גאָלד! גיב אונז גאָלד! מיר בעטן באַ דיר!
עפן אונז אויף די גאָלדענע טיר!

לאָז אַף אונז רעגענען גאָלדענעם רעגן,
און גאָלד זאָל טאָן פלייצן אַף אַלע וועגן.

אָ, געטשקעלע, געטשקעלע, געטשקע פון גאָלד,
מיר האָבן פאַר דיר דאָך טייער באַצאָלט!

אָ, דו אונזער גאָט,
אונזער איינציקער גאָט,
אַלמעכטיקער גאָט.

(בוקן זיך ווידער)

גאָלד! גיב אונז גאָלד!
גאָלד, גאָלד, גאָלד!
געל גאָלד!
רענדעלעך, רונדינקע, בלוטיקע גאָלד,

אָ, גאָלד!
גיב אונז גאָלד!

געטשקע פון גאָלד, מיר דינען נאָר דיר
מיר בוקן צו דיר, און מיר בעטן צו דיר.

אָ, גאָלד,
גיב אונז גאָלד!

צווייטע סצענע

(טענצער פאַרשווינדן מיטן קאַלב, וואָס ווערט געפירט אַף רעדלעך)

(די בינע איז אַזוי צוגעגרייט, אַז סי גיט זיך דער שנעל־בייטנדיקער עפעקט פון הינטער־בינע און בינע. יעדער פאַרשוין ווערט געוויזן, ווי ער טוט זיך אָן. אַ דריי די פליגל־טירל און סי באַקומט זיך אַ גאַס אין קוני־איילאנד. אַ פאַנאָפּטיקום. אין די זייטן אַפּישן און רעקלאַמען פון „סייד־שאָו". אין דרויסן הערט זיך קסיידער אַ קאַפּעליע קלאַפּ־מוזיק, וואָס לישעט אין קאָפּ).

געלער יוויכינטשע (שפּעטער זיפּ): וואו איז דער אינדיאַנער? דער אינדיאַנער וואו איז? העי, פלאָסי, האָסט נישט געזען ערגעץ דעם אינדיאַנער אונזערן? מי דאַרף שוין אָנהויבן.

פלאָסי: דער אינדיאַנער וועט היינט נישט קומען.

יוויכינטשע: פאַרוואָס?

פלאָסי: ער האָט טעלעפאָנירט, אַז ער האָט היינט יאָרצייט נאָך זיין פאָטער און ער דאַרף גיין אין שול אַריין זאָגן קאַדיש.

יוויכינטשע: אָט דאָס האָט מען, אַז מי נעמט צו לאַנדסלייט. (געערגערט) איך בין קראַנק געוועזן צו נעמען אַ דייטש פאַר אַן אינדיאַנער, צי אַ פּאָליאַק! איז מיר איינגעפאַלן צו נעמען דאַווקע אַ אידן פאַר אַן אינדיאַנער, אַזאַ בעהיימע וואָס איך בין!

פלאָסי: איר דאַרפט זיך נישט ערגערן, מר. זיפּקין,—ער האָט סיי ווי סיי נישט קיין גרויסן באַטרעף! אַן אינדיאַנער, אויך מיר אַ פּאַרזעעניש. גלייבט מיר, מר. זיפּקין, אַז מיין כאָסן, די פרוי מיט דער באָרד, איז מער אַטראַקציע פון צען אינדיאַנער.

**יוויכינטשע:** דיין כאָסן, דיין כאָסן,—די פרוי מיט דער באָרד! מי הערט נישט מער, נאָר דיין כאָסן! ווער מיט עפּעס, זי מיט איר כאָסן, די פרוי מיט דער באָרד. (צווייידייטיק) האָלטסט עס טאַקע פאַר אים, פלאָסעלע? (שרייט אַרויס) טומל, טומל! לאָזן מאַכן טומל! ס הערט זיך אַ לישן פון אַ קאַפּעליע).

**פלאָסי** (מיט אַ שמייכעלע. קרייזלט זיך אַ לאָק. דערנאָך ציט זי דעם קיי־גומי פון מויל): ס'איז שוין נישטאָ וואָס צו האַלטן, מר. זיפּקין.

**יוויכינטשע:** אַזוי? ווער איז?

**פלאָסי** (גרינג): דער קאָוונער דייטש האָט דאָך מיר געגרויבט די ערע—איר ווייסט גאָר נישט?

**יוויכינטשע:** פיין, פיין, נישטאָ וואָס צו רעדן! אַזוי דינסטו מיר אָפּ פאַר דעם וואָס איך האָב דיר געגעבן אַ דזשאָב. מיט מיר שפּילסטו זיך און מיט אַנדערע—שלאָפסטו.

**פלאָסי** (רואיקער): סאָלרייט. איך וועל זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען, מיט דעם קאָוונער דייטש! ס'עט אים אויספאַלן באָקום. איך האָב אים אָנגעקלאָגט אַף 30 טויזנט דאָלאַר שאָדן־געלט, פאַר צעברעכן מיין האַרץ. זיין גליק איז נאָר, וואָס ער איז אַנטלאָפן און איך קען אים נישט געפינען, דעם פּאַסקודניאַק.

**יוויכינטשע:** האָסט אַ גוטן ביזנעס־קאָפּ אַף זיך, פלאָסי! (פאַרגעסט) האַקלאַל, נו... וואו איז ער, דער אינדיאַנער, פאַרברענט זאָל ער ווערן! מער נעם איך נישט אַריין קיין אידן אין מיין געשעפט אַריין—איך זאָל אַפילו וויסן וואָס! אידן ווילן באַ מיר מער נישט אַרבעטן, נישט אַלס טערקן, נישט אַלס אינדיאַנער, נישט אַלס כינעזער. (קוקט אַפן זייגער) איך האָב מוירע, מיר'ן היינט מוזן אָנהויבן מיט דיר, פלאָסי,—נעם לייג דיך אַוועק אַפן בעזים, און הויב אָן. שוין צייט. היינט אַ הייסער טאָג. פו! (ווישט זיך דעם שוויים).

**פלאָסי:** וואו איז דער בעזים?

**יוויכינטשע** (טשעפּעט זי צו צום בעזים, לייגט זיך האָריזאָנטאַל. דאָס ווערט געטאָן דורך צוטשעפּן אַ האַקן, וואָס איז צוגעפּעסטיקט צו דעם צוהאַלט פונם רוקן־שטאַנג, הינטער אירע קליידער. דער האַקן פאַרשליסט זיך באַהאַלטענערהייט אין דער ברייטער זייט פונם בעזים. גיט מען אַ דריי אַ ווענטל, זעט מען דעם אוילעם. די מוזיק קלאַפּט. דר בילעטן־פאַרקויפער ציט בילעטן פון אַ רעדל אַראָפּ, ער

רעדט און פּריוואַט מאַמעס מיט די הענט אַריינציען דעם אוילעם פון דרויסן).

„באַרקער" (טשאַרלי): ביג שאָו! ביג שאָו! קאַם אָן אין. ביגעסט שאָו אָן די איילאַנד! (דורך אַ טרובע) די גרעסטע פאָר־שטעלונג אין קוני איילאַנד... די גרעסטע פאָרשטעלונג אין קוני איילאַנד. בלויז 10 סענט. צען! צען! סענט! סענט! בלויז צען סענט. איין דיים, צוויי ניקלס! ליידיס און דזשענטלמען, ביג שאָו, ביג שאָו! שאָו—שאָו—שאָו. ביג—ביג—ביג.

(פּויזע)

קומט נעענטער, קומט נעענטער, ליידיס און דזשענטלמען, די פאָר־שטעלונג הייבט זיך באַלד אָן. איר זעט די דאַמע? זי הענגט אין דער לופטן. (פירט דורך זיין האַנט אונטער איר קערפּער) אַף קישעף, שוואַרצן קישעף, שוואַרץ ווי די נאַכט. קישעף, קישעף. פרוי, נאַכט, נאַכט, הענגט, הענגט! קוקו, קוקו, ריקו, ריקו! אַריין, אַריין, אַריין! אַלע אַריין. צען סענט, צען סענט, בלויז צען סענטעלעך. איין דיים! דאָס גרעסטע און דאָס בעסטע, וואָס די וועלט פאַר־מאָגט פאַר צען סענט. דער פּרייז פון איין לאַבן ברויט. אַריין, אַריין, אַלע אַריין. (מאַכט מיט די הענט ווי ער וואָלט וועלן זיי אַריינ־ציען מיט קישעף־געוואַלט).

(אַף דער זייט לינקס רעדט אַ מיסיאָנער אַף אַ גראָב, וואולגאַר לאָשן. ער איז שיקערלעך און שטאַמלט אַביסל.)

מיסיאָנער: יעזוס וועט אייך ראַטעווען! יעזוס! ער האָט מיך געשטעלט אַף די פיס (פאַלט שיר) ער וועט אייך אויך שטעלן, שטעלן אַף די פיס. גלויבט אין יעזוסן. ווער סי גלויבט נישט אין דזשיזוס קרייסט, זאָג איך, דער איז אַ פאַרד, אַ סמאַרק! איר גייט נישט מער אין קירך אַריין, ווי בלויז זונטיק. אַמאָל דאָס אויך נישט. אַז איר וועט אַוועקפייגערן, וואָס וועט ווערן פון אייך? האַ! איר ווייסט נישט? אָלרייט, וועל איך אייך זאָגן: אַז איר וועט צוקומען צו די טויערן פון גאַן־איידן, וועט אייך יעזוס דערלאַנגען אַ פּראַסק אין מאָרדע. „נאָסער", וועט ער זאָגן. „באָיעס, נישט פאַר אייך האָב איך אָנגעגרייט אַ גאַנידן! נאָסערי!" (מיגיט זיך אַ לאָז צו אים). איר ווילט זיך פייטן, האַ! אָ, אָלרייט! סוקיסינעס! יעזוס קען זיך פייטן אויך! אָ, יעס! יעזוס קען אייך אַלע צעקוואַטשען די מאָרדעס—אָ, יעס! ווי סי שטייט געשריבן. — — אַז יעזוס איז געקומען און געזען, אַז מי שלעפּט אַ גאַסן־פרוי פאַר

די האָר, האָט ער אַ געשריי געטאָן „סטאָפּ", אָ, יעס! האָבן זיך אַלע דערשראָקן און איבערגעלאָזט די פּרוי. לײדיס און דזשענטלמען! איך וויל אײַך זאָגן, אַז יעזוס קריסטוס האָט מיך געראַטעוועט, אָ, יעס! (שלוקערצט) האָט מיך (שלוקערצט) געראַטעוועט.

באַרקער (צום מיסיאָנער): הער אויף דאָרט צו דרייען אַ קאָפּ מיט יעזוסן, שטערסט מיר די ביזנעס.

מיסיאָנער: גאָט איז די בעסטע ביזנעס (שלוקערצט).

באַרקער: לײדיס און דזשענטלמען! איך פרעג בא אײַך, צי איז אַ ווײשער צו נעמען און שטערן אונזערע ביזנעס? און ווען? זונטיק. דער בעסטער טאָג אין קוני אײַלאַנד. איך פרעג אײַך: וואָס איז בילכער, ביזנעס צי רעליגיע?

אוילעם: ביזנעס, ביזנעס, ביזנעס!

טייל פון אוילעם (צום מיסיאָנער): אַרונטער! אַרונטער!

אַן אַנדער טייל (צום באַרקער): דער מיסיאָנער איז גערעכט. רעליגיע איז בילכער אַפילו ווי ביזנעס!

אַנדערע: גאָט איז גאָט און ביזנעס איז ביזנעס.

אַנדערע: ביזנעס איז העכער פון גאָט.

(קומט צו אַ רייסעריי צווישן צווישן מיסיאָנער און „באַרקער" און דערנאָך צווישן אוילעם. דער שיקערער מיסיאָנער מוז אָפּטרעטן).

מיסיאָנער: איד! איד! ששיני!

באַרקער: דיין גאָט איז אויך אַ איד, אַ שיני.

מיסיאָנער: מיין גאָט איז נישט קיין איד, נאָר אַן א י ז ר א ע ל י ט! (געלעכטערס).

באַרקער: אַ איד איז געווען דיין גאָט, נישט קיין איזראַעליט. אַ שיני איז ער געווען.

מיסיאָנער: ביזט אַליין אַ איד. ביזט אַליין אַ שיני! אַלע אידן זענען סאַנאָוועביטשעס. מ'דאַרף אײַך דערדישן ווי די מייז, דאַרף מען אײַך, לויזיקע אידן! וואַרט, איכ'ל מיך מיט דיר אָפּרעכענען. גאָדעם יו! (רייסט זיך שלאָגן).

באַרקער (שטופּט אים אונטער): נו, ריר דיך פון דאַנען, אַז נישט צעפּלעם איך דיר די פּיסקעס!

מיסיאָנער: וועמען? מיר?

באַרקער: דיר! דיר!

מיסיאָנער: מ י ר וועסטו צעפּראַסקען די פּיסקעס?

באַרקער: דיר, דיר וועל איך צעפּראַסקען די פּיסקעס.

מיסיאָנער: ווער דו?

באַרקער: יאָ, איך.

מיסיאָנער (אַנדערש, האַלב־שיקער): אָלרייט, אויב אַזוי גיי איך מיר אַוועק. (מיסיאָנער אָפּ).

### דריטע סצענע

די „סייד־שאָו" אין קוני־אײלאַנד.

(לייוונט געצעלט. אויף דער ערד זעג־שטויב פון האָלץ. שטייגן מיט פּאַרזעניש, איבער יעדן אַ שילד מיט זיינע מאַילעס און זיין פּאָרטרעט. דער באַרקער פירט אַ גרופּע מענטשן פון איין אָרט צום אַנדערן. דער־קלערט די וואונדער).

**פאַקיר** (פייער־שלינגער, שווערדן־שלינגער, אָנגעטאָן אין אַ מונ־דיר, ווייזט קונצן מיט קאָרטן, פאַרקויפט סאָפּקאָלסאָף וואונדער־כריין פאַר 50 סענט אַ פלעשל).

**אַן אַנדערער** (ווייזט אויך קונצן אין טרעפעניש. ער האָט צו־געבונדענע אויגן און אַרבעט בשותּפות מיטן פרעגער. יענער נעמט באַ איינעם אַ זאַך, לעמאָשל, אַ מעסערל, און זאָגט: „איך האַלט אין דער האַנט אַ מעסערל—טעל די דזשענטלמען וואַט איז די איז אין מיי הענד!" דער בלינדער ענטפערט: „אַ מעסערל". די ערשטע ווערטער ווערן געזאָגט זייער שנעל. „איך האַלט אין אַ מעסערל (אויף אידיש)— די אַנדערע העלפט ווערט געזאָגט קלאָר און אויף ענגליש אַזוי אַז דער עולם כאַפּט זיך נישט).

**זייפן־פאַרקויפער** (מיט מוליענעס אויפן קאָפּ און די הענט): זייף! זייף! וואונדער־זייף! (גיסט אַרויף אַ וואַסערל אויף זיין אייגענעם קאָפּ, מאַכט מוליענעס). דאָס איז די בעסטע זייף אין דער וועלט, די איינציקע זייף, וואָס בייט נישט דעם קאָליר. אַלע אַנדערע אמעריקאַנישע זייפן בייטן דעם קאָליר אַזוי ווי אונזערע פּאָליטיקער, נאָר מיין זייף נישט. אַלע וואָס ליידן אויף דיעבּיטיס, לונגיטיס, קאָר־דיטיס, פון שווינדזוכט, פון ראַק, פון מילך־פיבער, פון אַפּענדיציט, ווערן קורירט מיט אָט דער־אָ זייף! קויפט מיין זייף און איר וועט ווערן שיין ווי די זון, קלוג ווי דער טאָג, שטאַרק ווי שמשון הגיבור, רייך ווי קורח. דאָס איז אַ פאַקט (סי שטעלן זיך אַרום אים על־טערע פרויען. צו די אַנדערע פאַרזעניש).

באַרקער: דאָס איז אַטאַבאַנדו דער הינדו, דער גרעסטער וואונדער פונם יאָרהונדערט. ער שלינגט פייער ווי איטאַליענער שלינגען לאָקשן, ווי אידן שלינגען מאַצעס, ווי רוסן שלינגען קאַפּוסטע. מיסטער אַטאַבאַנדו, פּליז.

הינדו: (ווייזט די קונצן. דערנאָך רעדט ער גלאַט „פּידריך".) גיבעכי, דוראַנדאַר, האָקום, דיליבאַנדאַ, אַפריקאַ.

איינער פון אוילעם: איר זענט אַן אינדיער?

הינדו (שאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ).

איינער: נישט קיין ליטוואַק?

הינדו (שאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין).

איינער: קיין אידיש פאַרשטייט איר נישט?

הינדו (שאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין).

איינער: אין מינסק זענט איר קיינמאָל נישט געווען?

הינדו (דערפרייט): מינסק? איר זענט דען אַ מינסקער? הערט זיך איינעט (כאַפּט זיך קריק. רעדט ווידער זיין לאָשן. געלעכטער פון אוילעם).

האַלב-מאַן, האַלב-פרוי (הינטער אַ פאָרהאַנג. ספּעציעלע אַטראַקציע. זי זאָגט עטלעכע ווערטער הייזעריקערהייט. קוקט אַף קיינעם נישט, ווייזט אירע בריסט: די אויסגעשניטענע פּלאַכע ברוסט און די רונדע).

באַרקער: ליידיס און דזשענטלמען! איר שטייט איצט פאַר איינעם פון די גרעסטע וואונדער פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט: האַלב-מאַן און האַלב-פרוי—די נאַטור האָט זי, אַזוי צו זאָגן, איבערגעשניטן אין דער העלפט, זי איינגעטיילט אין ביידע געשלעכטער מיט אַמאָל. (וויציקלעך), אַזוי, אַז זי קאָן קימאַט כאַסענע האָבן מיט זיך אַליין. אָבער שפּאַס אָן אַ זייט. מאַדאַם אַלגאָרינאַ פאַרקויפט אַ בילד פון איר נאַקעטן קערפּער. דאָס איז בלויז פאַר מעדיצינישע סטודענטן. ווער פון אייך, וועךטער אוילעם, איז אַ מעדיצינישער סטודענט, קאָן צוקומען קויפן. בלויז 50 סענט—קיין צייגענישן דאַרף מען נישט. איר דאַרפט בלויז זאָגן: איר זענט אַ מעדיצינישער סטודענט, גלויבן מיר אייך. (פיל מענטשן גיבן זיך אַ לאָז) מיר גלויבן נישט, אַז צווישן אַזאַ פיינעם אוילעם וואָס מי זעט דאָ היינט פאַר זיך אין קוני איילאַנד, זאָלן זיך געפינען מענטשן, וואָס זאָגן נישט דעם עמעס. (פּויזע). איצט גייען מיר צו צום גרעסטן וואונדער פון יאָרהונדערט, די דאַמע מיט דער באָרד, מרס. מייער. (ער פירט דעם אוי-

לעם). די דאַמע אַליין וואָלט אייך געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, נאָר לײדער איז זי פּאַרקילט, און טאָר היינט נישט רעדן. מרס. מייער איז געבוירן געוואָרן אין נאָרט דאַקאָטאַ פון שפּאַנישע עלטערן. איר פאָטער איז געווען אַ לערער פון מאַטעמאַטיק אין באַרצעלאָנאַ. איר מוטער איז געווען אַ באַרימטע טענצערין אין אַרגענטינע. דער מאַדאַם מייער אַליין האָט אָנגעהויבן וואַקסן אַ באָרד ווען זי אַלט געווען 16 יאָר. אָנשטאָט אויסצוגעבן געלט אַף מיטלען פאָטער צו ווערן פון די האָר אָפּן געזיכט, ווי אַ סאַך פרויען טוען דאָס היינט, האָט מרס. מייער געלאָזט איר באָרד וואַקסן. און איצט האָט זי אַ באָרד, וואָס אַ סאַך מאַנצביל מעגן זי מעקאַנע זיין. מרס. מייער רעדט עטלעכע שפּראַכן, אַריינגערעכנט סקאַנדינאַוויש און רוסיש, נאָר לײדער איז זי היינט פּאַרקילט. קויפט פּאָסטקאַרטלעך מיט איר פאָטאָגראַפיע, לײדעס און דזשענטלמען, בלויז צען סענט אַ שטיק.

(זי באָט אָן די קאַרטלעך צו פאַרקויפן)

באַרקער: איצט, מיינע פריינט, שטייען מיר פאַר דעם באַקאַנטן, העכסט־אַמעריקאַנישן שפּיל, וואָס רופט זיך אָן, ווי איר ווייסט, „היט די ניגער", „שלאָגט דעם ניגער" הייסט עס. אונזער צירק איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפירט דעם נייעם ספּאָרט פון וואַרפן באַלן אַף אַ ניגער. דאַפאַר ווייל אונזער צירק איז אַ פאָרטגעשריטענער צירק, פאַרלויפט פאָרויס דעם געשמאַק פון דעם פאָלק. לײדיס און דזשענטלמען, דער ניגער, וואָס מיר האָבן אָנגעשטעלט, איז ערשט וואָס אַרויס פון געפענגעניש, וואו ער איז געזעסן 15 יאָר פאַר שענדן אַ פרוי. (דער ניגער שטעקט אַרויס דעם צונג און מאַכט) בע־ע! (מי ווייסט נישט, צי ער לאַכט, צי ער באַשטעטיקט). איר ווייסט אַלע, אַז ניגערס זענען בטעווע פרויען־שענדערס, גאַנאָווים, באַנדיטן. ס'איז באַקאַנט, אַז די ניגערס אין די דאָרעם־שטאַטן פון אונזער לאַנד שיסט מען אויס ווי די הינט. אין דער „סאַוט" איז פאַראַן באַזונדערע טראַמווייען פאַר זיי, באַזונדערע באַן־וואַגאָנעס. איך האָף, אַז די צייט איז נישט ווייט, ווען אונזער גלאָררייכער צאָפּן וועט נאָכטאָן דעם ביישפּיל און וועט אויך מאַכן אויסנאַם־געזעצן פאַר די שוואַרצע. (קליינע פּאַוזע). לײדיס און דזשענטלמען, קויפט באַלן און וואַרפט אַפן ניגער. פינף סענט אַ באַל, צען באַלן פאַר 45 סענט. שלאָגט דעם ניגער (ווייזט) צילט זיך אים גלייך אין קאָפּ אַריין. ווער סי צעקלאַפּט דעם ניגער דעם קאָפּ, דעם קריגט אַ פּרייז אַ קליינע ביבל אין אַ לעדערנעם איינבאַנד און מיט גאָלדשניט — האַרגעט דעם ניגער! (שמייכלט. האַלט אין האַנט צוויי בילעטן. באָט

זיי אָן). ווער וויל האַרגענען אַ ניגער? רירט זיך, דזשענטלמען, די צייט שטייט נישט. (געפינען זיך באַלאָנים, הויבט זיך אָן די שפּיל. מי וואַרפט באַלן. דער ניגער מאַכט קאָמישע גרימאַסן. בעיס מי טרעפט אים, זאָגט ער אַף אידיש: „כ׳האָב דיך אין דר׳ערד״. ווערט אַ געשריי: „היט די דזשו!״(האַרגע דעם אידן). „היט אים, הי איז ע פעיק״.

באַרקער: איצט, מיינע פריינט, שטייען מיר פאַרן סאַמע גרעסטן וואונדער פון אונזער יאָרהונדערט, דאָס איז דער אָסיפיצירטער מאַן. דאָס וואָרט „אָסיפיצירט״ איז דער טייטש פ א ר ש ט י י נ ע ר ט. מר. אַלפרעד וויליאַמסעס פאַל איז אַ זעלטענער איז דער מעדיצין. זיין גאַנצער קערפּער ווערט פאַרהאַרטעוועט ווי קרעמין. איר קאַנט פּריוון אים אַ דריק טאָן דעם קאָפּ, און די פיס וועלן זיך אויפהויבן. פּריווט! פּריווט! האָט קיין מוירע נישט, ס׳איז נישט קיין בלאָף. מר. וויליאַמס האָט צייגנישן פון דאָקטוירים, אַז ער קען לעבן נאָר בלויז זעקס כאַדאָשים ביז זיין האַרץ וועט פאַרשטיינערט ווערן. דעמאָלט איז ער פאַרטיק. מר. וויליאַמס אַליין וועט אייך זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

וויליאַמס (ליגט האָריזאָנטאַל אַף אַזאַ געשטעל, רויכערט אַ פּאַפּיראָס אויפגעשטעקט אַף אַ צאָן־שטעכער): לײדים און דזשענטלמען, ווי איר קענט זען פון די אַטעסטאַטן, וואָס הענגען דאָ איבער מיין עסטראַד, ווערט מיין קערפּער ביסלעכווייז פאַרשטיינערט. (שטאָלץ) איך בין היינט דער איינציקער מאַן אין גאַנץ אַמעריקע, מי קען זאָגן אין דער גאַנצער וועלט, וואָס לײדט פון אַזאַ קראַנקהייט. איך קען לעבן העכסטנס נאָך אַ 6 כאַדאָשים ביז ס׳וועט צוקומען צום האַרץ. קויפט מיינע פּאָסטקאַרטן. 15 סענט אַ שטיק, 15 סענט אַ שטיק.

איינער: פאַרוואָס עפּעס 15 סענט? באַ יעדן בלויז 10 און באַ אייך 15.

וויליאַמס (רואיק): מיין ליבער דזשענטלמען, איר פאַרגעסט, אַז איך בין דער איינציקער פאַל אין דער גאַנצער מעדיצינישער וויסנשאַפט, און אַז איך קען לעבן נאָך העכסטנס 6 כאַדאָשים. 15 סענט איז נישט קיין סאַך. קויפט מיינע פּאָסטקאַרטלעך, 15 סענט אַ שטיק. 15 סענט אַ שטיק. (מעכאַניש) פּאָסט־קאַרדס! פּאָסט־קאַרדס. הו וואָנטס פּאָסט־קאַרדס?

(אוילעם רוקט זיך אָפּ)

באַרקער: און איצט, לײדים און דזשענטלמען, שטייען מיר פאַר דעם גרעסטן וואונדער פון יאָרהונדערט. די לײדי עוועלין נעזביט סימפּסאָן. דאָס איז די באַרימטע, אַזוי גערופענע „האַמער־מערדערין״

וואָס האָט דערלאַנגט איר מאַן מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ און אים דערהאַרגעט. פאַר אַ צייט לאַנג איז דאָס געווען די גרעסטע סענסאַציע פון לאַנד, ווי איר ווייסט. נישט דאַפאַר וואָס די לײדי האָט דערהאַרגעט איר מאַן, נאָר דער פּיקאַנטער אויפן ווי א ז ו י זי האָט אים דערהאַרגעט, און אויך די סיבע וואָס האָט געפירט דאַצו. לײדי עוועלין נעזביט סימפּסאָן, ווי איר ווייסט אַלע, איז פון געריכט געפונען געוואָרן א ו מ ש ו ל ד י ק און איז ערנהאַפט באַפרייט געוואָרן. איצט וועט אייך די כאָשעווע לײדי עוועלין נעזביט סימפּסאָן אַליין דערציילן אַלע פּראָטים, ווי אַזוי זי האָט מיטן האַמער דערהאַרגעט איר מאַן. (צו איר) פּליז, מרס. עוועלין נעזביט!

לײדי נעזביט (קאַלטבלוטיק, פּוצט זיך די נעגל): לײדיס און דזשענטלמען, איך האָב דערהאַרגעט מיין מאַן, די נאַכט פון דעם 29טן פעברואַר. דאָס איז געווען 2:05 אינדערפרי, איך בין קריק געקומען פון טעאַטער, און ער איז געלעגן אין בעט און געשלאָפן. אָבער ער איז נישט געשלאָפן רואיק, ווי טאָמיד, נאָר ער האָט געשנאָרכט, ער איז געווען פאַרקילט. דאָס האָט מיר זייער נערוועז געמאַכט, האָב איך געזוכט אַ רעוואָלווער אים צו דערשיסן, נאָר איך האָב נישט געקענט געפינען. דערווייל האָב איך געקראָגן אַ ביסל קאָפּשמערצן, בין איך אַריין אין וואַנעצימער און זיך איינגעריבן די שלייפן מיט אָדעקאָלאָן. אַז איך בין שוין געווען פאַרטיק אַרויסצוגיין פון וואַנעצימער, האָב איך פּלוצלונג דערזען אַן אייזערנעם האַמער. וועל, דער מאַן וואָס האָט פאַרריכט די וואַסער־לייטונג האָט דאָס איבערגעלאָזט, האָב איך גענומען דעם האַמער אין האַנט אַריין און בין קריק אַריין אין שלאָפצימער. אַז איך בין אַריין אין שלאָפצימער, האָב איך געהערט ווי ער שנאָרכט ווידער, האָב איך אים דערלאַנגט מיטן האַמער איבערן קאָפּ. איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, און מער גאָרנישט— ס'גאַנצע קישן איז געווען פאַרפלעקט—מיין מאַן איז געווען זייער אַן אײדעלער מאַן און אַ גוטער קריסט. מיר זענען געווען העכער ניין יאָר פאַרהייראַט. ער איז געבוירן געוואָרן אין נאָרט דאַקאָטאַ, און געווען אַ ביזנעסמאַן. איך אַליין בין אַ גוטע קריסטין און גיי אַלע טאָג אין קירך. אָט איז דער האַמער מיט וועלכן איך האָב אים דערהאַרגעט (ווייזט דעם האַמער). קויפט מיינע פּאָסטקאַרטן, 20 סענט אַ שטיק. 20 סענט אַ שטיק. לײדיס און דזשענטלמען, מיט אַ פּיקטשע פונם האַמער. טהענק יו. (מ׳ קויפט).

באַרקער (שטייט לעבן בײדל פון דער פעטער לײדי): לײדיס

און דזשענטלמען, איר שטייט איצט פאַר דעם גרעסטן וואונדער אין דער וועלט, פרייליין מעדיסאָן, די פעטסטע פרוי אין דער וועלט. זי וועגט 380 פונט. פרייליין מעדיסאָן, אַן אינטעליגענטע לידי און הונדערט־פּראָצענט אַמעריקאַנערין. אירע אורעלטערן זענען געקומען קיין אַמעריקע אַף דער פּילגרים־שיף „מעיפלאַוער". פרייליין מעדיסאָן אַליין באַלאַנגט צו דעם זייער כּאָשעוון דאַמען־קלוב, וואָס רופט זיך די „אַמעריקאַנער טעכטער פון דער רעוואָלוציע" און וואָס זייער אויפגאַבן איז צו באַשיצן אונזערע העלדישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אין דער לעצטער מילכאָמע פאַרלוירן איין פוס אָדער מער. פרייליין מעדיסאָן האָט זיך ספּעציאַליזירט אַף לינקע פיס. זי געדענקט אַף אויסווייניק די נעמען און אַדרעסן פון אַלע וועטעראַנען פון אייראָ־פּיאישן קריג, וואָס האָבן בלויז לינקע פיס. לײדער קאָן דאָס פרייליין נישט געניסן דאָס גליק פון פאַמיליען־לעבן, ווייל איר בויך איז צו פעט, אָבער אַ חוץ דעם איז זי נאָרמאַל, סיי געשלעכטלעך, סיי אַזוי. ווי געזאָגט, איז פרייליין מעדיסאָן אַ פולשטענדיקע, נאָרמאַלע אַמע־ריקאַנערין. אויב עמיצער פון אייך, לײדים און דזשענטלמען, ווינטשט צו שטעלן פראַגעס, קאָן ער עס טון. דאָס פרייליין מעדיסאָן וועט גערן ענטפערן אַלע פראַגעס פון דיעטע, רעליגיע אָדער פינאַנס. פרייליין מעדיסאָן וועט אויך גערן אָנרופן די נעמען פון אַלע 9896 אַמעריקאַ־נישע סאָלדאַטן־וועטעראַנען פון וועלט־קריג, וואָס האָבן בלויז לינקע פיס. ביטע, פרייליין מעדיסאָן.

פרייליין מעדיסאָן: (רעדט אַף אויסווייניק): דזשים דאָבליו קאַטאַן, 1263 לעקסינגטאָן עוועניו, ניו יאָרק; עסטערי האָדסאָן, 1229 גאָטהעם סטריט, וואַשינגטאָן; עלבערט דזש. נומבערג, 1389 בעי פּאַרקוויי, שיקאַגאָ; וויליאַם אַנדערסאָן מידמאָרן, 1480 בלאו איילאַנד עוועניו, דעטראָיט; דזשאַן ל. פּיקפאָרד, 619 לינקאָלן בול־וואַרד, סאַן פראַנציסקאָ; באָרים עסטערסאָן, 19 האָפּ סטריט, סעינט לואיס; וויקטאָר האַזברוק, 32 גאַנדי ראָוד, באָסטאָן. (זעט, אַז דער אוילעם האַלט אין געניצן). קויפט מיינע פּאָסטקאַרטן, בלויז 10 סענט אַ שטיק. (אין דער צייט ווען דער אוילעם איז זיך געשטאַנען באַ דער פעטער פרוי, איז דער רעפּעראַנט שוין געווען באַ דער באַלויכ־טענער שטייג פון „זיפּ").

זיפּ (שטילערהייט): איר דאַרפט אַריינגעבן מער הומאָר, משאַרלי. אייערע דראָשעס און אייערע רעדעס זענען צו טרוקן.

באַרקער (שטילערהייט): איך טו אַלץ, וואָס איך קען, מר. זיפּקין, צו אונטערהאַלטן דעם אוילעם.

זיפּ: יאָ, אָבער די באַזוכער לאַנגווייליקן זיך. מיר טאָרן זיי

נישט לאָזן לאַנגווײַלנזיך. איר זאָלט האָבן אַ קלאַל, טשאַרלי, אַז אונזער אַמעריקאַנער אוילעם וועט אַלצדינג אַרונטערשלינגען, אויב איר וועט אים נאָר אַמוזירן. שנייד אים אויס די קעשענע אַבי קיצל אים אונטער דער פּאַכווע מיטן זעלבן שערעלע, וואָס דו שנײַדסט אים די קעשענע. מנאַכעם יאָזעפּקע, דער מאַמזער, האָט דאָס פאַרשטאַנען. און פּיטער באַרנום אויך. דאַפאַר האָבן זיי געמאַכט אַזאַ פאַרמעגן מיט געלט. (אַנדערש) איך הער, אַז מנאַכעם יאָזעף מאַכט איצט אַן אויצער מיט געלט מיט זײַן מאָשיאַכן, הער איך...

באַרקער: אַזוי זאָגט מען. איך האָב נעכטן געלייענט, אַז ער האָט אָפּגעקויפט אַ שטיק בייסוילעם אין ברוקלין און אַז ער האָט אַ ספּאָסיב צו באַגראָבן זײַנע מייסים שטייענדיקערהייט — זאָלן פאַרנעמען וואָס ווייניקער פּלאַץ און ס'זאָל קאָסטן ביליקער. די ניו יאָרקער אידיש-ענגלישע פּרעסע לויבט אים ביז אין הימל אַרײַן. זי רופט אים „פילאַנטראָפּ", „דער טאַטע פון די אָרימע". די „טיימס" שרייבט, אַז פאַר די ניו יאָרקער קאַבצאָנים, וואָס האָבן ביז איצט זיך אָפּגעהאַלטן פון שטאַרבן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט וואו באַערדיקט צו ווערן, וועט די נייעס זײַן אַן עמעסער יאָנטעוו. איצט דאַרפן זיי זיך שוין נישט אײַנהאַלטן פון צו שטאַרבן, פאַר 65 דאָלאַר קען יעדער אָרימאַן באַהויפּטן צו זײַן טויט—אַזוי שרייבט די „טיימס". אַי דאָס, וואָס די מייסים דאַרפן שטיין די גאַנצע צייט אַף די פיס? איז קיין אומגליק נישט. עס שטייט נישט אין ערגעץ געשריבן, אַז אַן אָרימאַן דאַרף אַ גאַנצן טויט-לאַנג ליגן אויסגעצויגן ווי אַ פּאָרעץ. נישקאָשע, סי וועט זיי גאָרנישט שאַטן, אַז זיי וועלן שטיין, די קאַבצאָנים. זיי זענען באַם לעבן אויך נישט צופיל געזעסן. ער'ט מאַכן אַ פאַרמעגן, אונזער מנאַכעם יאָזעפּקע.

זיפּ: אַזאַ טרייפענער האַלז, אַלצדינג פאַרזשעבערעט ער! נאָר ס'איז אַלרייט. איכ'ל אים איבערשטייגן. אָ, יעס. עמעס, ער האָט אַ גוטן קאָפּ אַף זיך, דער מנאַכעמקע יאָזעף, אָבער „זיפּ'ס" קאָפּ איז אויך נישט אויסגעדאַרט. נישקאָשע—ניש, זיפּ האָט נאָך באַרכאַשעם אַ קאָפּ אַף די פּלייצעס.

באַרקער (מיט כניפע): איך האַלט אייך נאָך פאַר אַ גרעסערן קאָפּ-מענטש, ווי מנאַכעם-יאָזעפן. נישט מער, יענער האָט מער מאַזל.

זיפּ (בייז): מאַזל, שמאַזל—איך האָב אויך מאַזל. מאַזל? מי דאַרף נישט קיין מאַזל. סייכל, אָט וואָס מי דאַרף האָבן. (קלאַפּט זיך אין שטערן). זאָגט ער: מאַזל! דערווייל גייט נאָך מנאַכעמקע

אויך נישט אין קיין גאָלדענע צויטן. טאָמער האָט ער זיין אייגנס א לויזיקע צוויי מיליאָן דאָלאַר, לאָך איך פון אים. אַזאַ נאָגיד, ווי ער, בין איך נאָך צו יעדער צייט. זאָגט ער, מנאַכעם יאָזעף.

**באַרקער**: איך זאָג נישט, איך זאָג בלויז... שאַ, מי גייט שוין.

**זיפ** (טוט זיך איבער פאַר אונז אין די אויגן, קריכט אַריין אין אַ געל־האָריקן קאָסטיום, טוט זיך אָן אַ קאָמיש־אויסטערלישן פאַרוק. געגאָלט, מיט אַ טשיפּיקל פון אויבן, ער נעמט אַ פידעלע, שטעלט זיך אין פּאָזע פון אַן אויוועדבאָטל, מיט אַראָפּגעהאַנגענער ליפּ. שמייכלט אידיאָטיש און קיצלט סיפידעלע).

**באַרקער** (ווינטיק. לענגערע פּאָזע, הוסט זיך אויס): ליידים און דזשענטלמען, איר שטייט איצט פאַר דעם גרעסטעסטעסטעסטעסטן וואונדער פון דער וועלט און פון אַלע צייטן. דאָס איז „זיפּ" ווער איז דאָס? „זיפּ" איז אַ רעטעניש, וואָס קיין מענטש קען נישט פאַרענטפערן. ביז היינט איז עס דער ווּיסנשאַפט נישט געלונגען פעסטצושטעלן, צו וועלכער ראַסע, נאַציע, אָדער געשלעכט זיפּ גע־הערט. זיפּ איז ראַסנלאָז, געשלעכטלאָז, געוויסנלאָז, פּרינציפּלאָז, ווייבלאָז, מאַנלאָז, פאָטערלאָז, מוטערלאָז, געדאַנקענלאָז, פּאַרטיילאָז,— בקיצער, ער איז דער גרעסטער לאָז אין דער וועלט. זיפּ רעדט זיין אייגענע שפּראַך. אָבער קיינער פון די גרעסטע פילאָלאָגן קען נישט דערקלערן וואָס פאַר אַ שפּראַך דאָס איז. ס'איז נישט הינדוסטאַניש, נישט שפּאַניש, נישט אידיש, נישט טערקיש, נישט טאָטעריש (אידיש־לעך־פילפלדיק, קלוימערשט וויציק). און ס'איז אויך נישט נישט־אידיש און נישט נישט־שפּאַניש און נישט נישט־טערקיש און נישט נישט־טאָטעריש. ווי געזאָגט, איז זיפּ איינע פון די גרעסטע רעטענישן אין דער וועלט. דאַצו איז ער זייער אַמוזאַנט און פון אַן איידע־לער נאַטור. און אויב עמיצער פון אייך, ליידים און דזשענטלמען, וויל האָבן דאָס אומשולדיקע פאַרגעניגן פון שפּייען אַ פרעמדן מענטשן אין פּאָנים אַריין, קען ער עס טאָן. „זיפּ" איז אַ פּראָסטער מענטש, אַן אָרימער, ער באַליידיקט זיך נישט דאַפון. אָבער אויב די כאָשעווע הערן און דאַמען ווילן שפּייען, זענען זיי געבעטן צו שפּייען גלייך אַף „זיפּ'ס" פּאָנים און נישט פאַרשמירן זיינע קליי־דער. אונזער צירק האָט אויסגעגעבן אַן אויצער מיט געלט אַף צו קריגן „זיפּן", דעם איין און איינציקסטן און פולשטענדיקסטן אידיאָט אין דער וועלט. דעם מענטש־רעטעניש: „זיפּ, הו איז איט?"

**אוילעם** (מיט ווילדע קוילעס): הוראַ, הוראַ פאַר זיפּ! (ס'הייבט זיך אָן אַ שפּיי־אָרגיע מיצאַד די באַזוכערס).

**זיפּ** (שמייכלט גוטמוטיק און ווישט זיך אָפּ).

אַ דאַמעלע: אַף דער נאָז מעג מען אים שפייען?

אַנדערע: אַף די אויגן מעג מען?

באַרקער: מי מעג, מי מעג, כאַשעווע לײַדים! נאָר ביטע נישט פאַרפּאַטשקען זײַנע קליידער, זיי קאָסטן געלט—מי בעט אויך דעם אוילעם זיך צואײַלן, ווײַל ס׳איז שפּעט. מי דאַרף באַלד פאַרשליסן דעם צירק.

געשרייען פון אוילעם:

„זיפּ!"

פאַרזעעניש!

מאַלפּע!

(אוילעם וואַרפט זיך דערנאָך אים טשעפּען מיט שטעקנס. „זיפּ" שטייט רואיק, שמייכלט. נאָך דער רעפּעראַנט שיצט אים).

באַרקער: לײַדיס און דזשענטלמען, פּליז, פּליז, רואיק. איר קענט האָבן אַזוי פיל אומשולדיקן שפּאַס, וויפיל איר ווילט אַליין, אָבער מיר בעטן אייך, נישט טשעפּען אים, ער איז אונזער אייגנטום. ער קאָסט געלט. (שטעלט זיך איין אים צו שיצן פון דער צעווילדעוועטער מאַסע).

אוילעם: פאַרזעעניש! זיפּ! מאַלפּע! אוראַנג־אוטאַנג!

(ס׳ווערט טונקל. אוילעם גייט אָפּ).

(דערנענטערן זיך די צירק־לײַט צו זיפּן. מ׳ווישט אים אָרום מיט גרויס דערעכערעץ. די פעטע דאַמע קושט אים. פרוי מיט דער באָרד העלפט אים איבערטאָן זיך. דערנאָך באַשפּריצט מען אים מיט פאַרפום. מ׳טוט אים אָן אַ פאַלערינע און צילינדער. אַלע מאַכן פאַר אים אַ וואַרע. די דאַמע מיט דער באָרד באַנוצט זיך מיט דער געלעגנהייט. קושט דערווײַל אָרום פלאָסין).

זיפּ (רואיק, זייער ווירדיק): זאָגט יענע צוויי, אַז זיי קענען זיך זוכן אַנדערע שטעלעס. בּאַ מיר איז נישט קיין אָרט פאַר ליבענישן. באַ מיר דאַרף מען אַרבעטן. (צו זיי) און אַז איך גיי דורך, דאַרף מען זען, אַז איך גיי דורך. אַזעספּענימער האָב איך פיינט. אָ, יעס. (יענע פאַררייסן די נעז, גיבן אַ קנאַק מיט די פינגער אים אין פּאָנעם אַריין) מ׳פייפט אַף אייך. אַט וואָס! מיר גייען איבער צו מנאַכעם יאָזעפן.

זיפּ (בייז): גייט אייך געזונטערהייט צו מנאַכעמקען, און ברעכט אַ פוס, סאַנאָוואָבישעם!

באַרקער (בויגט זיך ווי אַ לאַקיי, דערלאַנגט אים דעם מאַנטל און הוט): אייער אָטאָמאָביל וואַרט אַף אייך אין דרויסן, סיר!

זיפּ (לאָזט זיך גייט, זייער פאַראַדנע). פאָרהאַנג

# דריטער אַקט

(יויכינטשעס אָפיס. אַ סך טעלעפאָנען. אַף די ווענט מאַפּעס, אַרום און אַרום קונציקע מאַשינען, עלעקט־רישע פאַרב־סיגנאַלן אין אַלערליי קאָלירן, צינדן און לעשן־זיך).

**זיפ** (לעבן אים דער באַרקער טשאַרלי): פאַרשטייסט, טשאַרלי, דער איקער איז — ספּאָסיבעס. ס׳מאַכט נישט אויס צי זיי שפּאָרן צייט צי נישט. אַ ספּאָסיב איז פאַר זיך אַליין אַ שיינע זאַך, אַפילע ווען ער אַרבעט נישט. אָט נעם, לעמאָשל, טשאַרלי, אָט דעם ספּאָסיב מיט די עלעקטרישע פאַרב־סיגנאַלן, וואָס איך האָב אויסגעפונען, קדיי צו דערקענען פאָרויס, ווער סי רופט אָפּן טעלעפאָן. אויב אַ באַלכויוו, האָט זיך באַדאַרפט אָנצינדן די גרינע ליכט, אויב אָבער אַן אייגן וייב, די געלע, אויב אַ געליבטע, די בלאָע, א. אַז. וו. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז אַזוי פאַר זיך אַליין אַרבעטן די ליכט־עפעקטן זייער גוט, אָבער מיטן טעלעפאָן האָבן זיי נישט וואָס צו טאָן. (קלינגט טעלעפאָן. צינדט זיך אָן די גרינע ליכט). העלאָ? ווער? האַ? זשענעוויוו? מאַדלען? וואָס מאַכסטו? קאַמאַן וואו פאָרטע וואו? (האַלט צו, אַנטשולדיקט און זאָגט צו טשאַרלין) נו, זעסט שוין ווי מי קען זיך פאַרלאָזן אַף מיינע סיגנאַלן? ס׳איז גאָר נישט קיין באַלכויוו, נאָר אַ פראַנצויזיש ווערטערבוך. כאַ־כאַ, דו ווייסט, פון יענע ווערטער־ביכער, וואָס מי נעמט זיי אין בעט אַריין. זי האָט ׳מיך אין אַ קורצער צייט אויסגעלערנט אַ סך פראַנצויזיש. (צו איר) יעס, זשע וואו רעמערסי, דאַרלינג, האַ, מאָרגן באַנאַכט אין האָטעל ווינדהיים? אָלרייט, ברענג־מיט דיין האַנט־רענצל. או־לאַ־לאַ! זשע ווי ביען פאַשע, דו ווייסט דאָך, אָן באַגאַזש לאָזט מען באַ אונז אין ניו יאָרק נישט אַריין באַנאַכט אַ מאַן מיט אַ פרוי אין אַ האָטעל אַריין. ניו יאָרק איז נישט פּאַריז, כאַ־כאַ. האַ, וואָס? נו, גודביי. (נעמט אַראָפּ דאָס היטל דזשענטלמעניש. טשאַרלי אויך. זיי פאַרגעסן, אַז די דאַמע איז אַף יענער זייט טעלעפאָן) א, יעס! איך בין פאַרנומען מיט גע־שעפטן, ביזנעס, יו נאָו! אָ רעוואואַר! (הענגט אויף דעם טעלעפאָן, רעדט צו טשאַרלין) פאַרשטייסטו מיך, טשאַרלי, ס׳איז אַזוי, אונזער מנאַכעם יאָזעפקע מיינט, אַז ער איז אַ גאַנצער קנאַקער. ער פאַרגעסט,

אז ס'איז דאָ אַ מיסטער זיפּקין אַף דער וועלט. איכ'ל אים נישט לאָזן ווייט קנאַקן, נאָ סער, אָ, נאָו! עמעס, ער האָט אַ גוטן קאָפּ, דער מנאַכעם יאָזעף, דאָס גיב איך צו, אָבער ס'איז נישט געפערלעך, מיר שרעקן זיך נישט איבער.

טשאַרלי: מיר שרעקן זיך נישט איבער.

זיפּ (צו טשאַרלין): אַ סאַך מענטשן פאַראַנען אין וואַרט־צימער?

טשאַרלי: אַ דריי. צוויי מענער און אַ פרוי. די מענער זענען געקומען צומערשטן. זאָל איך זיי אַריינפירן?

זיפּ: זאָלן זיי אַריין, לאָמיר פּאַרטיק ווערן. ווייסט עפּשער וואָס ס'הערט זיך מיט מנאַכעמקעס מאָשיאַך? (דליבעט זיך די נאָז).

טשאַרלי: יענער? יענער שאַרט דאָך אָן פעסער מיט גאָלד, זאָגט מען.

זיפּ: אַזוי? גאָלד? פעסער?—ער שאַרט, האַ? שאַ נאָר, שאַ נאָ, לאָמיך נאָר טראַכטן אַ ביסל. (לייגט צו די האַנט צום שטערן) רוף זיי נאָך נישט, טשאַרלי. (טראַכט) לאָמיך נאָר אַ ביסל קלערן. (פּויזע) דו ווייסט וואָס איכ'ל דיר זאָגן, טשאַרלי?

טשאַרלי: וואָס?

זיפּ: מיר ברענגען אויך אַראָפּ אַ מאָשיאַכן—און נאָך אַ בעסערן ווי מנאַכעמקעס. טשאַרלי ברודער, מיר ברענגען אַראָפּ אַ מאָדערנעם מאָשיאַך, אַ קאָוונער ציוניסט מיט אַ מאָנאָקל. ער וועט רעדן אַף ענגליש. אַ מאָשיאַך וואָס קען פאָרן אַף אַ מאָטאָרציקל, אַ מאָשיאַך וואָס קאָן טאַנצן, אַ מאָדערנעם מאָשיאַך אין פולן זינען דעם וואָרטעס, ווי מ'זאָגט. מנאַכעמקע, הער איך, האָט געבראַכט אַ מאָשיאַך פאַר מאַנצביל, און איך וועל ברענגען אַ מאָשיאַך פאַר ווייבער.

טשאַרלי: איר מיינט ס'וועט זיין אַ ביזנעס, אַ מאָשיאַך פאַר ווייבער?

זיפּ: זאָלסט האָבן אַ קלאָל, טשאַרלי, אַז מיט ווייבער איז שטענדיק בעסער צו האַנדלען ווי מיט מענער. לאָמער נעמען אַשטייגער אַזאַ פּראָסטע זאַך ווי דאָקטוירים. וועמער מאַכט בעסערע ביזנעס, די וואָס ספּעציאַליזירן זיך אַף מענער־קראַנקהייטן, צי די וואָס אַף פרויען־קראַנקהייטן? (ענטוזיאַסטיש) טשאַרלי, מענטש! דו ווייסט וואָס דאָס הייסט: אַ מאָשיאַך פאַר ווייבער? דאָס הייסט אַ טאָפּעלער מאָשיאַך—אַ מאָשיאַך אי פאַר מאַנצביל אי פאַר פרויען, וואָרין אַז אַ מאָשיאַך וועט אויסנעמען באַ פרויען—אַ יונגער אַטלעטישער, שיין־געבויעטער מאָשיאַך, וועט ער שוין בימיילע אויסנעמען באַ מענער אויך, וואָרין יעדע פרוי וועט זיין, אַזוי צו זאָגן, אַן אַגענט

פאַר אונזער מאָשיאַכן. שאַ... און קומען וועט ער טאַקע, אונזער מאָשיאַך, נישט אַף קיין פערד, און נישט אַף קיין אייזל, נאָר ווי איך האָב דיר שוין פריער געזאָגט, אַף אַ מאָטאָרציקל, 70 מייל אַ שאָ—אָ, יעס. נישט ווי יענער געבריכטער איד, נאָר אַ יונג מיט ביינער—אַ מין דאָגלאָס פעירבענקס—

טשאַרלי: איר האָט שוין אַזאַ איינעם, צי איר טראַכט פון קריגן אים?

זיפּ: איך האָב שוין.

טשאַרלי: איר האָט שוין?

זיפּ: כ'האָב.

טשאַרלי: ש ו י ן טאַקע?

זיפּ: שוין טאַקע!

טשאַרלי: וואו האָט איר אים דערטאַפּט? ווער איז דאָס? ווי אַזוי הייסט ער?

זיפּ: ס'איז דער דר. שימען קעסטלבערג, וואָס איז ערשט פאַראַכטאָגן געקומען קיין אַמעריקע פון קאָונטע. ער איז אַ קאָוונער. געקומען איז ער אייגנטלעך מיט דעם צוועק צו האַלטן דראָשעס פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, אָבער איך מיין, אַז ער וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון אַ זייטיק פאַרדינסטל.

טשאַרלי: וואָס רעדט איר, יענער איז דאָך אַן אידעאַליסט, אַ מאַרטירער!

זיפּ: נו, יאָ, דאַפאַר וואָס ער איז אַן אידעאַליסט, אַ מאַרטירער, וועל איך אים מוזן מעשאַלעם־זיין 150 דאָלאַר אַ וואָך. עך, ווען ער זאָל נישט זיין קיין אידעאַליסט, קיין מאַרטירער, בע־בע־בע, וואָלט איך אים דאָך געקענט קריגן פאַר אַ האַלבע מייע, נאָר ו ו י י ל ער איז אַן אידעאַליסט און אַ מאַרטירער, וועל איך מוזן אַרויסוואַרפן אַן איבעריקן הונדערטער אַ וואָך. נאָר סי לוינט זיך. איך האַלט, טשאַרלי, אַז אַ ציעניסט אַ מאַרטירער פאַרשטייט פאָרט אַ ביזנעס בעסער ווי גלאַט אַזוי אַ איד. כוץ דעם האָט אונזער מאָשיאַך אַ סאַך גוטע־פריינט באַ דער פּרעסע—דאָס איז אויך עפּעס ווערט, מיין נישט! (אַנדערש) רוף אַריין די לייטע—גודביי!

טשאַרלי: גודביי.

(קומט אַריין דער דערפינדער. ער רעדט זייער האַסטיק. ער פרעגט און ענטפערט זיך אַליין)

דערפינדער: נו, אַוואַדע דערלויבט איר! וואָדען, איר דערלויבט נישט? נו, זעץ איך מיך, פאַרוואָס נישט, פאַרוואָס זאָל איך מיך נישט זעצן? איז, הייסט דאָס אַזוי, האַ? אַ באַן גייט, אַ־יאָ?

אוואַדע גייט זי! וואָס דען, זי גייט נישט? פאַרוואָס גייט זי? ווייל זי האָט פאַרע. ווען זי זאָל נישט האָבן קיין פאַרע וואָלט זי נישט געגנאַגען—עמעס, צי ניין? עמעס. איז אַלזאָ אַזוי: אַז מי האָט פאַרע, גייט מען, און אַז מי האָט נישט קיין פאַרע, גייט מען נישט. בין איך גערעכט צי ניין? גערעכט. אויב אַזוי, איז דאָך די קאַשיע—צי ניין? פאַרוואָס גייען נישט קיין סאַמאָוואַרן? איז דער טערעץ: אָט־אָט דאָס ווילן מיר טאַקע. סאַמאָוואַרן זאָלן גיין, און אַז מ'עט וועלן אַוועקפאָרן, זאָל מען זיך אויפזעצן אַף אַ סאַמאָוואַר און פאָרן. איר כאַפּט עס? אַוואַדע כאַפּט איר. וואָס געווינען מיר דאַביי? מיר געווינען דאַביי אַכט זאַכן: ערשטנס, דאַרף מען נישט צאָלן פאַר קיין באַן־בילעטן, צווייטענס, פאַרשפּאָרט 'מען צו דרוקן בילעטן. דריטנס, פאַרשפּאָרט איר צו זוכן געקאָכטע וואַסער אַף אויפצוקאָכן טיי. וואָרין אַז אַ סאַמאָוואַר גייט זידט ער און אַז ער זידט קאָכט ער, און אַז ער קאָכט שיט מען אַריין טיי און מ'טרינקט. מיט איין פוס פאָרט מען, מיטן אַנדערן טרינקט מען טיי — דאָס הייסט, איך מיין: מ'פאָרט און מ'טרינקט. מ'טרינקט און מ'פאָרט. האָבן מיר שוין וויפיל מאָל אַוועק?

טשאַרלי: דריי מאָל.

דערפינדער: יא, איז האָבן מיר שוין דריי מאָל אַוועק — פערטנס—אָבער צו וואָס דאָס רעדן? מ'דאַרף נישט רעדן. וואָס ווייניגער גערעדט, אַלץ בעסער. עמעס, צי ניין? עמעס! אַלזאָ, אָט זענען די דיאַגראַמעס (ווייזט אים געצייכנטע פלענער). פאַרוואָס בין איך געקומען צו אייך, מר. זיפּקין, און נישט צו קיין אַנדערן? איז דער טערעץ, ווייל די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז מר. זיפּקין האָט ליב ניין „פּעטענטס”, אויפטואונגען, דערפינדונגען! אַ קליינינקייט, ס'קלינגט דאָך מיט אייך גאַנץ אַמעריקע. אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן, מ'קען זאָגן, איר זענט שוין באַלד אַזוי פּאָפּולער ווי פּרעזידענט לינקאָלן, אָדער קאַפּיטאַן דרייפוס, אָדער מערי פּיקפאָרד. איז וואָס־זשע זאָגט איר? ס'געפעלט אייך?

זיפּ: דאָס איז אַן ערנסטע פאַרגע, מיין ליבער איד, דאָס דאַרף מען גוט איבערטראַכטן. (טראַכט) איך וועל אייך זאָגן וואָס: לאָזט איבער אייערע דיאַגראַמעס מיט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וועלן מיר דאָס באַטראַכטן. גודביי, איך דענק, אַז ס'וועט זיין אָלרייט.

דערפינדער (אין אָפּגיין): אַדיע. און לאָמיר האָפן, אַז גאַנץ אַמעריקע וועט אינגיכן פאָרן אַף סאַמאָוואַרן, צי ניין? פאַרוואָס ניין? מי וועט פאָרן. אַזאַ גרויסע שטיק גאָלד זאָל איך האָבן, ווי גרויס מ'וועט פאָרן. אַמעריקע זאָל לעבן. הוראַ פאַר אַמעריקע!

זיפּ: הוראַ.

טשאַרלי (קומט אַריינצופליען): הור, הור, הורא! (מוזיק שפּילט עפּעס וואָס איז ענלעך צו „יענקי דודל").
נייער מאָשיאַך (מיט צוויי אונטערפירער־רעפּאָרטאָרן).
איין רעפּאָרטער (צום טאָן פון „יענקי דודל"):
מיר האָבן אייך געברענגט דעם העכט,
צעפירן אַף אַ שטריקל,
און מיר וועלן טאַנצן באַלד
ארום דעם גאָלדן ביקל.

אַלע:

ביקל—גליקל, האָפּאַפּאַ,
הוידאַ—דונאַ—דיינאַ,
זאָל לעבן ציון־ניסעמוס,
דאָס איז אַ גוטע ביזנעס!

מאָשיאַך (צו טשאַרלין): מיט וועמען האָב איך די ערע? סיל־וואו־פּלעי... רעדן זי... שפּרעכן זי... בעלאָשן איוורים? יעש לי — — —

טשאַרלי: איך בין בלויז טשאַרלי. דער באָס איז... י ע נ ע ר.
מאָשיאַך: די דזשענטללייט פון אונזער פּרעסע, פּליז, האָבן מיר געזאָגט, אַז איר דאַרפט אַ מאָשיאַך, איז דאָס עמעס?
זיפ: עמעס.
מאָשיאַך: עמעס? יאָ? (ווייזט אַף די רעפּאָרטאָרן) דאָס זענען מיינע אַגענטן. פינף פּראָצענט קאָמיסיאָן, אויב דאָס געשעפט וועט דורכגעפירט ווערן, ביטע זייער, סילוואו פּלעי, פּראָשין פּאַנע. בוואַקאָשאָסאַ.
זיפ: זיצט, מיינע הערן.
ביידע רעפּאָרטאָרן: אָט זיצן מיר, אָט זיצן מיר. מיר ביידע זיצן שוין.
ערשטער רעפּאָרטער: מאַי ניים איז אב־רא־האם.
ביידע רעפּאָרטאָרן: אייב, אייב, האַם־האַם־האַם — אייב־ראהאַם.
אַנדערער: און איך הייס מאָישע.
ביידע: מוי, מוי, מוי,
שע־שע־שע,
מאָישע.
מאָשיאַך: איך מיין, אַז איך אַלס אַזעלכער פון מיינער זייטע, דאַרף איך נישט דערציילן ווער איך בין. איך בין דר.—(וויל ווייזן זיין וויזיט־קאַרטל).

זיפּ: מ'ווייסט, מ'ווייסט.

מאַשיאַך: איך בין אַ גרויסער אידעאַליסט.

זיפּ (מיט אַ זיפץ): דאָס ווייסן מיר אויך.

טשאַרלי (אויך מיט אַ זיפץ): מיר ווייסן דאָס.

ביידע רעפּאָרטאָרן:

ער איז אַ גרויסער אידעאַליסט—
ער טוט דאָס אָבער נישט אומזיסט.

מאַשיאַך: איך בין פּראָשין פּאַנע אַ מאַרטירער, אַזוי ווי קאַפּי־מאַן דרייפוס.

ביידע רעפּאָרטאָרן:

דריי, דריי, דריי,
פוס, פוס, פוס.
אַזוי ווי דרייפוס.

מאַשיאַך: אָדער אַזוי ווי מענדל ביילים, וויסנזי.

ביידע רעפּאָרטאָרן:

ביי, ביי, ביי
לי, לי, לי
עס, עס, עס
מענדל ביילים.

מאַשיאַך: נו, ווידזשע פּאַן! איך האָב אַ ווייב מיט צוויי קינדער, און די קינדער, וויסנזי, דאַרפן גוט עסן און גוט טרינקען און גוט שלאָפן און האָבן גוטע אויפּפּאַסערס. מיין ווייב האָט ליב צו טראָגן די בעסטע פּאַריזער קליידער, פאָרן אין די וואַרימבעדער, שפּילן פּרעפערענס, רולעט, פּינאַקל. (פּויזע) און מיין טאָכטער, פּראָשין פּאַנע, מוז האָבן אַ גוט רייטפּערד אָף צו פאָרן רייטן אין בואַ־דע־בולאָן, וויסנזי!... מאַ לאַאַסויס? איט קענט בי העלפּד. ניקס צו מאַכן.

רעפּאָרטאָרן:

ניקס־ניקס־ניקס,
צו־צו־צו,
ניקס צו מאַכ־ען.

מאַשיאַך (צו זיי): שאַ. און דאַצו, ווידזשי פּאַן, האָט מיך נאָך אַ פרייליין פאַרקלאָגט פאַר 30 טויזנט דאָלאַר שאָדענערזאַץ. איך זאָל איר האָבן גערויבט די ערע. דאָס הייסט, אַזוי זאָגט זי — (שפּאָ־טיש) איר ערע!

רעפּאָרטאָרן:

ע, ע, ע,
רע, רע, רע
גערויבט איר ערע.

זיפּ: נו, קורץ?

טשאַרלי: האַקלאַל?

מאָשיאַך: די געשיכטע איז זייער איינפאַך, ווידזשי פּאַן. איך וויל, הייסט דאָס, 260$ א וואָך פאַר אויסלייזן, פּראָשין פּאַנאַ! פאַרגעסט נישט, איך בין אַן אידעאַליסט. אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין סאַך אידעאַליסטן און מאַרטירער—אַמעריקע, ווידזשי פּאַן, איז א לאַנד פון גאַשמיעס.

רעפּאָרטאָרן:

גאַש, גאַש, גאַש
מי, מי, מי
יעס, יעס, יעס
גאַשמיעס.

(פון איצט אָן גייט עס האַסטיקער און מעלאָ־דעקלאַמאַציע, אָדער געזאַנג)

זיפּ: 110 גיב איך. (ער הויבט זיך אויף און זעצט זיך באַלד קריק).

מאָשיאַך (אויך אַזוי): 110 נעם איך נישט.

רעפּאָרטאָרן (אויך אַזוי):

110 נעמט ער נישט.
ער נעמט נישט קיין 110.

זיפּ: גיב איך 115.

מאָשיאַך: 115 נעם איך נישט.

רעפּאָרטאָרן:

115 נעמט ער נישט.
ער נעמט נישט קיין 115.

זיפּ: גיב איך 125.

מאָשיאַך: ניין.

זיפּ: 150. מער גיב איך נישט א סענט.

מאָשיאַך: ווי זי וואַלען! דאָס איזט אירע זאַכע. נע־ספּאַ? איך וועל פאַר וויניגער ווי 200 דאָלאַר א וואָך נישט אויסלייזן דאָס פאָלק יסראָעל פון גאָלעס. פאַרגעסן זי ניכט וואָס פאַר אַן אַלט פאָלק דאָס איז! און וואָס פאַר אַן אַקשאָנים! ס'אַ שפּילכל אויסצולייזן אַזאַ פאָלק! אויסער דעם, די אויסגאַבן פונם בעגזין פאַר מיין מאָטאָר־

ציקל. זי פארלאנגען דאך נישט, אז א מאָדערנער מאָשיאַך זאָל קומען צו רייטן אַף אַן אייזל. (דייטש) דאס ווערע יאַ שאָיסליך, און ווען דער אייזל זאָל נאָך עטוואָס אָפּטאָן! קענען מיר נאָך איינגעמען מיט אים בושעם — נע־ספּא? אווקאָרז!

רעפּאָרטאָרן: האקלאַל, מיר'ן מאַכן א פשאָרע: 175 דאָלאַר א וואָך מיט געזאָלין.

זיפּ: נו, גוט. אָפּגעמאַכט. אָבער מיט א י י ע ר מאָטאָרציקל. שא, ברענגט טאַקע באַלד אהער אייער מאָטאָרציקל. לאָמיר זען, צי סי אַרבעט.

מאָשיאַך: ס'איז מיר גוט. אן אייגן מאָטאָרציקל? וואס בין איך, א ראקעפעלער? איך האָב אייגענע קוואַלן מיט געזאָלין? איך וויל 200 דאָלאַר א וואָך און א מאָטאָרציקל אַבוץ.

זיפּ: אן אקשן. (שושקעט זיך מיט טשאַרלין): נו, אָלרייט, אָפּגעמאַכט. וואס קען מען מיט אייך טאָן? איכ'ל אייך געבן מיין אייגן מאָטאָרציקל, שוין א ביסל גענוצט אפילע, אָבער ס'איז נאָך גאַנץ גוט.

מאָשיאַך (קווענקלט זיך): די פראגע איז נאָר, צי אייער מאָטאָר־ציקל איז אין גוטער אָרדנונג.

זיפּ: וואָס? איר גלויבט מיר נישט? זיפּקינען גלויבט איר נישט? דאָס איז שיין. (צו טשאַרלין) ברענג ס'מאָטאָרציקל, לאָז ער זען (לעבן דער שוועל פריווט מען דעם ביציקלעט. ער אַרבעט, מאַכט קוילעס).

טשאַרלי: אויב שוין יאַ אזוי, דאַרף מען טרינקען מאַהאַריטש. (ברענגט בראנפן, אַלע טרינקען).

זיפּ: לעכאאים, לאָז גאָט העלפן, אז ס'זאָל זיין גוטע ביזנעס.

מאָשיאַך (אין געזאַנג): מעד איז מעד און שנאַפּס איז שנאַפּס.

רעפּאָרטאָרן: טו לאָמיר אַלע געבן מיט די פיס א קלאַפּ.

מאָשיאַך: מיט די פיס א קלאַפּ און מיטן קאָפּ א דריי.

אַלע: און לאָמיר אַלע שרייען: הור, הור, הוריי!

מאָשיאַך: נו, גוט. איצט וועל איך זעלבסט אויספּריוון דאָס מאָטאָרציקל. היט זיך. אוועק פון דאַנעט! (אָפּ).

רעפּאָרטאָרן:

ווידער, ווידער, נייעס.
פון יסראָעלס צאַד.
מיר לויפן הענדום־פּענדום
באשרייבן עס אין בלאַט.
וויוואט, וויוואט, וויוואט.

אַלע: באשרייבן עס אין בלאט.

רעפּאָרטאָרן: ווייל מיר זענען די מכותאָנים.

אַלע: פון דעם כאָסנס צאַד.

זיפּ: איצט האָבן מיר עס! איצט וועלן מיר אים ווייזן, דעם מנאבעמקען, וואָס ס'הייסט ברענגען א מאָשיאַכן—מאָשיאַכן וועט ער ברענגען. מ י ר וועלן ברענגען מאָשיאַכן! און דאַווקע א מאָדערנעם מאָשיאַך. און דאַווקע פאר וויבער און דאַווקע אף א מאָטאָרציקל, 70 מייל א שאָ.

(ס'הערט זיך אַ טומל פון אַ מאָטאָרציקל. אַלע לאָזן זיך צו דער טיר)

רעפּאָרטער: וואָס איז?

צווייטער: פלאָסי שלאָגט אונזער דייטש, דעם דאָקטאָר זעסטעלבערג, אונזער קאָווגער מאָשיאַכן—

ערשטער: פאַרוואָס?

צווייטער: זי זאָגט, ער האָט זי פאַרפירט.

זיפּ: אזוי ע ר איז דאָס דער פאַרפירער אירער דער כאַזער. (וויל זיך אַ לאָז־טאָן צו דער טיר, כאַפּט זיך קריק): אָבער סי לוינט ייך נישט צו מאַכן דאַפון קיין וועזן. ביזנעס איז ביזנעס.

פאָרהאַנג

# פערטער אַקט

## ערשטע סצענע

(אין צירק. ס׳איז נאָך פרי. ס׳איז נאָך קײענער נישטאָ. זיפּ טוט זיך אָן, טשאַרלי העלפט אים)

**זיפּ:** ס׳זאָל טאַקע עמעס זײַן, אַז מאַנכעמקעס בעוורע האָבן געמאַכט אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר אָן זײער מאָשיאַך־אַקציען־געזעל־שאַפט?

**טשאַרלי:** אַזוי זאָגט מען, מר. זיפּקין.

**זיפּ:** הם... מיט דעם גאַליציאַנער פאַרשוין? מיט דעם אידל?

**טשאַרלי:** יאַ, מיט דעם פאַרשוין. מ׳זאָגט, אַז ער קלײַבט זיך מיט אים מאַכן אַ טור איבער גאַנץ אַמעריקע, מיט זײַן גאַליציאַנעם מאָשיאַכן, און אַז דזשײקעלע בלאָפער װעט מיט אים מיטפאָרן.

**זיפּ:** די געשיכטע איז ערנסטער, װי איך האָב געמײנט.

**טשאַרלי:** און נישט נאָר דאָס. ס׳זאָל הײסן, מנאַכעמקעס בעוורע האָבן אַרויסגענומען אַ פּעטענט אַף זײער מאָשיאַכן, און אַז מיר װעלן ברענגען אונזערן, װעלן זײ אונז קלאָגן אַף אַ מיליאָן דאָלאַר שאָדנגעלט.

**זיפּ** (טראַכט): דאָס איז אַן ערנסטע פראַגע, טשאַרלי, זײער אַן ערנסטע פראַגע. (אַנדערש) נײן, ס׳איז גאָרנישט. געזעצלעך האָט ער נישט קײן שום גרונט אונז צו פאַרװערן צו ברענגען נאָך אַ מאָשיאַכן. מנאַכעמס בעוורע האָבן בלויז אַ פּאַטענט אַף אַ מאָשיאַך מיט אַ ב אָ ר ד. אָבער אונזערער האָט קײן באָרד נישט.

**טשאַרלי:** זײַנער האָט שוין אויך נישט קײן סאַך באָרד! איר זענט אַ מיוון, װי גיך ער האָט זיך אויסגעגרינט, דער לעקיש! און װי ער האַלט זיך שוין פאַר אַ גאַנצן כאָכם—דער גאַליציאַנער מאָשיאַך זײַנער?

**זיפּ:** װעל... אַ פּיאַיקער מענטש איז ער, דער גאַליציאַנער! דאָס קען מען נישט זאָגן, אַלע גאַליציאַנער זענען פּיאַיקע מענטשן, דאָס מוז מען צוגעבן. אָבער איך רעכן, אַז אונזער קאָװנער מאָשיאַך איז בעסער, און אַז מיר קענען מיט אים שלאָגן יענעם: ערשטנס, צוליב דעם, װאָס אונזער מאָשיאַך איז מער מענטש צום אָנקוקן. צװײטנס, האָט ער בעסערע פאַרבינדונגען מיט דער פּרעסע. דריטנס איז ער אַ ציוניסט.

טשארלי: יענער, זאָגט מען, איז שוין אויך געוואָרן אַ ציוניסט, צי אַ פּויעלעציען—איך געדענק שוין נישט.

זיפּ: וואָס מיינסטו? איז טאַקע נישט גוט.

טשארלי: מיין אייצע וואָלט געווען, מי זאָל אמאַלגאַמירן. מאַכן אַ „מוירדזשער", ווי מי רופט דאָס. איך האַלט פון דעם קלאַל, אַז אין פאַראייניקונג ליגט מאַכט. איר האָט ביידע אַ גאָלד־גרוב, מ'דאַרף נישט צעשפּליטערן די קויכעס.

זיפּ (פאַרטראַכט): האַ, וואָס האָסטו געזאָגט? צעשפּליטערן די קויכעס? דאָס איז עמעס. די קויכעס זענען צעשפּליטערט. אינ־איינעם וואָלט מען געקענט איבערקערן וועלטן: צוויי משיכים מיט אמאָל, איינער פאַר ווייבער, און איינער פאַר מאַנצביל; איינער פאַר אינטעליגענטן, איינער פאַר דער מאַסע; איינער פאַר אויסגע־גרינטע אידן, דער אַנדערער פאַר אימיגראַנטן. פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט, טשארלי? דאָס הייסט, אַז מיר פאַרכאַפּן דעם גאַנצן מאַשיאַך־מאַרק און שליסן אויס די מעגלעכקייט פאַר יעדער קאָנ־קורענץ, דאָס הייסט נישט נאָר געלט, נאָר אויך קאָוועד און מאַכט. ווען מיר ווילן, לייזן מיר אויס, ווען מיר ווילן נישט, לייזן מיר נישט אויס.

טשארלי: פון וואָס?

זיפּ: וואָס איז דער כילעק—פון וואָס? מיר לייזן אויס, דאָס אַליץ! אַן אויסגעלייזטער מענטש איז גאָר אַן אַנדערער מענטש, טשארלי. דאָס פאַרשטייסטו דאָך אַליין אויך.

טשארלי: אַ נישט־אויסגעלייזטער קאָן זיך נישט גלייכן צו קיין אויסגעלייזטן. דאָס איז ריכטיק. די גאַנצע זאַך איז נאָר—

זיפּ: וואָס?

טשארלי: די זאַך איז נאָר, אַז מיר וועלן קומען צו אים, צו מנאַכעמען, און נישט ער צו אונז, וועט ער אונז אָנכאַפּן באַם האַלז—און אונז דערשטיקן. איר קענט נישט מנאַכעמקען! דאָס איז דאָך אַ גאָרגל־שניידער, אַ באַנדיט.

זיפּ: דאָס איז עמעס, טשארלי. אָבער דאַפאַר טאַקע, ווייל ער איז אַ באַנדיט, ווייל ער איז אַ גאָרגל־שניידער, מוז מען אים אַריינגעמען פאַר אַ שוטעף, וואָרין אַ פּייאיקער מענטש איז ער דאָך, דאָס קען מען נישט אָפּלייקענען.

טשארלי: ווער לייקנט דען? מנאַכעמקע איז אַ געניע.

זיפּ: הם, אויב ער איז אַ געניע, וואָס־זשע בין איך שוין?

טשאַרלי: איר זענט אויך אַ געניע, נאָר פון אַן אַנדער סאָרט. אַ שטילערער. יענער איז אַ פלאַם־פייער. אַ קעשענע־גאַנעוו.

זיפ: בע, ס'איז נאָך נישט אַזוי געפערלעך! נישט מער, יענער איז געווען דער ע ר ש ט ע ר. און ער האָט פארכאַפּט דעם פּאַטענט. אָט וואו די צאָרע ליגט. אָ, יעס, דאָס איז נישט גוט, זייער נישט גוט.

טשאַרלי: אויב דאָס געריכט זאָל פּאַסקענען, אַז זיין פּאַטענט איז גילטיק אַף אַ ל ע מאַשיאַכן—אַפילע אָן בערד אויך, זענען מיר באַלילע אין פעסל.

זיפ: אַזוי ווייט האַלט עס נאָך נישט. אין געריכט האָב איך נאָך, דאַנקען גאָט, אויך אַ שטיקל דייע — נאָר וואָדען, זאָגן, אַז ס'וואָלט נישט געווען גלייכער זיך צו פאַראייניקן, זאָג איך נישט. נאָר מ'דאַרף זיין פאָרזיכטיק — ער זאָל נישט דערשמעקן, אַז מיר לויפן אים נאָך.

טשאַרלי: איר ווייסט וואָס איך טראַכט, מר. זיפּקין?

זיפ: וואָס?

טשאַרלי: איך טראַכט, אַז מ'וואָלט עפשער געקענט אונטער־שטעלן זיין מאַשיאַכן אַ פיסל —

זיפ: איך פאַרשטיי נישט.

טשאַרלי: ס'איז פּאָשעט. אַזוי ווי ער רעקלאַמירט דאָך, אַז זיין מאַשיאַך איז געקומען אויסלייזן אַ ל ע ק ל א ס ן מ ע נ ט ש ן —אַפילע קריסטן א ו י ך, קען מען דאָך דאָס עפשער אויסטייטשן, אַז ער איז אַן אינטערנאַציאָנאַליסט. אויב אַזוי פון וואַנעט ווייסן מיר, אַז ער איז נישט קיין קאָמוניסט? און אַז ער איז נישט געשיקט געוואָרן פון מאָסקווע טאַקע, פון קאָמינטערן?

זיפ: איז אָבער די צאָרע, וואָס ער איז אַ גאַליציאַנער.

טשאַרלי: דאָס איז גאָרנישט. ער קען זיין אַ גאַליציאַנער און אַרבעטן פאַרן קאָמינטערן. למאַי קאַרל ראַדעק?

זיפ: וואָס האָסטו געזאָגט? קאַרל ראַדעק? באַלשעוויק? קאָמינטערן?

טשאַרלי: אַוואַדע, אַוואַדע. און אויב אַ באָלשעוויק פון קאָמינטערן, דאַרף מען אים אַרויסשיקן פון לאַנד. האַ, וואָס זאָגט איר, מיסטער זיפּקין?

זיפ: כ'ווייס... מירן זען... דאָס וועלן מיר האַלטן פאַר אַ לעצטן מיטל. דו פאַרגעסט, טשאַרלי, אַז מיר וועלן א ו י ך מוזן אָנקומען צו די גוים. פון אידן אַליין קען מען קיין לעבן נישט

מאכן. און דו פארגעסט נאך א זאך, טשארלי, אז אונזער מאשיאך איז א קאוונער, און אז קאוונע האט אמאל געהערט צו רוסלאנד—

(אויפטריט דזשעקעלע בלאפער)

דזשעקעלע: העלאו, מר. זיפקין. העלאו, טשארלי.

זיפ: העלאו.

טשארלי: העלאו, וואס איז נייעס?

דזשעקעלע: גארנישט. איך גיי דא פארביי, טראכט איך: פרי איז, און קיין ביזנעס מאכט מען נאך נישט, וועל איך אריינלויפן זען, וואס סי הערט זיך בא אייך נייעס.

זיפ: בא אונז איז, דאנקען גאט, אלץ אלרייט. ווי איז בא אייך?

דזשעק: אויך אלרייט.

טשארלי: אלרייט?

דזשעק: אלרייט.

(פויזע)

זיפ: און אזוי איז גאר נישט קיין נייעס בא אייך?

דזשעק: בא אונז? ניין. און בא אייך?

טשארלי: בא אונז איז אויך קיין נייעס נישטא.

טשארלי: וואס מאכט אייער מאשיאך?

דזשעק: א דאנק. וואס זאל ער מאכן? ער האט זיך שוין אויסגעלערנט שפילן אפענעם פאוקער.

זיפ: ווייטער איז גאר קיין נייעס נישטא?

דזשעק: אז מיר האבן א פאטענט אף אים, ווייסט איר דאך מיסטאמע.

זיפ: פון וואנען זאל איך וויסן?

דזשעק: איך האב געמיינט, אז איר ווייסט. — אונזער פאטענט איז אף אלע משיכים, אין אלע צייטן, אין אלע לענדער.

זיפ: אזוי ווייט ווי איך געדענק, איז פאראן א פונקט אין דעם פאטענט-געזעץ, אז פאטענטירן קען מען בלויז דעם אריגינאל. אבער אז עמיצער קומט און בעסערט אויס דאס ארטיקל, פאלט שוין אוועק יענעמס רעכט.

דזשעק: דארף מען אבער ערשט קענען באווייזן גענוי, אז שום סאפעק, אז דאס נייע ארטיקל איז א פארבעסערונג פון דעם אלטן. א שריט ווייטער, אזוי צו זאגן.

זיפ: דאס קען מען.

דזשעק: איר זענט דאך עפעס א קלוגער מענטש, מר. זיפקין, ווי קומט עס צו אייך צו זאגן אזא נארישקייט? ווער קען, אשטייגער,

באַוויזן, אַז ער האָט אַ בעסערן מאַשיאַך ווי אונזערן. און אויב בעסער, מיט וואָס איז ער בעסער?

טשאַרלי: מיט וואָס איז ער בעסער? ער איז בעסער מיט—

זיפּ: ער איז בעסער מיט דעם, וואָס ער איז נישט קיין „פּאַריי־נער", נישט קיין גרינער.

דזשעק: אָבער אַ איד איז ער? וואָס איז דער כילעק?

זיפּ: שוין אַ גרויסער כילעק! פון אַ מאַשיאַכן, וואָס איז געגאַנגען אין קאַלעדזש און קען שפּילן פוטבאָל, טאַנצן בלעקבאָטם, ביז אַ גרינעם מאַשיאַך, וואָס קען נאָך פאַרשלעפּן קיין אַמעריקע דער־רואַך ווייסט וואָס.

טשאַרלי: מיינע רייד!

דזשעק: וואָס קען ער, אַשטייגער, אַזוינס פאַרשלעפּן? קיין טראַכאָמאַ האָט ער נישט, קיין טובערקולאָז אויך נישט, קיין פּאָקן אויך נישט—און געמאָזלט האָט ער שוין אויך, אַנישט וואָלט מען אים נישט אַריינגעלאָזט קיין אַמעריקע.

זיפּ: נישט דאָס מיין איך.

טשאַרלי: נישט דאָס מיינט מען.

דזשעק: וואָס דען קען ער, אַשטייגער, פאַרשלעפּן?

זיפּ: כ'וויים... ער קען, אַשטייגער, פאַרשלעפּן באָלשעוויזם. דאָס הייסט: איך זאָג נישט, זאָל גאָט אויסהיטן! אָבער ס'קען דאָך זיין. אַן אינטערנאַציאָנאַליסט איז ער? אויסלייזן לייזט ער אויס אַלע שיכטן און נאַציאָנאַליטעטן? דאָס זאָגט איר דאָך אַליין—הייסט דאָך דאָס וואָס? הייסט דאָך דאָס, אַז זיין אידעאָלאָגיע איז דורכויס אַ באָלשעוויסטישע. דאָס הייסט, איך זאָג נישט, אָבער ס'קען דאָך זיין. אין שטאָט רעדט מען טאַקע.

דזשעק: בין איך מעשוגע, צי זענט איר מעשוגע, צי איר ווילט מיך מאַכן פאַר אַ מעשוגענעם? וואָס הייסט—„באָלשעוויק? יענער ווייסט אַזוי פון באָלשעוויזם, ווי אַ האָן אין בנייאָדאָם.

זיפּ: ס'מאַכט נישט אויס. אַ מענטש קען זיין אַ באָלשעוויק און אַליין נישט אָנהויבן צו וויסן דאַפון. און איר ווייסט דאָך, ווי מ'האָט ליב די רויטע באַ אונז אין וואַשינגטאָן, ביפּראַט נאָך גרי־נע־רויטע! אייך איז דאָך מינהאַסטאַם אויך באַקאַנט דאָס געזעץ וועגן אימיגראַנטן, וואָס זענען סאָנים פון דער מאַכט?

טשאַרלי: וואָס דען, דזשעקן איז נישט באַקאַנט? וואָס איז ער עפּעס פון נעכטן אָן אין אַמעריקע?

דזשעק (פויזע): הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, דזשענטל־לייט: וואָס טויגן מיר דאָ די אַלע זאַכן? איך בין געקומען רעדן

ביזנעס, דאָס הייסט, איך רעד נישט פאַר מיר אַליין, איך רעד פאַר דער פירמע „מנאַבעם יאָזעף", פון וועלכער איך בין אַ פּאַרטרעטער.

זיפּ: וואָסערע ביזנעס קען איך האָבן מיט מנאַבעם יאָזעפן? יענער איז הו־האַ־הי. איך בין אַן אַנדערער. איך בין סאָליד, אַ שטיין, אַ שטיק קרעמען—אַט וואָס איך בין! אָ, יעס. באַ מיר איז אַלעס ראיעל! מיט אַ פונדאַמענט און מיט אַ טיפן פונדאַמענט. אַזאַ מענטש בין איך. אָט האָט יענער מנאַבעם יאָזעף געמאַכט אַ גאַנצן טראַסק מיט זיין שטיקל מאָשיאַך.

דזשעק: שטיקל מאָשיאַך?

זיפּ: שטיקל, שטיקל! וואָס דען אַ גאַנצער מאָשיאַך איז ער? ער וואָלט עפּשער געווען אַ גאַנצער מאָשיאַך אין ווארשע אָדער לעמבערג, אָדער אין קאַידענאָוו, אָבער נישט אין ניו יאָרק, נישט אין אַמעריקע, נישט אין 20טן יאָרהונדערט. נישט אין יאָרהונדערט פון פּראָגרעס. (פּויזע) איך האָב אַ מאָשיאַך.

טשאַרלי: מיר האָבן אַ מאָשיאַך—

זיפּ: אַ יונג מיט ביינער, אַ קראַסאַוועץ, אַ ציוניסט. אַ פּאַר־שוין, אַן אַטלעט. ער האָט געוואונען פּרייזן פאַר פוטבאָל און אין הייבן שווערע געוויכטן. ער איז אַ צווייטער שימשנאַגיבער. יעס, יעס. און אַ כוח דעם—

טשאַרלי: אַ כוח דעם—

זיפּ: וועט אונזער מאָשיאַך נישט קומען צוקריכן אויף אַן אייזל, ווי אייערער. ער וועט אַריינקנאַקן קיין ניו יאָרק אויף אַ מאָטאָרציקל, באַגלייט פון אַ סקאַדראָן פייערלייט אין געלע אָטאָמאָבילן. איבער זיין קאָפּ וועט פליען אונזערס אַן עראָפּלאַן, מיט אַן אַנאָנס, געשריבן אין רויך: „מאָשיאַך איז געקומען—הי איז היר! דער סאַמע נייעסטער מאָשיאַך. לייטעסט סטייל — לעצטע מאָדע, קאָם איל פּאָ, נאַטהינג בעטער"—

דזשעק: הם... דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן, אַז איר'ט האָבן וועמען צו ברענגען אויף אַ מאָטאָרציקל, אַז איר וועט, הייסט עס, האָבן אַ מאָשיאַך.

זיפּ: מיר האָבן שוין—

טשאַרלי: מיר האָבן שוין.

דזשעק: אַז איר האָט אַ מאָשיאַך ווייס איך. די פראַגע איז נאָר, צי וועט מען אים נישט אַריינזעצן אין כאַדגאַדיאָ, איידער ער יועט האָבן אַ געלעגנהייט צו קומען אויף אַ מאָטאָרציקל.

זיפּ: ווער וועט אים אַריינזעצן אים כאַדגאַדיאָ?

דזשעק: איך וועל אים נישט אריינזעצן. מ י ך האָט ער נישט געשענדעט. באַ מיר האָט ער נישט גערויבט די ערע!

זיפּ (דערשראָקן): שש... און וועמען האָט ער יאָ געשענדעט?

דזשעק: אַ פרוי, פאַרשטייט זיך.

זיפּ (מאַכט זיך נישט וויסנדיק): ווער איז די פרוי? מעג מען וויסן?

דזשעק: מי מעג וויסן. ס'איז קיין סאָד נישט. אין אַ צוויי טעג אַרום וועלן עס אַלע וויסן. די זאַך איז שוין צוגעגרייט פאַרן פּראָקוראָר.

זיפּ: נו, לאָמיר שוין הערן, וועמען האָט ער אַזוינס געשענדעט, אונזער קאָוונער מאָשיאַך?

טשאַרלי: וועמען?

דזשעק (קאַלט): ער האָט געשענדעט די אומשולדיגע פלאָסי. וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט באַ אונז אין אָפיס, (מעלאָדראַמאַטיש) ער האָט איר ערע גערויבט.

טשאַרלי: כאַ־כאַ. באַ איר האָט מען באַדאַרפט רויבן די ערע? מיין גאָט! מיין גאָט!

טשאַרלי: ביטע, ביטע, ביטע! נאָר נישט אַזוי. פלאָסי איז פּונקט אַזוי אָנשטענדיק, ווי עמיצער אַנדערש. אַ כוץ דעם האָט זי איידעס, אַז זי האָט געשריגן. דאָ ליגט פאַר, הייסט דאָס, אַ גאַנץ פּאָשעטער פאַל פון פאַרגוואַלטיקונג! אַ כוץ, פאַרשטייט זיך, שאָדנ־געלט פאַר איר צעבראָכן האַרץ—80 טויזנט דאָלאַר.

זיפּ און טשאַרלי (קוקן זיך איבער): הם... אַזוי.

דזשעק: אַזוי, אַזוי.

(פּויזע)

זיפּ: ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, דזשעק, מיילע, וואָס דו זאָגסט דאָרטן „שענדן־שמענדן", מיר זענען מענער און מיר וויסן. וואָס דאָס הייסט. אַז מ'וועט קומען אין געריכט, האָב איך דאָרטן אויך עפּעס צו זאָגן. און וועגן פלאָסין האָט טשאַרלי אויך עפּעס צו דערציילן. האַ, טשאַרלי?

טשאַרלי: איך מיין עפּעס—איך בין נישט איינמאָל מיט איר געשלאָפן—

זיפּ: שש... מי פרעגט דיך נישט.

טשאַרלי: און איר מיינט, אַז מיר שרעקן זיך טאַקע איבער פאַר דעם, וואָס מ'זאָגט, אַז אונזער מאָשיאַך איז אַ קאָמוניסט?— ס'איז לעבערלעך!

דזשעק: דאָס איז עפּשער אויך עמעס. נישט מער: דער טומל אַליין קען שוין שאַטן צו ביזנעס, אַפילו ווען ס'זאָל זיך נאָכדעם אַרויסווייזן, אַז ס'איז גאָרנישט. דעריבער זאָג איך דאָך: גוטע סבוירע האָבן מיר? איינגאַנצן זענען מיר צוויי אָפּן יאָריד, ביידע פּיאַיקע מענטשן, ביידע ביזנעסלייט—

טשאַרלי: זשעניען!

דזשעק: זשעניען!

זיפּ: ביידע ערלעכע לייטע! ביידע מענטשן, וואָס פאַרשטייען אַ ביזנעס. טו צו וועלכע גוטע יאָר דאַרפן מיר אַ קאָנקורענץ? איך האָב אַ מאָשיאַך פאַר ווייבער—דו האָסט אַ מאָשיאַך פאַר מאַנצבילן—גוט! איך האָב אַ מאָשיאַך אָן אַמעריקאַניזירטן, דו האָסט אַ גרינעם—פיין! דו ביזט אָן אָנפירער מיט טעאַטערס, איך—מיטן צירק—פיין! און שאַ. ווייסט, וואָס סי פאַלט מיר איין? סי פאַלט מיר איין, אַז מיר קענען גאָר אַראַנזשירן אַ פּרייז־פייט, אַ באָקס ציישן ביידע משי־כים, טאָקע באַ מיר אין צירק. ערשטנס, צוליב דער רעקלאַמע. צווייטענס, קען מען דאַביי מאַכן אַ טוהלער. וואָרין וועלכער ספּאָרט וועט נישט צאָלן 15 דאָלאַר פאַר אַ בילעט צו זען צוויי משיכים פייטן זיך? איז איינמאָל אַוועק. צווייטנס איז דאָ נאָך אַ טשוואַק דאַביי: גלייך נאָכן פייטן קאַסירן מיר אויס דעם פאַלשן מאָשיאַך, דעם געשלאָגענעם, און מיר לאָזן איבער דעם עמעסן מאָשיאַך, דעם, וואָס האָט געזיגט. געווינען מיר מיט דעם צוויי זאַכן: ערשטנס, שטעלן מיר אַוועק אונזער מאָשיאַך־קאַרטל אַף אַ פעסטן עקאָנאָמישן באָדן: 1 מענטש נאָ־שטאָט 2; צווייטנס שפּאָרן מיר אַ העלפט פון דעם געלט, וואָס דער אַנ־דערער מאָשיאַך וואָלט גענומען. דריטנס שליסן מיר אויס ווייטערע קאָנקורענץ, וואָרין אַז מ'וועט מוירע האָבן פאַר כאַפּן קלעפּ—

דזשעק: האַקלאָל, סי געפעלט מיר. איך לויף טאָקע באַלד אַריבער צו מר. מנאַכעם יאָזעפן, און מירן זען, וואָס מ'קען טאָן. די מאַיסע מיטן פייט איז מיר אַריין אין דער נאָז, ס'איז אַ גרויסע אידייע. אַ „פייט" ציישן צוויי משיכים! אַ קליינינקייט! איין מאָשיאַך בוכץ, דער צווייטער מאָשיאַך פלעם, טראַסק, קנאַק. איינער מיט אַ צעבלו־טיקטער נאָז, דער אַנדערער מיט אָן אויסגעשלאָגן אויג—כאַ־כאַ. אויב דאָס וועט שוין נישט שטעלן אַמעריקע אַף די פיס, ווייס איך שוין נישט.

טשאַרלי: ס'וועט שטעלן, ס'וועט שטעלן. ס'לאַנד וועט זיך וויגן! מירן אָנשיטן בערג מיט געלט. אַ כויץ—קאָוועד, ס'אַ קליי־ניקייט אַזאַ קאָוועד.

זיפּ (אַנטציקט): אַ פייט ציישן צוויי משיכים! אַזוינס האָט נאָך אַפילו אַמעריקע נישט געהאַט.

דזשעק: נו, לויף איך, גודביי, גודביי!

זיפ: נו, מ'קען שוין אָנהויבן. מאַכט דאָרט אַ טומל. (שרייט אַרויס) לעבעדיק — — (ווערט אַ טומל. שיטן זיך אַריין מענטשן, ווערט טונקל. פאַלט פאָרהאַנג אַף עטלעכע רעגעס).

טשאַרלי: ליידים און דזשענטלמען! גייט נישט אַוועק! גייט נישט אַוועק! די פאָרשטעלונג הייבט זיך באַלד אָן. (אויטאָמאַטיש) ביג שאָו, ביג שאָו, ביגעסט שאָו אין קוני איילאַנד. (נעמט אַראָפּ פלאָסין פון בעזים. יענע פאַרשווינדט אַף גיך אינעווייניג אַריין).

באַרקער (צו פלאָסין שטילערהייט): שיק אַריין דיין כאָסן, די פרוי מיט דער באָרד, און נעם־מיט דעם בעזים.

(קומט דזשים)

דזשים (אַ דינער, הויכער באָכער מיט אַ באָרד, רויכערט אַ ליולקע): וועל?

יויכינטשע: צום טייוול, לייג אַוועק די ליולקע. ס'עט דיר שטינקען פון מויל, דזשים! דו פאַרגעסט, אַז דו ביזט אַ פרוי. (טראַגיש) מענטש, איין טאָפּ ווען מי גיט דיר כאָלילע, בין איך אומגליקלעך. האָסט כאָטש אָנגעטאָן אַ „דזשאַק־סטראַפּ"? פּרויען קומען צו נאָענט און רעדן מיט דיר! דאַרפסטו זיין פאָרזיכטיק. איך קען נאָך כאָלילע אומגליקלעך ווערן, קאָן איך נאָך כאָלילע. דער אוילעם דאַרף זיך מער נישט ווי דערוויסן, אַז דו ביזט אַ פעיק, זענען מיר קאַפּוט! (שרייט) אומגליקלעך קען זיך נאָך כאָלילע ווערן! מי היט אונז אַזוי אויך מיט טויזנט אויגן. מ'פאַרגינט אונז נישט.

דזשים: וואָס שרייט איר, מר. זיפקין? איר קאָנט רעדן שטילערהייט.

זיפקין: כ'שריי. ווען דו זאָלסט האָבן אַריינגעלייגט אין געשעפט 60 טויזנט דאָלאַר, וואָלסטו אויך געשריען! און דו שטעלסט זיך אַרבטן אָן אַ לענדנגורט —

דזשים: ווער האָט אייך געזאָגט, אַז אָן אַ לענדגורט—איר קאָנט אָנטאָפּן. (יענער טאַפּט אָן. באַרואיקט זיך) האָט קיין מוירע נישט. איך פאַרגעס מיך נישט. (וואָרטשעט) סי איז מיר שוין דערעסן דער גאַנצער צירק, צוליב די לויזיקע ביזנעס דאַרף איך נאָך אויסגעבן געלט אַף לענדגורטן. (טוט זיך אָן, שטאָפּט זיך אויס די בריסט). איך האָב עס באַדאַרפט געניטיק האָבן! ווי אַ געשוויר אַף דער בלינדער קישקע, האָב איך עס באַדאַרפט האָבן. וואָס האָט מיר געפעלט, אַז איך בין געווען אַ פאָטאָגראַפּשטשיק? — איך האָב עפּשער שלעכט פאַרדינט? און שפּאַס געהאַט. (דערמאָנט זיך) האָב איבערגעשראָקן מאָשיאַכן אַף טויט. (קרימט איבער) זאָג אים,

יאנקל, ער זאָל מיר נישט טאָן קיין רישעס. מי מוז, יאנקל? נו, אז מי מוז, מוז מען! (אַנדערש) איר וואָלט אים באַדאַרפט זען איצט דעם גרינעם כניאָק, מנאַכעם יאָזעפס מאָשיאַך. א גאַנצער קניאַקער געוואָרן היינט! ער מאַכט געלט ווי בלאָטע. (טרויעריק) און מיר, גראָבער קאָפּ, איז גאָר איינגעפאַלן צו ווערן א פרוי מיט א באָרד. יענער האָט כאַטש מיט זיין באָרד געמאַכט זיך א נאָמען בא אידן, אָבער איך וואָס? א שווינדל—א קוני איילענדער פעיק! אַזוי ווי די גויע, וואָס איז האַלב מאַן און האַלב פרוי. (ווי צו זיך אַליין) האַלב מאַן און האַלב פרוי? — מ'האָט אים נעבעך אָפּגעשניטן א ברוסט, ווייל זי האָט געליטן פון א ראַק — ווייזט זי די פלאַכע זייט פון איר ברוסט, דאָס דאַרפט זיין די מאַנצבילשע זייט, און די אַנדערע זייט איז די ווייבערשע. פאַרכאַפּט זאָל דאָס ווערן! א טויט־קראַנקע פרוי, און מוז מאַכן א לעבן פון אויסשטעלן אירע צאָרעס. בררר! איר, מיט אייער קוני איילאַנד!

**זיפקין:** מיין קוני איילאַנד? פאַרוואָס עפּעס מיינס? גאַנץ אַמעריקע איז קוני איילאַנד, נאַרעלע! פעיק, שווינדל, בלאָף.— אָף דעם שטייט אַמעריקע! — פון די עלטסטע צייטן אָן האָט דאָס פאָלק געוואָלט „ברויט און צירק". היינט ווילן זיי דאָס זעלביקע! וואָס ווייניגער ברויט, אַלץ מער צירק מוז מען זיי געבן. און מ'גיט זיי, מ'גיט זיי דען נישט? צירק איז נאָך אַלעמען ביליקער ווי ברויט, ביפראַט א קוני איילאַנדער צירק. (רייבט זיך די הענט) איך האָב זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, ברודערל.

**דזשים:** נו, יאָ... אז איר אַרבעט אַלס פאַרזעעניש, מר. זיפּ־קין, פאַרשטיי איך. איר מאַכט דאָפּן א פאַרמעגן, לעבט אין לוקסוס, האָט אָן איינגענע ווילאַ באַם יאַם, פאָרט אין א פעקאַרד־אָטאָמאָ־ביל. אָבער איך? וואָס האָב איך דאָפּן? 30 דאָליאַרעס א וואָך. שולדיק איז נאָר מיין פלאָסי. ס'איז נישט שיין, זאָגט זי, דזשים, צו זיין א פּראָסטער אַרבעטער, א פּאָטאָגראַפּשטשיק. זוך דיר, זאָגט זי, עפּעס א שענערע פּאַרנאָסע, אָן איידעלערע. איצט דאַרף איך מיך פּאַטשקען מיט דעם־אָ אַכזעריי (שטופּט זיך אָן די בריסט).

**זיפקין** (העלפט אים אָנטאָן): וואָרטשע נישט, ברודער, וואָרטשע נישט. האָסט א גוטן דזשאָב און פאַרדינסט אָן ערלעכע פעני. (שרייט אַרויס) טומל! טומל! וואָס שלאָפט איר דאָרטן?

**דזשים:** דער אָסיפּיצירטער מאָן פאַרדינט מער פון מיר. און ער האָט גאָר ק י י ן אַרבעט נישט. ער ליגט נאָר און שטאַרבט זיך רואיק, וואַרט, אז ס'האַרץ זאָל בא אים פאַרשטיינערט ווערן! דאָס איז אויך אָן אַרבעט? פונדעסטוועגן באַקומט ער מיט 50 דאָלאַר

מער פאַר מיר. און אַפּילע די פּרוי מיט דער אויסגעשניטענער ברוסט פאַרדינט אויך מער פון מיר. וואָס איז? זי האָט אַ ראָק! און אַז איך האָב נישט קיין ראָק, דאַרף איך נישט מאַכן קיין לעבן?

זיפּקין: דו פאַרגעסט, ברודער, אַז ער און די פעטע דאַמע זענען די איינציקע אין אונזער צירק, וואָס זענען נישט קיין בלאָף. אַ כוץ דעם, דו מיינסט איך וויל דעם אָסיפּיצירטן אָפּצאָלן אַזוי פיל געלט? נאָר וואָס קען מען טאָן, אַז ער איז איינער אַפן יאַריד! אַ סאַך מענטשן האָסטו, וואָס זייער בלוט ווערט ביסלעכווייז פאַרשטייי־נערט? איכ׳ל דיר זאָגן דעם עמעס, כ׳זאָרג מיר שוין, וואָס איכ׳ל טאָן אין זעקס כאַדאָשים אַרום, אַז ער וועט אָוועקשטאַרבן? ער איז דאָך בא אונז די הויפּט־אַטראַקציע—פאַרשטייט זיך, אַ כוץ מ י ר, אַ כוץ זיפּן. אָן מיר האָט דער צירק נישט די ווערט אַ פּרוטע. דאָס וועט דיר יעדער איינער זאָגן, דזשים. און דו ווייסט עס אַליין אויך, דזשים. אָ, יעס, אַלע ווייסן אין קוני איילאַנד, אַז דער צירק האַלט זיך אַף „זיפּן", אַף דעם מענטש־רעטעניש. אַף דעם „וואָס איז עס?" ווי האָב איך מיר אַ נאָמען געגעבן—„זיפּ? ווהאַט איז איט?" אַ געלונגענער נאָמען...

דזשים: איך בין אַ גרעסערע אַטראַקציע פון דער פּרוי מיטן ראָק. פרויען מיט בערד זענען נישטאָ קיין סאַך. ביפּראַט מיט אַזאַ לאַנגער באָרד ווי מיינע (גלעט זיך די באָרד).

זיפּקין: דאָס זאָג איך דאָך: היט אָפּ די באָרד. דזשים! פּילעווע זי, וועסטו זיין אַ לייט. פאַרגעס נישט, אַז דיין קויעך ליגט אין דער באָרד.

דזשים: איך פּילעווע זי דען נישט? איך פּילעווע זי גענוג. באַנאַכט האַלט איך זי אין אַ בייטעלע, אינדערפרי וואַש איך זי, נאָכ־מיטיק האַלט איך זי אַף דער זון, זי זאָל בלאָנדירן. וואָס נאָך קען איך טאָן?

זיפּקין: איך האָב צו דיר גאָרנישט. איך זאָג בלויז, אַז אַ מענטש וויל זיך אַרויפאַרבעטן, דאַרף ער נישט זיין קיין פוילער. מיר לעבן אין אַ גרויס לאַנד, דזשים. אין אַ גרויס לאַנד. אַן עמעסער טאַלאַנט ווערט בא אונז נישט פאַרלוירן. נעם דעם טשעמפּיאָן־שפּייער פון פילאַדעלפיע אַשטייגער. ער פאַרדינט העכער אַ מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. צי נעם מיך אַליין, דזשים. וואָס בין איך געווען מיט אַכט יאָר קריק, אַן אָרימער יונג, אַ האָלעדריגע. געגאַנגען מיטן פּופּיק אין דרויסן. ביז ס׳איז מיר איינגעפאַלן די גוטע געניאַלע אידיייע צו ווערן אַ פאַרזעעניש. פון דעמאָלט אָן בין איך אַלרייט. אָ, יעס. איך האָב מיר געטראַכט אַזוי: אין יעדן מענטשן שטעקט אַ שטיקל

פאַרזעעניש, נאָר ער שעמט זיך עס אַרויסצואווייזן. דאַפאַר אַז זיי זעען אַן עמעס פאַרזעעניש, הירזשען זיי ווי די פערד און פרייען זיך ווי קינדער, וואָס דערזעען זיך אַליין צום ערשטן מאָל אין א שפּיגל. „ווער, ברודער, א פאַרזעעניש", האָט איך געזאָגט צו זיך אַליין. „ווערסטו זיין אַ מענטש און עסן אין סוקע". אַז אַזאַ קרומער קאָפּ, ווי מנאַכעם יאָזעף, האָב איך געטראַכט, קען מאַכן אַ מיליאָן דאָלאַר, דאַרפסטו מאַכן מער, א ס אַ ך מער. דו דאַרפסט אים איבער־שטייגן. אָ, יעס. דו, מר. זיפּקין, דאַרפסט צודעקן מנאַכעם יאָזעפן אַזוי, אַז מ'זאָל אים נישט אַרויסזען. דו דאַרפסט אים „ביטן אי'ן פּיסעס", ווי מ'זאָגט בא אונז אין אַמעריקע.

דזשים (מיט קינע): נו, ווער קען זיך פאַרגלייכן צו אייך, מר. זיפּקין? איר זענט דאָך אַ זשעני. לאָמיר אַזוי זיין מיט אַלעם גוטן! איר זענט אַ זשעניע. איך מאַך אייך נישט קיין קאָמפּלימענטן. נאָר וואָס דער עמעס איז—

זיפּקין (הערט קימאַט נישט יענעמס רייד): אַי, מענטשן וועלן לאַכן, זאָלן זיי לאַכן! שטילערהייט לאַך איך פון ז י י! זיי גיבן מיר אַוועק זייערע גראָשנס און זענען מער פאַרזעעניש פון אונז, דזשים. דאָס זאָג איך דיר. נישט מער, זיי ב אַ צ אָ ל ט מען נישט דאַפאַר, און אונז יע. (רופט אַרויס) טומל, טומל, טומל! וואָס שלאָפט איר דאָרטן, צום גוטן יאָר? (קימאַט אויטאָמאַטיש) ביג שאָו, ביג שאָו, ביגעסט שאָו אין קוני איילאַנד.

(פּויזע)

זיפּקין (ציט ווייטער זיין אַפּאָלאָגיע): אַי, וואָס מי שפּיט מיר אין פּאָנים אַריין? איז שפּייט מען מיר! איך האַלט, אַז ס'גאַנצע לעבן איז אַ שפּיי אין פּאָנים און אַ וואָרף אַרויס! דאָס זאָג איך דיר, דזשים! איך, „זיפּ", דאָס גרעסטע פאַרזעעניש אין דער וועלט. איך, דער מענטש־רעטעניש, דער: „וואָס איז עס?", דער באַלעבאָס פון דער־אָ גאַנצער „סייד־שאָו", וואָס האָט די ווערט העכער 100 טויזנט דאָלאַר, זאָג איך דיר! אָ, יעס. דאָס גאַנצע לעבן איז אַ שפּיי אין פּאָנים. כוץ דעם, וואָס איז דער כילעק? צי מיר טראָגן אייגנ שפּייעכץ אונטער די באַקן, צי פרעמד שפּייעכץ אויף די באַקן ס'איז אַלץ איינס, דזשים. אַלץ איינס. אייבערעהעם לינקאָלן האָט געזאָגט: „קענסט נאַרן איין מענטשן אַלע מאָל, קענענסט נאַרן אַלע מענטשן איין מאָל, אָבער קענסט נישט נאַרן אַלע מענטשן אַלע מאָל". איך זאָג פאַרקערט. איך זאָג ווי דער גרויסער צירקוס־מאַן פּיטער באַרנום: „דו קאָנסט נאַרן אַלע מענטשן אַלע

מאָל". אָ, יעס. מענטשן זענען קליינע קינדער, וואָס מער דו נאַרסט זיי אָפּ, אַלץ ליבערשט האָבן זיי דיך. איך גלויב אין בלאָף: דער גאָט פון בלאָף איז דער גרעסטער גאָט אַף דער וועלט, דזשים! גרעסער פון יעשוע האַנאָצרי, גרעסער אַפילע פון עדיסאָנען אָדער פון פאָרדן. ער איז דער איינציקער גאָט, און צו אים דאַרף מען טפילע טאָן מיט אַ גאַנץ הארץ. אַז נישט טויג נישט, אַז נישט איז מען נישט קיין סוק־סעס. איך האָב אָפּגעמאַכט בא מיר: נישט צום אַלטן טאַטן, צו יאַהאָוועז, וועל איך דינען, און נישט צו זיין זינדל יעזוסן, נאָר צו אים, צו דעם געלט, צו דעם אַלמעכטיקן, וואָס איז לויטער צונג, לויטער אויער, לויטער ביישעק, לויטער אַפּעטיט, לויטער לעבן. פאַרשטייסט, דזשים? זיי מיינען, אַז איך בלאָף בלויז צוליב געלט, אָבער דאָס איז נישט עמעס. איך בין אַן א י ד ע אַ ל י ס ט, דזשים. איך בלאָף צוליבן ב ל אָ פ ן. אָט, לעמאָשל, האָב איך געהאַט געגרינדעט די אַקציען־געזעלשאַפט פון מיין צירק, מיט דער קאַוואָנע אָפּצובלאָפן און אויסנאַרן בא מענטשן געלט. ווייל איך בין געווען זיכער, אַז דאָס געשעפט וועט זיין באַנקראָט אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום. אויסגעלאָזט האָט זיך פאַרקערט: דאָס געשעפט האָט זיך אָנגעהויבן צו באַצאָלן, און איך, ווי דער פּרעזידענט פון אַן אַקציען־געזעלשאַפט, האָב באַדאַרפט דערקלערן אַ דיווידענד אַף די אַקציעס, האָב איך געפילט, אַז איך טו־אָפּ אַן אומריינע זאַך. „עמעס", האָב איך געזאָגט צו זיך, אַז אָן אַ באַנקראָט קען איך פאַרדינען מ ע ר — אָבער סי גייט נישט אין דעם — סי גייט אין פּרינציפּ! מיין פּרינציפּ איז דאָך געווען צו בלאָפן. און אַז ס'האָט זיך אויסגעלאָזט פאַר־קערט, האָב איך געהאַט גרויסע יסורים דאַפון. (לירישׁ) אָ, יעס. איך בין נישט קיין מענטש אָן פּרינציפּן, דזשים. דאָס וויל איך, אַז דו זאָלסט וויסן.

**דזשים**: איך ווייס, איך ווייס, מר. זיפּקין. איר דאַרפט מיר נישט זאָגן.

**זיפּקין** (מיט אַ גרינגן זיפץ): איך דאַרף מיך שוין גיין איבערטאָן צו דער אַרבעט. די שאָו הויבט זיך באַלד אָן. (אין דרויסן טומלט מען אַלע מאָל שטאַרקער) ס'איז היינט אַזאַ הייסער זונטיק און זיי... גאָרנישט... (ווייזט אין דרויסן אַרויס, צו די קלעזמער) זיי שלאָפן. די בלעטער שרייבן, אַז מי ריכט זיך היינט אַף אַ האַלבן מיליאָן מענטשן אין קוני איילאַנד. (ווי צו זיך אַליין. באַלעקט זיך אַזש פון דעם געדאַנק) אַך, האָב איך ליב אַזאַ טאָג. (שילדערט) ס'איז הייס. מי ווערט שיר דערשטיקט. מי שוויצט, מי שטופּט זיך, מי זידלט זיך, מי קאָן איינער מ'אַנדערן נישט לײַדן. די כאַיע איז אויפ־

גערייצט, זי וויל זיך אמוזירן. ברויט! צירקוס! וואָלוועלע סייד־שאָום! קוני איילאנד! איין דיים, צען סענט! מער ווי צען סענט אַף אמאָל וועלן זיי דיר נישט געבן, די אָרימע טייוואָלים! אָבער די 10־סענט־שטיקלעך וועלן זיי דיר געבן אַזוי אָפט ווי דו קאָנסט עס נאָר באַ זיי אַרויסנאַרן. און פון די דיימס ווערן דאָלארן, און פון די דאָלארן ווערן הונדערטער, און פון די הונדערטער ווערן טויזנטער, און פון טויזנטער ווערן מיליאָנען. און אַז מ׳האָט מיליאָנען, איז מען אַלרייט. מיט עטלעכע מיליאָנען דאָלאר קען איך, „זיפּ", ווערן פּרע־זידענט פון אמעריקע אַפּילע. אָ, יעס, פּרעזידענט פון אַמעריקע. פּרעזידענט פון דער רייכסטער רעפּובליק אין דער וועלט. און זיי שלאָפן (ווייזט אַרויס) זיי גייט עס נישט אָן. זיי שלאָפן. (רופט) העי, וואָס שלאָפט איר דאָרטן? זעט איר דען נישט, אַז מענטשן וועלן היינט פאַלן אין די גאַסן פון היץ? (גליקלעך) וואָס פאַר אַ טאָג! וואָס פאַר אַ טאָג. ערשט 9 דער זייגער אינדערפרי, און מי קאָן שוין נישט כאַפּן דעם אָטעם. (רופט העכער) העי, דאָרטן, באָיעס, גיט זיך אַ צאַפּל!

(לישעט מען געפּערלעך אין אַלערליי אינסטרומענטן)

פּאָרהאַנג

# פינפטער אַקט

די זעלביקע סצענע. ביידע משיכים גרייטן זיך צום פייט מנאַכעמס מאָשיאַך זאָגט טילים. אים רינגלען אַרום: מנאַכעם, פלאָסי, דזשעק.

פלאָסי (קייעט גומי).

דזשעק: די פאַרשריפטן ווייסט איר, פעטער? נישט שלאָגן נידעריקער פונם גאַרטל.

מאָשיאַך: ער האָט דען אַ גאַרטל?

מנאַכעם: איך מיין, נישט שלאָגן נידעריקער ווי די מילע.

מאָשיאַך: נו, און אין דער מילע אַליין מעג מען?

מנאַכעם: כאָלילע, וואָס רעדט איר. ס'איז קעגן געזעץ. דאָס אַמעריקאַנער געזעץ איז אַף דער זייט פון... מ... מילע!

מאָשיאַך: נו, גוט. אַז מי מוז שלאָגן העכער פון דער מילע, מוז מען. (קרעכצט) גאָט זאָל כאָטש העלפן עך זאָל האָבן קויעך.

דזשעק: נעמט זיך אין די הענט אַריין, פעטער, ווערט אין קאַעס, פאַרגעסט נישט, אַז יענער וויל בא אייך צונעמען די פאַרנאָסע.

מאָשיאַך: אוי, וויי איז מיר! פי־נו־סע (זוכט עפעס אָפן האַלז אונטערן העמד).

פלאָסי: וואָס זוכט איר?

מאָשיאַך: ס'אַ קאָמייע, וואָס מיין מאַמע אָלעאַשאָלעם האָט מיר געגעבן, איר זכוס זאָל מיר ביישטיין, ריבוינעשעלוילעם! (דאבי־ וועט אַרויס אַ קאָמייע).

פלאָסי (שטילערהייט): וואָס טויג אייך די קאָמייע, זי וועט אייך העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. איך האָב פאַר אייך אַ בעסערע קאָמייע. אָט. (נעמט אַפיר פון אונטערן שאַל אַ פידקאָווע).

מאָשיאַך: וואָס איז דאָס?

פלאָסי: שש... ס'איז אַ פידקאָווע. די אַמעריקאַנער גלויבן, אַז אַ פידקאָווע איז מאַזלדיק. פרעגט טשאַרלי טשאַפלין, וועט ער אייך זאָגן.

מאָשיאַך: אהאַ, כ'פאַרשטיי שוין! דאַפאַר הענגען זיי אויף פידקאָוועס אַף די ביישטידלעך פון זייערע טירן. אהאַ, אזוי די מאַנסע—און עך האָמיך אַלץ געכידעשט.

פלאָסי: יעס. (פויזע) נעמט, מר. מאָשיאַך, די פּידקאָווע. דאָס איז אַ סגולע צו געווינען אַ „פּייט".

מאָשיאַך (נעמט די פּידקאָווע, וויל זי אַריינלייגן אין קעשענע).

פלאָסי: נישט אין קעשענע. נאָר אַהער־אָ. (זי לייגט עס אים אַריין אין דער „הענטשקע").

מאָשיאַך: האַלוואַי, סי זאָל כאָטש זיין אַ גוטע סגולע, ריבוני־ שעל־עולם! (קרעכצט) אוי, די ביטערע פּי־נו־סע!

פלאָסי: ס'וועט זיין אַ גוטע סגולע, מר. מאָשיאַך. זאָרגט זיך נישט.

(אין דער צייט האָט זיך יענער מאָשיאַך אויך געגרייט צום „פּייט". אַרום פּלאַטפאָרם, וואו דער „פּייט" דאַרף פּאָרקומען, שטייען די 4 רעפּאָרטאָרן מיט זייערע פאָ־טאָגראַפישע אַפּאַראַטן. זיפ און רעפּערענט רעדן עפּעס צום יונגן מאָשיאַכן. אַלטער מאָשיאַך איז לייבצו־דעקל, קושט דאָס סידורל. לייגט עס אַוועק. גרייט זיך. דאַוונט עפּעס. דער יונגער מאָשיאַך מאַכט גימנאַסטישע איבונגען).

דזשעק (צום אַלטן מאָשיאַך): ווערט אין קאָעס, פּעטער.

אַלטער מאָשיאַך: איך מוז ווערן אין קאָעס, דזשעק? פאַר־וואָס? וואָס'ל איך האָבן דאַפון?

דזשעק: מי שמועסט מיט אייך, אַז מי מוז, מוז מען. אָן קאָעס וועט איר נישט געווינען. אייערע שאַנסן זענען אַזוי אויך שוואַכע.

אַלטער מאָשיאַך: איז דאַרף איך, הייסט עס, ווערן אין קאָעס? נו, מיילע, אַז מי מוז, מוז מען. (זיפצט) אוי, ווי איז מיר! (אַנדערש) פאַרוואָס זאָל איך ווערן אין קאָעס אַף אים? ער האָט מיר דען עפּעס געטאָן, דזשעקעלע?

דזשעק: אַוואַדע האָט ער אייך געטאָן. ער גייט אַף אייער ברויט, אַף אייער פּאַרנאָסע, פּעטער.

אַלטער־מאָשיאַך: אוי־וואַי איז מיר! אַף מיין פּאַרנאָסע. אַזאַ... אַזאַ... עכ'ל אים שוין וואַהזן.

דזשעק (קלאַפּט אים אַפן פּלייצע): אַטאַבאָי! אָט אַזוי איז גוט. בראַוואָ!

זיפ (צום יונגן מאָשיאַך): איר פאַרשטייט: דער וואָס פאַר־לירט, פאַרלירט נישט נאָר געלט, נאָר אויך זיין קאַריערע אַלס מאָ־שיאַך. דאָס דאַרפט איר גוט געדענקען. אָט יענער אידל וויל באַ אייך צונעמען דאָס שטיקל ברויט וויל אייך אומגליקלעך מאַכן. און

ווער איז ער? אַ גרינער איד, אַ כאַאימקע... אַן איגנאָראַמוס. אַ גאַליציאַנערל.

**יונגער מאָשיאַך** (שמייכלט): ס'איז אָלרייט, מר, זיפּ! באַאומרואיקט אייך נישט, ביטע. מירן אים צעפּלעכטן באַם ערשטן גאַנג. פּאַרלאָזט זיך אַף מיר. ס'איז אָלרייט. ווי אַ ווייניקן עפּל וועלן מיר אים צעשלאָגן, זאָ וואַר מיר גאָט העלפּט! ס'איז נאָר אַ ראַכמאָנעס אַף זיין פרוי און קינדער. נאָר וועמעס שולד איז עס? אַזאַ קילעוואַטע אידל נעמט זיך אונטער—

**זיפּ**: זייט נאָר נישט אַזוי זיכער באַ זיך! מ'קען קיינמאָל נישט וויסן. כ'האָב שוין געזען אידלעך, וואָס אַפּן אויסזען וואָלט איך פאַר זיי נישט געבן קיין גראַהצער און אַז ס'קומט צו עפּעס, וויזן זיי אַרויס אייזערנע גווירעס. איר שפּילט זיך מיט די גאַליציאַנער אידלעך? דאָס איז באַנדיטן, נישט קיין מענטשן.

**טשאַרלי**: איר ווערט בעסער אין קאַעס אַף אים. אָן קאַעס וועט איר גאָר נישט מאַכן—פאָלגט מיך.

**זיפּ**: סינע איז שוין אין זיך אַליין אַ גרויסער קויעך. פאַרוואָס, מיינט איר, האָבן די אידן ווי אַ ראַסע איבערגעלעבט אַלע סאָנים און זיי געגעבן אַזוי צו זאָגן אַ היסטאָרישן נאַקאַוט? דאַפאַר, ווייל זיי האָבן זיך באַוואָפנט מיט סינע. סינע איז דאָס שאַרפסטע געווער. סינע און קאַעס.

**יונגער מאָשיאַך** (מער אין קאַעס דפאַאַר וואָס זיי נודיען אים, ווי אַף דעם קאָנקורענט): דאָס גענינגט! דאָס גענינגט! הערן זיי מיר אויף געבן אייצעס. זי מאַכן מיך נערוועז. קרייץ־שאָקבילי־אָנדאָנער־וועטער־נאָכאַמאָל!

(סיהערט זיך דער קלונג־צייכן אַף דער בינע)

**דזשעקעלע**: לידיס און דזשענטלמען! איך דאַרף אייך נישט זאָגן, אַז דער היינטיקער פרייזפּייט איז, אַזוי צו זאָגן, הייסט, עס, אַ היסטאָרישער. מיר האָבן שוין געהאַט אין אַמעריקע פייטס צישן אידן און ניגערס, צישן אירלענדער און דייטשן, צישן רוסן און פראַנצויזן, צישן אַמעריקאַנער און כינעזער, אָבער אַ פייט צישן צוויי משיכים איז עטוואָס גאַנץ נייעס. נאָך נידאַגעוועזענעס. אַזוינס האָט נאָך די אַמעריקאַנער אינטעליגענץ נישט בייגעוואוינט. דער „פייט" איז אין ניין „ראַונדס". דער הער מאָשיאַך נומער נול (ווייזט אַפן אַלטן) וועגט אַ נאַקעטער 145 פונט. מאָשיך נומער צוויי נולן (ווייזט אַף דעם יונגן) וועגט מיט גענויע 3 פונט מער. ביידע זענען מידל־ווייטס, דער מאָשיאַך וואָס וועט געווינען וועט אַרויסקומען אַלס איינער פון די גרעסטע פיגורן אין אונזער פרייזפּייט. זיין קאָפּ

וועט זיך באַדעקן מיט לאָרבערן פון גלאָרי. (פויזע) דער היינ־טיקער פּיט איז אַראַנזשירט פון די כאַשעווע הערן אימפּרעסאַריאָס מר. זיפּקין (זיפּקין פאַרנייגט זיך) און מר. מנאַכעם יאָזעף. (דער לעצטער פאַרנייגט זיך).ביידע גוטבאַקאַנטע שאָוליוט און ביזנעס־מען. בלויז דורך אַ קאָמבינאַציע פון אַזוינע צוויי זשעניען (ווייזט אַף זיפּן און אַף מנאַכעם יאָזעפן. ביידע האַלטן זיך באַ די הענט. פאַרנייגן זיך) און דורך דער פאַראייניקונג פון די קאַפּיטאַלן פון אַזוינע צוויי באַרימטע פינאַנציסטן, איז מעגלעך געוואָרן צו געבן דער אַמעריקאַנישער אינטעליגענץ אַן אָוונט פון געננים פון אַזאַ הויכער מאַדרייגע. אונזער הייגטיקער פּרייזפּייט וועט זיך, ווי געוויינטלעך, אָנהייבן מיט אַ טפילע פון דעם רעווערענד דר. רעבע סטעפאַן שווארץ פונם טעמפּל לאַי־לאָנו־אייל!

**ראַבי** (מורמלט אַ טפילע. אַלטער מאָשיאַך זאָגט נאָך „באָרכהו באָרכשמויי" און „אָמיין". דער אינגערער מאָשיאַך זאָגט בלויז „אַמעין").

(הייבט זיך אָן דער פּייט)

**שטימען:**

דערלאַנג אים!
זעץ אים אַרוים אַן אויג.
האַק אים אונטער אַ ריפּ.
לאָז אים אַרוים די קישקעס.
דערהאַרגע אים.
קיל הים.
קיל די אָלד מאָשיאַך.
קיל די יאָנג מאָשיאַך.
קיל 'עם.
קיל 'עם.

(אַלטער מאָשיאַך געווינט גאָר שנעל, ווערט אַ גרויסער הוראַ. מיהויבט אים אין דער לופטן).

**אַלטער מאָשיאַך** (דערזעט ערשט וואָס ער האָט אָפּגעטאָן): אוי ווי איז מיר, כ'האָבן צעבלוטיקט (קען נישט קוקן).

**דזשעק:** ס'איז גאָרנישט, פעטער, ס'איז גאָרנישט. מי מוז אַזוי, ס'איז אַמעריקע!

**פלאָסי** (לאָזט זיך צום אַלטן מאָשיאַך, וויל אים קושן. יענער לאָזט זי נישט).

**אַלטער מאָשיאַך:** איך מוז מיך קושן מיט מיידלעך, דזשע־קעלע?

דזשעק: מי מוז, פעטער, מי מוז.

אַלטער מאָשיאַך: נו, אַז מי מוז, מוז מען. (לאָזט זיך קושן. האָט דאַפון בויכווייטיק).

דזשעק: לײדים און דזשענטלמען, איך וועל אייך פאָרשטעלן דעם מאַן, וואָס פאַרדינט דעם גאַנצן קרעדיט פאַר דעם היינטיקן שפּעקטאַקל. דאָס הייסט נישט ער אַליין, נאָר אויך דער מר. זיפּקין (זיפּ פאַרנייגט זיך). ביידע פאַרדינען אונזער גרעסטע אַנערקענונג, דאַפאַר וואָס זיי האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין געלט און קיין מי צו אַראַנזשירן דעם גרעסטן פייט פון אַלע צייטן און פון אַלע לענדער, אַ פייט וואָס מוז זיין אַ קאָוועד פאַר יעדן אַמעריקאַנעם בירגער בי־כלאַל און, דער איקער, פאַר אונז, איזראַעליטן, וואָס אונזער געשיכטע גייט קריק ביז דזשערוזאַלעם, ביז ציי־אָן, ביז דעם באַרג לע־באַנאָן, ביזן טייך דזשאָרדאַן, ביז דער קויסעל האַמאַראָווי. לײדים און דזשענטלמען, סי וועט צו אייך רעדן נישט קיין אַנדערער, ווי מר. מנאַ־כעם יאָזעף אַליין, פּ ע ר ז ע נ ל ע ך! (מאַכט מיט די הענט מיזאָל זיך אויפשטעלן, מיפאָלגט אים נישט. גיט ער אַ צייכן צו די מוזי־קאַנטן זיי זאָלן שפּילן די אַמעריקאַנער הימנע, מוזן זיך שוין אַלע אויפהייבן).

מנאַכעם יאָזעף: לײדים און דזשענטלמען! וועל, ס'האָט זיך געטאָן אַ ביסל. דער פייט צווישן ביידע משיכים—דעם עמעסן מאָשיאַך (ווייזט אַפן אַלטן) און דעם פאַלשן מאָשיאַך (ווייזט אַפן יונגן, וואָס ליגט אין געהאַקטע וואונדן) איז ערנהאַפט געענדיקט. דער לאָרבערקראַנץ קער צו אים, צו דעם זיגער, וואָס האָט באַדעקט מיט גלאַנץ און מיט גלאָרי דעם קאָפּ פון אונזער נאַציע, אַזוי גוט ווי זיין אייגענעם קאָפּ. (טוט אים אָן אַ קראַנץ) דער היינטיקער פּרייזפייט האָט נאָכאַמאָל באַוויזן, אַז אפילע אין אַ פייט צישן צוויי מענטשן שפּילט נישט אַזאַ ראָלע דער פּ י ז י ש ע ר קויעך, ווי דער ס י י כ ל! אונזער מאָשיאַך האָט זיך געשלאָגן מיט סייכל (יענער האַלט די הענטשקע מיט דיר פּידקאָווע און גלעט זי) דאַפאַר איז ער אַרויס דער זיגער. יענער (ווייזט) האָט זיך געפייט אָן סייכל, אָן פאַר־שטאַנד, דאַפאַר איז ער געשלאָגן געוואָרן אַזוי מיעס. אָבער ער האָט דאָס ערלעך פאַרדינט—דער מאַן. ער האָט נישט באַדאַרפט, ניין, ער האָט נישט געטאָרט זיך אונטערנעמען זיך צו שלאָגן מיט אַזאַ הייליקן מאַן, מיט אַזאַ געטלעכן מאַן, וואָס לייזט אויס אַלע קלאַסן מענטשן סיי פאַר קעש געלט, פאַר מזומען, הייסט עס, סיי אַף אויס־צאָלן. (פּויזע) דער היינטיקער זיג שטעלט אַוועק אונזער איין־און־איינציקן מאָשיאַך אין איין רייע מיט די גרעסטע מענער פון לאַנד—

ווי דזשעק דעמפּסי, ווילאַרד, פּיטצסימאָנס, קיד מקאָי, פּרעזידענט קולידזש, און איך גלייב, אַז פאַר דער אַמעריקאַנער נאַציע. סיי אידן, סיי קריסטן קאָן נישט זיין קיין גרעסערער קאָוועד ווי צו לאָזן זיך אויסלייזן פון אַ מאָשיאַך, וואָס אַ כוץ אַ מאָשיאַך איז ער אויך אַ דזשענטלמען און אַ פייטער, אַ מאָשיאַך וואָס פירט אַן אנשטענדיק פאַמיליע־לעבן און לייגט געלט אין דער באַנק, קעדיי ער זאָל אַף די עלטערע יאָרן נישט דאַרפן אָנקומען צו די קינדער. איך דאַנק אייך. (דערמאָנט זיך) יעס, דער יונגער מאָשיאַך איז טויט, זאָל לעבן דער נייער מאָשיאַך, הוראַ! (פּויזע) וואָס נאָך האָב איך געוואָלט זאָגן? יעס, איצט לאָמיר אַלע אויפשטיין און זינגען אונזער נאַציאָנאַלן הימן.

(אוילעם שטעלט זיך אויף. זינגט די „האַטיקוואָ" צו דער מעלאָדיע פון „יענקי דודל".)

פאָרהאַנג

# די טראַגעדיע פון גאָרנישט

צייט : קיינער ווייסט נישט ווען.
פלאַץ : קיינער ווייסט נישט וואו.
מענטשן : קיינער ווייסט נישט ווער.

פ י ג ו ר ן :

קעניג *).
קעניגין.
היטער פון די פאַרמעטן.
דער שטערנזעער.
דער נאַר.
דער קראַנקער פרינץ.
אַלטער גאָט.
יונגער גאָט.
טייוול.

אַ הונט
אַ קאַץ.
אַ שטאַפעט.
אַ פידל־שפילער.
אַ מאַן, אַ פרוי, אַ קינד.
פיר גייסטער.
מיידל.
אינגל.
דאָקטאָר.
אַפטייקער.

1טער אַקט : אין הימל.
2טער אַקט : אַפטייק.
3טער אַקט : פרינצס צימער.
4טער אַקט : קעניגס זאַל. ס׳ זעט זיך אַ ווינקל פון פרינצס שלאָפצימער.
5טער אַקט : ווייגגאָרטן.

## ערשטער אַקט

אין הימל. אַ טראָן איבערן ערדקוגל. די געטער־פיס טיף אינם ערדקוגל.

אַלטער גאָט. יונגער גאָט. טייוול

*) די טערמינען „גאָט“, „קעניג“, „קעניגין“, „פרינץ“ א. אז. וו. דאַרפן ווערן אין מיטאָלאָגישן זין.

אַלטער גאָט (הערט זיך איין אין די געשרייען): זיי וואויען ווי קרעציקע הינט, און וויינען, און בעטן הילף. ווי לאַנגווייליק דאָס איז.

יונגער גאָט: לאַנגווייליק, לאַנגווייליק. טויזנט גראָע אייבי־קייטן ליגן פאַר אונז, און וואָס זאָלן מיר טאָן מיט זיי?

אַלטער גאָט: וועלטן און וועלטן און וועלטן. יעדע וועלט אַ לייקע אין דער אַנדערער. דורך אַלע רינט אונזער ווילן.

יונגער גאָט: ראַכמאָנעס איז אַ גרויסער ציל, מוזן דעריבער זיין יסורים און קראַנקהייטן און מאַטערנישן, אַז אונזער ראַכמאָנעס זאָל נישט פאַרשימלט ווערן.

אַלטער גאָט: איך בין אַלט, שטריינג און שטראָפּענדיק. מיליאָנען יאָרן שוין, אַז איך לייד פון מיר אַליין און זע קיין סאָף נישט!

יונגער גאָט: מיר זענען די לעכט, וואָס מע האָט אונז באַפוילן זיך אַליין אָנצוצינדן, אָבער אַליין אַ בלאָז טאָן אויף זיך און זיך אויס־לעשן קענען מיר נישט.

יונגער גאָט: מיר זענען פאַרשקלאַפט צו אונזער אומענד־לעכן קויעך. ער באַזיגט אונז.

אַלטער גאָט: און ווער האָט אונז באַשאַפן, ווער?

יונגער גאָט: און צוליב וואָס?

אַלטער גאָט: אַ הונט, אַז דער באַלעבאָס וויל ער זאָל גיין אין וואַסער און זיך וואַשן, וואַרפט ער אַ שטיק האָלץ אין טייך און דער הונט שטעלט־איין דאָס לעבן און שווימט און ראַטעוועט דאָס שטיק האָלץ.

יונגער גאָט: ער רופט עס „אָפּערווייליקייט".

אַלטער גאָט: מיר וואַרפן־צו דאָס לעבן צו אַלע ווידמונגען פון דר'ערד. און זיי טראָגן עס ווי זייער אייגנס, פרייען זיך מיט דעם, אָדער שרעקן זיך טאָמער וועלן זיי עס פאַרלירן.

אַלטער גאָט: אָבער צו וואָס דאַרפן מיר עס, מיר אייביקע געטער? און פאַרוואָס מוטשען מיר די מענטשן צו זיין גוט, ווען אין זייער בלוט רינט אונזער ווילן צו שלעכטסקייט?

יונגער גאָט: די לאַנגווייל הענגט איבער אונז און פרעסט אונז אויף. וואָס קענען מיר טאָן?

אַלטער גאָט: אָבער איך בין דער שטאַרקערער גאָט, דער עלטערער! אַ סאַך וועלטן האָב איך שוין צווישן מיינע פינגער צעריבן

און אוועקגעבלאָזן ווי שטויב. אָבער וואָס העלפט עס? ס'איז לאַנגווייליק.

יונגער גאָט: איך בין אינגער און מוטיקער.

אַלטער גאָט: אונזער גרעסטע גרויסקייט איז די גרויסקייט פון אונזער אייגענער האַנט. די ווייטסטע ווייטקייט—די דערגרייכונג פון אונזער איינציקן שפּאַן. וואָס קען אונז טרייסטן?

יונגער גאָט: קראַנקע פּאָטערס האָבן זייערע קראַנקע קינדער ישפּילעכלעך געגעבן, און די פּאָטערס אַליין פאַרשפּילן זיך מיט די יסורים פון זייערע קינדער.

אַלטער גאָט: דאָס לעצטע זעמדל אַפן באַרג איז הויך, ווייל אַנדערע זענען נידעריק, אָבער וואָס איז נידעריקער פון אונזער ווילן? העכער פון די האָר פון אונזערע קעפּ? מיר זענען אַלצדינג. (גרינג). שוין דערעסן פון אונזערע רייד אויך. (ער רופט אַרונטער). וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָדעש? צי איז מען אַזוי מיספּאַלעל? העכער! לעבעדיקער! (צום יונגן גאָט) צו וואָס דאַרף איך עס? מיליאָנען יאָרן אַז מ'לויבט און מ'רימט מיך ווי איך באַפעל. סי איז שוין נימעס און דערעסן, אָבער זינגען מוז מען פאָרט. איך פאַרלאַנג דאָס ד ו ר כ ו י ס פון זיי, ווייל ע פּ ע ס מוזן דאָך אַפילע געטער אויך פאַרלאַנגען.

יונגער גאָט: און איך האָב האָלד ווייִרויך! און גלאָקן־קלאַנגען! (שרייט אַרונטער) קלינגט העכער די גלאָקן! לעבעדי־קער! וואָס איז עס פאַר אַ קלינגען? רויכערט געדיכטער דעם ווייִרויך! (צום אַלטן) אָבער וואָס וועט עס מיר גרינגער מאַכן? און מיט וואָס זאָלן מיר דאָס אָפּבייטן?

אַלטער גאָט (הערט זיך איין): זיי יאָמערן און שרייען מיט באַנומענע קוילעס. זיי פאַרלאַנגען איך זאָל באַשטראָפן די האָק, מיט וועלכער איך דערשלאָג זיי. כאַ־כאַ.

יונגער גאָט: האַ־האַ! דאָס איז אונזער געטלעכער שפּאַס.

אַלטער גאָט: מיר ביידע זענען די איינציקע ג ע ר ע כ ט ע מערדער. ווען אונזער האַק בליצט פאַר די אויגן, לויבט מען אונזער גוטסקייט. אָבער צו וואָס? (דער טייוול קומט). ש־ש. איצט מוז מען זיך האַלטן געטלעך. אַן אונטערטאַן קומט.

יוגנער גאָט: ווי אויפגעקומענע גווירים שעמען מיר זיך פאַר אונזערע קנעכט צו זיין—דאָס וואָס מיר זענען.

אַלטער גאָט: שווייג! ס'איז אונזער געשעפט צו זיין אַלמעכ־טיק! (אונטערדריקט אַ גענעץ).

טייוול (מיד): אַלמעכטיקייטן!

אַלטער גאָט (שטאָלץ): וואָס קומסטו צו מעלדן פון דער ערד?

טייוול (מיד): זיבן הונדערט און זיבעציק טויזנט מענטש־לעכע נעשאָמעס אַרויסגעטריבן פון זייער מוטערס טראַכט און זיבן הונדערט זיבן און זיבעציק טויזנט אַריינגעטריבן קריק. (מיט געבעט) אַלמעכטיקייטן! עפשער וואָלט איר מיר פאַרשפּאָרט די אַרבעט? צו וואָס דאָס לעשן און צינדן, אַז סי קען אייביק ברענען אָדער זיין פינצטער?

אַלטער גאָט (בייז): נישט פאַר דיר צו וויסן. שווייג!

יונגער גאָט: ס'איז אונזער זאַך. שווייג!

טייוול: נו, גוט. אָבער מיר איז שוין נימעס פון גאַנצן שפּיל. נימעס פון טייטן יונגע אומבאַהאָלפענע קינדער און גאָטס־פאָרכטיקע זקיינים. זייערע געשרייען, זייער צאַפּלען זיך, זייער כאָרכלען און בעטן הילף. פאַרוואָס לעשסטו כאָטש נישט אויס בא זיי דעם ווילן צום לעבן איידער דו דערהאַרגעסט זיי? דאָס קענסטו דאָך?

אַלטער גאָט (קוקט זיך איבער מיטן יונגן): נישט פאַר דיר צו וויסן. שווייג! (עס הערט זיך אַ גערויש).

יונגער גאָט: מיר האָבן אַ געהיימען פּלאַן.

אַלטער גאָט (הערט זיך איין אין גערויש): די הימל־פאַבריקן אַרבעטן טאָג און נאַכט צו באַשאַפן שקאַרלאַטין און מאָזלען און שווינדזוכט פאַר די קליינע קינדער וועגן. (טראַכט) האָסטו צעשפּריים די נייע קינדער־מאַגייפע, ווי איך האָב דיר געהייסן?

טייוול: פאַרשפּרייט, לויט אייער באַפעל, אַלמעכטיקייטן. (אַנדערש) אָבער איך בעט אייך, באַפרייט מיך.

אַלטער גאָט: שווייג! זענען די געהענעם־פייערן אין אָרד־נונג?

טייוול: אין אָרדנונג.

אַלטער גאָט: פרעגלען זיך אַלע באַלאַווייריניקעס? (שמעקט) עפּעס פילט זיך נישט קיין רייאַך.

טייוול: מאָגערע זינדער הייננט און מאָגערע זינד. גאָר אין גיכן וועט די זינד איננגאַנצן איר טאַאַם פאַרלירן. (הויבט די פויסט). און דאַן — —

אַלטער גאָט: דאָס וועט נישט זיין.

יונגער גאָט: מענטשן מוזן זינדיקן, קעדיי מיר זאָלן ... קענען פאַרגעבן.

טייוול: און יענע וואָס דינען אייך טריי, שטראָפט איר מיט דעם, וואָס איר זייט אַליין באַשטראָפט געוואָרן—מיט אומשטערב־לעכקייט.

(פּויזע).

אַלטער גאָט (ווייזט אָף אַ זאַק): נעם אָט דעם פּאַק מיט פרישער שקאַרלאַטין און צעשפּרייט אים צווישן די אומשולדיקע יונגע קינדער פון דער ערד.

טייוול: פאַרוואָס? צוליב וואָס?

אַלטער גאָט: איך באַפעל!

יונגער גאָט: מיר באַפעלן!

(פּויזע. געטער קוקן זיך איבער מיד. אונטערדריקן אַ גענעץ. טייוול נעמט דעם זאַק).

אַלטער גאָט (טראַכט): איז ע... וואָס מאַכט וואָרעם נומער 6 מיליאָן 864?

טייוול: ער לעבט.

אַלטער גאָט: ער לעבט?

יונגער גאָט: ער לעבט?

טייוול (מיד): פאַרגעסן אים צו צעטרעטן.

אַלטער גאָט (אויפגערעגט): שוין זאָלסטו גיין אים צעטרעטן. (זוכט אין אַ בוך) שוין איבער דריטהאַלבן מינוט, אַז דער וואָרעם האָט באַדאַרפט זיין טויט. הייסט דאָס אַן אָרדנונג? צום טייוול!

טייוול: נו, גוט. איך וועל אים גלייך צעטרעטן. אָבער צוליב וואָס? וואָס וועט אַרויסקומען?

יונגער גאָט (פרעגט שטומערהייט דעם אַלטן גאָט „טאַקע וואָס" ?)

אַלטער גאָט (קימאַט צו ביידן): דאָס איז מיין געטלעכער באַפעל! (פּויזע). און וואָס איז מיטן יונגן קעניגס זון? שוין דערהאַרגעט?

טייוול: נאָך נישט. ס'אַ ראַכמאָנעס! אַ יונגער מענטש.

אַלטער גאָט: איך באַפעל!

יונגער גאָט: מיר באַפעלן!

אַלטער גאָט: און נישט נאָר דאָס—

יונגער גאָט: און נאָך עפּעס (קוקט אָפן אַלטן גאָט פאַרשנדיק).

טייוול: וואָס נאָך?

אַלטער גאָט: טייטן דאָס קינד מיטן פאָטערס אייגענע הענט.

יונגער גאָט (שאָקלט מיטן קאָפּ).

טייוול: ווי אזוי?

אַלטער גאָט: דאָס קינד ווערט קראַנק. קומט דער הויף־דאָקטאָר, פאַרשרייבט אַ מעדיצין. פאַרבייט דער אַפּטייקער דעם רעצעפּט, און דער פאָטער—אָנשטאָט אַ רעפּוע—דערלאַנגט ער דעם קינד אַ לעפּעלע סאַם.

יונגער גאָט: דאָס איז קלוג.

טייוול: און די פאָלגן?

אַלטער גאָט: דער פּרינץ שטאַרבט, דער דאָקטאָר ווערט צע־שניטן מיט אַ שווערט, דער אַפּטייקער ווערט אויפגעהאַנגען, דער קעניג ווערט מעשוגע און שרייבט אונטער אַ דעקרעט צו פאַרפירן אַ וועלט־מילכאָמע. דאָס וועט אַ ביסל זיין אַ שפּאַס.

טייוול: אָבער צוליב וואָס דער גאַנצער ארומוועג? פאַרוואָס נישט נעמען דעם ערדקוגל און צערייבן צישן די הענט מיט איין מאָל?

אַלטער גאָט: מיר מוזן דאָס, ווייל... (געניצט). נישט דיין זאַך. גיי! (ביידע געטער קוקן זיך איבער פאַרלוירן. געניצן). ל־א־נ־גוויי־ליק!

טייוול (קריצט מיט די ציין און הויבט אַ פויסט): עך, ווען איך זאָלט נישט זיין קיין געטער!

(פאָרהאַנג)

---

## צווייטער אַקט

אַן אַפּטייק.

| | |
|---|---|
| אַפּטייקער. | גייסטער. |
| דאָקטאָר. | אַ רויט־האָריק מיידל. |
| קעניג׳ס שליאַך. | אַ שוואַרץ אינגל. |

אַפּטייקער (רייבט אין שטויסל): אָט אזוי, פלעשלעך מיט קישעף. (ווייזט) מיט קישעף. לעבן ליגט אין זיי, לעבן! (צו אַ קונד) פאַר וויפיל?

קונד: צען גראָשן.

אַפּטייקער: פאַר צען גראָשן היילונג פון אַ געלער פלאַש.

(צו זיך)

### קונדן.

נעם איך די פלאַש
גים איבער אין פלעשעלע,
טרינקט עס דאָס מענטשעלע,
ווערט עס געהיילט.
(פויזע).
שטאַרבט זיך דאָס מענטשעלע,
לייגט מען אין קייווערל,
בליען אויף קרייטיכער.
מישט מען אַ וואַסערל,
היילט מען אַ מענטשעלע. האַ־האַ־האַ!
אייביק אַזוי!

קונד: זאָל כאָטש צו רעפוע זיין. אַ גרויסער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן.

אַפּטייקער: ווי הייסט אייער דאָקטאָר?

קונד: עקסעלפאַנט.

אַפּטייקער: עקסעלפאַנט! עקסעלפאַנט! און פון וואָס ליידט דען אייער ברודער?

קונד: פון לאַגידיטים. אַ גרויסער דאָקטאָר דער עקסעלפאַנט.

אַפּטייקער: יאָ, גאָר אַ גרויסער דאָקטאָר, עקסעלפאַנט. און אַ גרויסער מומכע אַף צו היילן לאַגידיטים. (אַנדערש) שוין עלף יאָר, אַז ער אַליין ליידט דערפון. ס'איז נישט קיין קלייניקייט. (גיט איס סיפלעשעלע).

קונד (קוקט אַפן פלעשל): דאַכט זיך, אַ ש ט י ל וואַסערל, און אַזאַ קויעך! (באַטראַכט די פלעשער פון אַפּטייק) ווען איך טרינק דאָס אַלצדינג אוים, הע?

אַפּטייקער: וואָלט איר געלעבט אייביק און עפּשער ליינגער.

קונד (טרויעריק): און איך בין אָרעם, האָב קיין געלט נישט. קויף איך בלויז אַ קליינטשיק פלעשעלע, רעפועלע. אוי, רעפועלע! (אַרויסגייענדיק צום טאַקט פון מוזיק) אָ, ווען איך טרינק דאָס אַלצדינג אוים, הע?

(אַפּטייקער אַפּ הינטער דער וואַנט)
סיקומען אַריין אינגל און מיידל.

אינגל: דיין טאַטע דער אַפּטייקער איז נישטאָ?

מיידל: אַפּאָנים נישט. (פויזע).

מיידל: לאָמיר שפּילן.

אינגל: לאָמיר שפּילן קאַמער־קאַמער־הויז.

מיידל: לאָמיר קושן זיך ווי טאַטע־מאַמע.

אינגל: און שלאָגן זיך.

מיידל: מיין טאַטע־מאַמע טוען דאָס נישט... ווען מיר זעען.

אינגל און מיידל (קושן זיך און זאָגן): קוש מיך אויף די ליפּן, אָט אזוי. שטאַרקער, שטאַרקער, אויף די ליפּן. אָט אזוי.

מיידל: וועסט מיך אייביק, אייביק ליב האָבן?

אינגל: כ'האָב דיך אייביק, אייביק ליב אַצינד.

מיידל: זעסט, ווי שיין איך בין. (ווייזט) פון אָט די פלעשער איז די שיינקייט מיר געקומען. (ווייזט) אָט פון דאַנען מיינע בונטן רויטע האָר, ווי זאַפּראַן, און פון דאַנען ווייסע איידלע הויט, ווי מירמלשטיין, און פון דאַנען פייער־גלאַנץ אין שוואַרצע אויגן.

אינגל: קישעף ליגט אין אָט די פלעשער — קישעף! מיין טאַטע ווייסט דאָס. ער איז אַ וואונדער־דאָקטאָר.

מיידל: מיין טאַטע גרעסער איז פון דיינעם. ער מישט דאָס וואונדער־וואַסער וואָס איז לעבן, און היילט איעדן אויס.

אינגל: דיין פאָטער קען אליין קיין זאַך נישט טאָן. מיין פאָטער שרייבט די וואונדער־ווערטער אויף, דיין פאָטער גיט דאָס וואונדער־וואַסער בלויז.

מיידל: סקוטשנע. לאָמיר שפּילן.

אינגל: איך וועל זיין אַ דאָקטאָר, ווי מיין פאָטער. איך האָב ברילן. (וואַזשנע) נו, טוט זיך אויס, ביטע! (העלפט איר אויסטאָן).

מיידל: מוז איך מיך אינגאַנצן אויסטאָן, דאָקטאָר ליבער?

אינגל: דורכוים נויטיק, נויטיק. איך מוז מיין אויער צולייגן צום האַרץ (טוט עס). איך הער אַ רויש. דאַכט זיך, אַז דיין טאַטע קומט.

מיידל: דער טאַטע! באַהאַלט זיך! (ביידע קריכן אַריין אין פּאַפּירענע סכוירע־קאַסטנס נאָענט איינס פון ס'אַנדערע, קושן זיך פון צייט צו צייט).

מיידל: איך האָב דיך ליב, קו־קו־רי־קו.

אינגל: איך בין דער שטאָלצער האָן, און דו מיין ליבע הון, קו־קו־רי־קו!

אַפּטייקער (קומט אַרויס): פאַר וויפיל?

אינגל
מיידל } : קו־קו־רי־קו!

(לייגט צו אַ פּלאַש צום אויער) מאָדנע!

אינגל }
מיידל } : קו־קו־רי־קו!

אַפּטייקער (הייבט די אַקסלען. גייט קריק צו זיין אַרבעט. דורך דער איבעריקער צייט הערט זיך זוען־נישט־זוען אַ שטילער קריי).

(פרוי קומט אַריין)

פרוי: הער אַפּטייקער, איך בעט אייך!

אַפּטייקער (קומט אַריין מיט אַ פלעשל): קישעף ליגט דאָ אין די פלעשלעך. ווייסער, שוואַרצער, געלער, בלאָער קישעף אין די קעסטלעך, אין די פלעשלעך. טויזנט יאָרן נישט געלעבטע. (פּלוצים) פאַר וויפיל?

פרוי: מיין זון, מיין קינד.

אַפּטייקער: אַ זון, אַ קינד. דאַרף נאָך לעבן גאָר אַ סאַך. וויפיל ווילט איר?

פרוי: אָט איז דאָס רעצעפּטל, ליבער מענטש. אַ גרויסער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן, אַ פּראָפעסאָר.

אַפּטייקער: ווי הייסט ער, דער פּראָפעסאָר?

פרוי: פּאַדעמפלינט.

אַפּטייקער: אַ, פּאַדעמפלינט, פּאַדעמפלינט! גאָר אַ גרויסער דאָקטאָר. יאָ! טוט־אויף וואונדער. (שטיל). גיט אַ סאַך צו לייזן. (העכער) אויף וואָס קלאָגט זיך אייער קינד?

פרוי: אויף שקאַרלאַטינע.

אַפּטייקער: שקאַרלאַטינע, שקאַרלאַטינע! גאָר אַ גרויסער דאָקטאָר, פּאַדעמפלינט.

פרוי: אַ פּראָפעסאָר.

אַפּטייקער: פּאַדעמפלינט דאַרף זיין גאָר אַ גרויסער קענער אין די זאַכן (אַנדערש) שוין עלף יאָר, ווי זיינס אַ קינד ליידט פון אָט דער קרענק.

פרוי: נעבעך. (אַנדערש) נו, מאַכט עס שנעלער, הער אַפּטייקער. נאָר גענוי, איך בעט אייך, לאָזט נישט אויס אַ פּינטעלע פון דעם רעצעפּט.

אַפּטייקער (לייענט דעם רעצעפּט): אַקוואַ דיסטילאַטאַ (שטילער) וואַסער הייסט דאָס אויף לאַטיין (העכער) דאָס וועט קאָסטן הונדערט זעקס און זעכציק גראָשן.

פרוי: טייער!

אַפּטייקער: ס'איז אייך נישט קיין קלייניקייט, פּראָפעסאָר פּאָדעמפּלינטם רעצעפּט!

פרוי: נו, מאַכט, נו, מאַכט! (גיט געלט) נאָר מאַכט געטריי און אַקוראַט. לאָזט נישט אויס קיין פּינטעלע כּאָליעלע. דאָס לעבן פון מיין קינד, אוי, הענגט דאַרויף. (ווישט זיך די אויגן).

אַפּטייקער: (שטאָלץ, ווי איינער רעדט, סי וועט שוין ווערן רעכט. גייט אָפּ הינטער דעם ווענטל, נעמט וואַסער פון קראַן, מעסט, גיסט אָפּ, גיסט צו, קלעפּט אַרויף אַ צעטל, שרייבט אויף, גיט איר) אַקוואַ דיסטילאַטאַ. (הערט זיך אַ קריי פון אינגל).

אַפּטייקער: וואָס איז דאָס? וואָס קרייט עס בא מיר אַזוי?

פרוי (דערווייל געזעסן אַף אַ זייטיקער באַנק. קומט צו): אַקוואַ דיסטילאַטאַ, אַ וואונדערלעכער נאָמען. זאָל זיין צו רעפוּע.

אַפּטייקער: אָמיין. און דאַרפט איר עפּשער זייף? פּאַרפום? לאַקריץ? שוועבלזאַלב? יאַכן־פּלאַסטער? מיליוטן מיט סעקונדן?

פרוי: נישט איצט. מיין קינד איז זייער קראַנק.

אַפּטייקער: אַ שפּריצערל אַף אויסצורייניקן דעם האַלז? (ווייזט ווי סי שפּריצט) סי הארגעט די באַצילן.

פרוי: די באַצילן, נעבעך! די מאַמעס האָבן זיי געהאָדעוועט, געפּלייגט, אַף די הענט געווים אַרומגעטראָגן, און איצטער, אַז זיי קענען לעבן—

אַפּטייקער: נאַטור־געזעץ! אַלצדינג וואָס סי לעבט, מוז טייטן.

פרוי (נאַאיוו): פאַרוואָס?

אַפּטייקער: ווייל אַלצדינג וואָס איז טויט, וויל לעבן.

פרוי: פאַרוואָס?

אַפּטייקער: ווייל אַלצדינג וואָס סי לעבט און שטאַרבט, וויל— (אַנדערש) אַנטשולדיקט, קונדן קומען.

(אַ מאַן קומט אַריין)

מאַן: (צום אַפּטייקער אין אויער).

אַפּטייקער: געווים און גוטע! דויערן לאַנג און זענען זיכער.

מאַן: זיכער?

אַפּטייקער: זיכער.

מאַן: ס'האָט פּאַסירט אַמאָל צוליב אַ קלייניקייט, אַ שוואַכער פּונקט, און איצט—אַ טעכטערל אַ שיינס.

אַפּטייקער: אַ טאָכטער?

מאַן: יאָ, נאָר —

אַפּטייקער: נאָר וואָס?
מאַן: מיין פרוי, זי וויינט און קלאָגט. זי וויל מער נישט. זי וויל לעבן!
אַפּטייקער: לעבן! אַלע ווילן היינט נאָר לעבן. פערזענלעך לעבן, נישט ווי מיט יאָרן קריק, דורך קינדער.
מאַן (ליריש):

יאָ אַמאָל
האָט זיך דער פאָדים
אַפן לעבנס-שפּול
געוויקלט ווייט און לאַנג.
היינט איז ער קורץ
און פּלאַצט גאָר שנעל.

(אַפן אויער) ס'וועט נישט?

אַפּטייקער: זיכער נישט. איך אַליין נוץ שטענדיק אויך די אייגענע.
מאַן: וויפיל קינדער האָט איר?
אַפּטייקער: עלף, זאָלן זיין געזונט.
מאַן: נו, איר האָט אַ גוט געשעפט, און געלט גענוג, און ברויט פאַר אַלע קינדער. אָבער איך (זיפצט) קינדער קאָסטן געלט. (ווייזט אַף דאָס געקויפטע) און נישט-געבוירענע קאָסטן אויך אַ ביסל. זייט געזונט!
אַפּטייקער: זייט געזונט! זאָל אייך גאָט העלפן.
מאַן (קוקט אַף דאָס געקויפטע): אַלץ אין לעבן פּלאַצט ווי זייפנבלאָזן. (אָפּ).

(דאָקטאָר קומט אַריין)

דאָקטאָר: וואָס מאַכט דער הער אַפּטייקער?
אַפּטייקער: וואָס מאַכט דער הער דאָקטאָר?
דאָקטאָר: דאַנקען גאָט. מע שניידט, מע שניידט—פּיס און הענט, און בייכער אויך. און ווער סי שטאַרבט—דער שטאַרבט. און ווער סי לעבט—דער לעבט. (שטיל, אומעטיק) מיר דאַרפן לעבן.
אַפּטייקער: מיר דאַרפן לעבן.
דאָקטאָר: נעשאָמע-קראַנקע לייט מאַסירן מיר עלעקטריש. אויך קנייפּ-באַהאַנדלונג ווירקט נישט שלעכט אין פאַל פון שיינע פרויען.
אַפּטייקער: קנייפּ? קנייפּ? (מאַכט מיט די פינגער, ווי צו קנייפּן), אַך, יאָ, דאָס איז אַ דייטשע קור. די שוועדן ווידער קנעטן

פעסט די גלידער, ארויף, אראפ. (ווייזט) און היינט די וואסער־קור און פייער־קור, און רעטעך־קור, און לאקריץ־קור?

דאָקטאָר: די קלייען־פּלעצלעך־קור האָט איר פארגעסן?

אפּטייקער: און ראדיום?

דאָקטאָר: ראדיום איז אָ־וואָ־וואָ! אין פילע פאלן וואו מ'נוצט נישט כאָטש אזוי פיל ראדיום, שטארבט דער מענטש.

אפּטייקער: און דארטן וואו מע נוצט עס יאָ?

דאָקטאָר: דאָס ווייסט מען נישט. ערשטנס ווינציק ראדיום פאראן, און צווייטנס, ווייסט מען נישט גענוי, צי נאטור טוט היילן קרענק דורך ראדיום, צי גאָר פארקערט.

אפּטייקער: ראדיום דורך נאטור?

דאָקטאָר: ס'קען זיין. (סיקלינגט דער טעלעפאָן. דער אַפּאַ־ראַט האָט אַ קאָפּ מיט אַ מויל און אַ מענטשלעך אויער).

אפּטייקער (נעמט דעם „אויער"): וויפיל? דאָס רופט מען אייך, הער דאָקטאָר.

דאָקטאָר: נאָר מי רופט און רופט! א קראנקע, שטאר־בענדיקע וועלט, נעבעך. איך בין מיד! (דורכן טעלעפאָן), ווער? דאָקטאָר א י ך, איך! וואָס? א קינד טוט איילן זיך 'געבוירן ווערן? געוויס, אָט קום איך גלייך. איך פּאַק עס באַ דעם קאָפּ, און קום, ברודער! כאַ־כאַ! (צום אַפּטייקער) ווער ווייסט וויפיל מיליאָנען יאָר סי האָט געדויערט ביז אָט דאָס קומענדיקע מענטשן־קינד איז ביז צו מוטער־טראכט דערגאנגען. און דאָ, אין לעבן דויערט עס בלויז א וויילע.

אפּטייקער: נו, יאָ. צישן טויטע צוויי עס לעבט דער מענטש. איין טויט פון פ א ר נ ט, איין טויט פון ה י נ ט ן — דאָס לעבן אין מיטן.

דאָקטאָר: און דאָך אין לעבן וואָס נאָכן ע ר ש ט ן טויט עס גלויבט איעדער, אין לעבן וואָס נאָכן צ ו ו י י ט ן טויט גלויבן ווינציק.

אפּטייקער: נו, ווער פארשטייט?

דאָקטאָר: אַן עפּלבוים בליט און וואקסט, שטייט אויס שטורעמס, שנייען און יסורים. ער ארבעט טאָג און נאכט, ציט זאפטן פון דער הארטסטער ערד, מיהט זיך צען כאדאָשים נאָכאנאנד סי זאָל דער עפּל פארטיק זיין אין צייט. דערנאָך?

אפּטייקער: דערנאָך?

דאָקטאָר: דערנאָך גייט אין פריען זומער דורך אַ מענטש, עסט דעם גרינעם עפּל אויף און שטאַרבט.

אַפּטייקער: ווער פאַרשטייט?

דאָקטאָר: ווער פאַרשטייט?

אַפּטייקער: קיינער נישט! נאָר מיר לאָזן זיך דאָפאַר באַצאָלן!

דאָקטאָר: וואָס קען מען טאָן? קליין זיין איז אין לעבן אויך אַ גרויסע זאַך. אַ קלייניקייט באַשאַפט. כאַ־כאַ־כאַ. נישט אַזוי? אַדיע!

אַפּטייקער: אַדיע, הער דאָקטאָר! נאָר ברייננגט דאָס קינד מיטן קאָפּ אַראָפּ, סי זאָל פאַרשטיין וואוהין סי גייט. גענאַרט עס נישט.

דאָקטאָר: יעדער איינער גייט זיין וועג. דער פרומער מיטן קאָפּ אַרויף, דער סויבער מיטן קאָפּ אָהער, דער דיכטער מיטן קאָפּ אַהין, דער דענקער מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַדיע! (אָפּ. אַפּטייקער פאַרשווינדט הינטערן ווענטל, פאַרשליסט די טירן).

(סיוועדט טונקעלער. סיקומען גייסטער. נעמען פון דער פּאָליצע פלעשער).

ערשטער גייסט (קוקט אַף דער פלאַש): אָט דאָס האָט מיך אין טויט אַריינגעבוירן. מיין צווייטע מאַמע ביזטו, פלאַש. איך קוש דיך.

צווייטער גייסט: איך האָב שלאָפן נישט געקענט. פלעגראַנגלען זיך מיטן שלאָף און שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט. דאָס ווייכסטע קישן איז געווען פון אייזן, און אָט דאָס וואַסערל האָט מיר דעם שלאָף געבראַכט — דעם ליבן, זיסן, טרייסטענדיקן שלאָף. איך קוש דיך!

דריטער גייסט: איך האָב ביז דרייצן יאָר אַדורכגעלעבט דאָס גאַנצע מענטשלעך לעבן. יעדן טאָג זיינעם געהאַט פאַרזוכט. דערנאָך האָב איך אָפּסניי עס אויפגעפרישט און אויפגעוואַרימט. געווען איז עס דאָס זעלבע לעבן, נאָר נאָכאַמאָל געלעבט. און זויער געוואָרן איז אין מיר די זיסקייט פון דער ליבע, פונם לעבן. ביז אָט דאָס געלע וואַסערל האָט מיך באַפרייט. איך קוש דיך!

פערטער גייסט: איך האָב געמאַטערט זיך צישן טויט און טויט. אין גוטסקייט פון דער וועלט אַריינגעטאָן מיין זעל, צו הינט געוואָרפן לעצטן שטיקל ברויט, און קראַנקע מייז געוואַרימט מיט מיין דיך. מיט שטיינער האָט מען מיט געצאָלט דערפאַר. מיט

שפּייעכץ און מיט שטיינער. געבענטשט זאָל זיין דער קרייטיך־שטויב, וואָס האָט געהיילט די האַנט, וואָס האָט אַ האַק געהויבן אַף מיין קאָפּ. זיי געבענטשט!

ערשטער גייסט: איצט פּאַרמישן מיר די הייל־פּלעשער און די פּלעשער סאָם, רייסן אָפּ די צעטלעך, בייטן אום. (טוט עס) ווייל קיינער ווייסט נישט וואָס אַ היילונג איז און וואָס גיפט.

צווייטער גייסט:

זיבן מאָל הימל און זיבן מאָל ערד,
ווּעמען ליכטיקער ווערט?
אַן אייביקייט מער, אַן אייביקייט מינדער,
דער טויט איז אַ בלינדער.

אַלע גייסטער אין כאָר:

מיר זענען אין טויט־שלאָף פאַרוועבט,
ווי שפּינוועבס אַף עפּעס אַ וואַנט,
געבענטשט זאָל טויזנט מאָל זיין
די קילע באַפרייענדע האַנט.

(סי הערט זיך אַ קריי פון די קעסטלעך).

ערשטער גייסט: זאָל דאָס זיין אַ האָנען־קריי?
צווייטער גייסט: דאַכט זיך, יאָ אַ האָנען־קריי.
ערשטער גייסט: דאַכט זיך, נישט אַ האָנען־קריי.
דריטער גייסט: פאַרשווינדן מיר!
פערטער גייסט: פאַרשווינדן מיר.
(זיי פאַרשווינדן).

מיידל
אינגל } (שטעקן אַרויס די קעפּ).

מיידל: עפּעס האָט זיך דאָ געטאָן.
אינגל: שטענדיק טוט זיך עפּעס וואָס.
מיידל (אַרויסקריכנדיק): וואָס דאָס אויג זעט—זעט עס נישט.
אינגל: וואָס דאָס אויער הערט—הערט עס נישט.
מיידל: נאָר וואָס דאָס האַרץ גלוסט...
אינגל: דאָס איז זיכער עמעס (קושן זיך).
מיידל: קום־זשע לעבן גרויסן בלאָען טייך. דאָרט זיצן מיר און ציילן שטערן.

אינגל: דאָרט לאָזן מיר ברענענדיקע לעבט אַפן וואַסער שווי־מען.

מיידל: צו ברעטלעך צוגעטריפט שווימען זיי אַוועק די ברע־נענדיקע לעבט. (שטילער) מיר קוקן נאָך—

אינגל: ווי ברענענדיקע לעבט שווימען אַפן וואַסער.

מיידל: ווי אונזער ליבע.

אינגל: ווי אונזער לעבן.

מיידל: אײנײנעם מיטן וואַסער רינט אַוועק דאָס אויג וואָס זעט עס.

אינגל: אײנײנעם מיטן רויש פון די כוואַליעס, רוישט אַוועק ס'האַרץ וואָס הערט עס.

מיידל } קוש מיך שטאַרקער. אָט אַזוי.
אינגל } (קושן זיך און זאָגן) קוש מיך שטאַרקער, שטאַרקער, אָט אַזוי!

מיידל: דאַכט זיך, עמיץ גייט.

אינגל: דיין טאַטע גייט. איז לויפן מיר.

מיידל: לויפן מיר צום טייך. (פויזע. סי הערט זיך אַ קלאַפּן אין טיר).

(אַפּטייקער קומט פון אונטערן ווענטל מיט אַ לאַמ־טערן, עפנט די טירן).

(דעם קעניגס רייטער קומט אַריין).

קעניגס רייטער: אַף באַפעל פון העכסטער מאַיעסטעט!

אַפּטייקער: צו דינען גרייט! (נויגט זיך).

רייטער: אָט איז דער רעצעפּט פון קעניגלעכן דאָקטאָר. דער יונגער פּרינץ איז זייער קראַנק.

אַפּטייקער: קראַנק? דער יונגער פּרינץ? אָך, גאָט! פון קאָפּ צו קאָפּ מוז גיין די קרוין אין גליכן גאַנג, פון פאָטער ביז צום זון. ווייל ג ל י י כ ק י י ט איז דער וועג פון ג ר ו י ס ק י י ט. (פלינק) אָבער וואָס שטייען מיר ווי בעק און פלאַפּלען? (אַנדערש) מיט שנעלקייט פלינק ווי פייער־פלאַם, מיט פּינקטלעכקייט ווי זייגער־שלאָג, מיט טריישאַפט פון אַן אַלטן הונט—לויף איך שנעל דעם קעניגס קינד צו היילן. (מישט האַסטיק, פיבערדיק) אָט שוין, און זאָל זיין צו רעפוּע! (גיסט אויס דעם לעצטן טראָפּן פון פלאַש).

רייטער (מיט קינע): אַ גאַנצע פלאַש. ס'איז גוט אַ פּרינץ צו זיין!

אַפּטייקער (שטאָפּט־צו די פלאַש מיט אַ קנאַק): אָט אַהער האָב איך דעם בייזן טויט אַריינגעשפּארט. איך לאָז אים נישט אַרויס צום קראַנקן פּרינץ. מיין גרוס און ליבגעזאַנג דעם קעניג!

רייטער: דער קעניג דאַנקט דורך מיר. אַליין בין איך די צונג פון אונזער קעניג.

אַפּטייקער (קוקט אַף אים): אַ שיינע, שלאַנקע צונג. נו, מיט גאָט! אָט באַלד וועט זיך דאָס גאַנצע לאַנד צעקלינגען אין טפילעס פאַרן קראַנקן פּרינץ, און גאָט וועט מוזן הערן. גאָט איז גוט.

אַפּטייקער: יאָ, גאָט איז גוט. מיט זיין גנאָד איז פול די גאַנצע וועלט.

(סי הערט זיך אַ גלעקער־קלינגען).

רייטער: איך לויף. גאָטס רעפוע אין מיין רעכטער האַנט. די שווערט אַף לינקס.

אַפּטייקער (אַף די קני): אָ, העלף־זשע, גאָט, דעם יונגן, קראַנקן פּרינץ! אָ, העלף אויך מיר, דעם וויסטן, אָרימען אַפּטייקער, דערהויבן ווערן צו אַ העכער אַמט. איך וויל ל־ע־ב־ן!

(סיקלינגען גלאָקן. פאָרהאַנג)

---

## דריטער אַקט

(קעניגס שלאָס).

קעניג. קעניגין. דאָקטאָר.

דעקאָראַציע—רויט־ווייס.
בוך געבונדן אין רויט־ווייס.

אַ ריזיק בעט מיט פעסטע שטאַנגען. אַף זיי—לעכט ברענענדיקע. קליין פאַרגראַטעוועטע פענצטער און טירן. אַ שטענדער מיט אַ שווער בוך געבונדן רויט־ווייס.

(דער פּרינץ שלאָפט).

קעניגין: פּרינץ מיינער, ליכטיקער פּרינץ! מאַך אויף דיינע שיינע אויגן.

פּריִנץ: די לעוואָנע...

דאָקטאָר: ער רעדט פון פיבער, זיין פולס איז הויך. אָבער די רעפוע קומט באַלד אָן. כ׳האָב פאַרשריבן אַ רעצעפּט.

קעניגין: פּרינץ מיינער, ליכטיקער פּרינץ! איך האָב אַ גאַנצן טייך אָנגעוויינט מיט טרערן. און וועט דיך גאָט באַ מיר צונעמען, כאָלילע, וועל איך אין מיין אייגן טרערן־טייך זיך וואַרפן.

(קעניג קומט אַריין).

קעניג: וואָס טוט דאָס קינד?

דאָקטאָר: באַלד—און די רעפוע קומט. דער רייטער איז געפלויגן אין אַפּטייק.

קעניגין: פּרינץ מיינער! ליכטיקער פּרינץ! מאַך אויף די אויגן דיינע. איך וועל מיך שטעלן צווישן דיר און טויט. (צום קעניג) גיב דיין שווערט אַהער! דעם טויט וועל איך אַצינדערט טייטן.

קעניג: די קעניגין מוז האַלטן זיך מיטווירדע.

קעניגין: יעדע מוטער איז אַ קעניגין.

קעניג: דו ביזט אין צווייען איצט אַ קעניגין.

פּרינץ: איך וויל לעבן.

קעניגין: דו וועסט לעבן, קינד.

פּרינץ: זאָל מען שפּילן אָפּן פידעלע פאַר מיר.

קעניגין: זאָל גלייך דער פידל־שפּילער קומען.

קעניג (צום דאָקטאָר): קען נישט שאַטן עס?

דאָקטאָר (קוקט אַריין אין אַ בוך): נו, ניין, אָבער בלויז נאָר ביז מי ברענגט מיין מעדיצין.

(סיקומט אַ פידלער און שפּילט. פּויזע).

קעניגין: ווי שיין און זיס עס איז דאָס שפּילן פונם פידל, אַזוי שיין און זיס זאָל אויך דיין לעבן זיין, מיין קינד.

פּרינץ: איך וויל שמעטערלינגען.

קעניגין: ברענגט שמעטערלינגען, די שענסטע!

קעניג (צום דאָקטאָר): קען עס נישט שאַטן?

דאָקטאָר (קוקט אין בוך): ניין, אָבער בלויז נאָר אַף אַ ווייל, ביז מי וועט מיין וואונדער־היילמיטל צוטראָגן ברענגען.

(דערשיינט איינער מיט פאַרביקע שמעטערלינגען, צעלאָזט זיי איבערן פּרינצס קאָפּ. סי קומט אַ באַלעט פון שמעטערלינגען).

קעניגין: פּרינץ מיינער, ליכטיקער פּרינץ! ווי ס׳איז גרינג

אַ שמעטערלינגס פליגלען, אַזוי זאָל דיין לעבן גרינג זיין!

**פרינץ:** איך וויל לעבן! (פויזע). ברענגט מיר פאַרביקע באַלונען.

**קעניגין:** ברענגט פאַרביקע באַלונען פאַר מיין קינד.

**קעניג** (צום דאָקטאָר): קען עס נישט שאַטן? וואָס זאָגט דאָצו די וויסנשאַפט?

**דאָקטאָר** (קוקט ווידער אין בוך. צעגערט): ניין, אָבער בלויז נאָר אויף אַ ווייל, ביז מע וועט מיין וואונדער־היילמיטל צוטראָגן ברענגען.

(איינער ברענגט באַלונען. צעלאָזט זיי איבערן זאַל. ס'קומט אַ באַלונען־באַלעט).

**פרינץ:** כ'וויל זיי זאָלן פליען ביז צום הימל.

**קעניגין:** דאָס קען מען נישט, מיין קינד. די ווענט, דער באַלקן שטערן. יעדע זאַך אין לעבן האָט אַ גרענעץ.

**קעניג** (צום דאָקטאָר): מעג מען אים אַרויסנעמען אין דרויסן און ווייזן אונזער קראַנקן פרינץ, ווי באַלונען פליען אינדער־לופטן?

**דאָקטאָר:** איכ'ל נאָכקוקן די פאָרמעטן פון וויסנשאַפט. (זוכט און גריבלט זיך אין בוך). ניין, מאַיעסטעט, מ'טאָר נישט, ליידער.

**קעניגין** (קימאַט אין געוויין): פאַרוואָס זאָגן אייערע פאַרמעטן קיינמאָל נישט אָט דאָס, וואָס אונזער האַרץ טוט גלוסטן?

**דאָקטאָר:** די וויסנשאַפט איז שטרייגג, לאָזט נישט נאָך אַ האָר.

**פרינץ:** די לעוואָנע גייט־אויס, ס'איז פינצטער. איך וויל לעבן!

**קעניגין:** ווי ס'איז ליכטיק דער ליכטיקסטער זומער־טאָג, אַזוי זאָל ליכטיק זיין דיין לעבן, קינד מיינס.

(פויזע. אין הינטערגרונט שטייט דער פידל־שפּילער און שפּילט שטיל).

**קעניג:** פרינץ מיינער, מיין קרוין וואַרט אויף דיר, מיין גאָלדענע קרוין.

(דורך דער גאַנצער צייט, ביזן סאָף פון לעצטן אַקט, זיך אַלע ווײַלע אַריין דער הונט און די קאַץ).

**פרינץ:** איך וויל נישט קיין קרוין, איך וויל לעבן. זאָל מיר די מאַמע זינגען. נעם אָן מיין האַנט, מאַמעלע.

קעניגין: קראנק קינד מיינס. דיין האנט איז אזוי קיל. לייג זי צו צו מיין הארץ, צו דער מאמעס הארץ. איך וועל דיר זינגען.

פרינץ: זינג מיר פון דער לעוואָנע.

קעניגין: איך וועל דיר זינגען, פרינץ מיינער.

(זינגט)

הויך אַף די בערג די לעוואָנע בליט,
ווייס־פייער, ווייס־פייער גליט,
הויך אַף די בערג, אַף די בערג,
ליוליו, מיין קינד, מיין פרינץ.

א פייגעלע צו דער לעוואָנע פליט,
און רירט זי אָן מיט די פליגל,
ווערן זיינע פליגלען ווייס, ווייס, ווייס,
ער טראָגט די לעוואָנע אַף די פליגל.
ליוליו, מיין קינד, מיין פרינץ.

פרינץ: פאָטער, גיב מיר דיין שווערט.

קעניג: וואָס ווילסטו טוען, מיין פרינץ?

פרינץ: איך וויל די נאכט דערהארגענען. זי איז אזוי שווער.

קעניג (גיט אים די שווערט מיט אַ שמייכל).

פרינץ (פריפט אַרויסצוציען די שווערט פון שייד, קען נישט און פאַלט קריק).

קעניגין: צו שווער פאַר דיר, מיין קינד.

פרינץ: מאַמע, די לעוואָנע גייט אונטער. (אין פיבער) זע, ווי רויטע שמעטערלינגען פלאַטערן, פלאַטערן.

דאָקטאָר (דערשראָקן): וואָס קומט נישט דער רייטער?

קעניג: וואָס צעגערט ער אזוי?

דאָקטאָר: מיין וואסערל וועט ראַטעווען זיין לעבן. (שטילער) כ'האָב יאָרן לאַנג געלערנט, די עלצטע פאַרמעטן געפאָרשט. איך ווייס דעם סאָד.

קעניגין (קוקט דורכן פענצטער, זאָגט מיט פרייד): ער פאָרט, ער פאָרט. אָ, רייטער! פלינקער, פלינקער פלי!

קעניג: פלינקער, פלינקער פלי, אָ טרייער דינער מיינער! קוק נישט אַפן שוים, וואָס שלאָגט פון רייט־פערדס מויל. פלינקער, פלינקער פלי! זאָל דיין הארץ צעפלאַצן, זאָלן וועלטן אונטערגיין! גיכער, גיכער! מיין פרינץ שטאַרבט!

(רייטער קומט האַלב־טויט, אַף אַ גאָלדענעם טאַץ אַ פּלעשל).

רייטער: מאַיעסטעט! דאָס ווייסע פערד האָט זיין גרויס שלי־כעס אָפּגעטאָן און איז געפאַלן טויט נישט ווייט פון שוועל.

קעניג: בראַוואָ! דאָס הייסט אַ פערד! און ווען דו וואָלסט אויך געפאַלן—איך וואָלט דיר דאַן באַלוינט מיט הויכן טיטל, און אַף דיין קייווער וואָלט איך פון האַרמאַט זעקס מאָל אויסשיסן געלאָזט.

רייטער (ערנסט): זעקס מאָל? אַ שאָד. ס׳איז נישט באַ־שערט. אַ דאַנק.

(דאָקטאָר מאַכט אַ לאַנגע וויכטיקע צערעמאָניע. פאַר־קאַטשעט די אַרבל, ווישט אָפּ די הענט. אַלע שטייען אַרום פאַרגאַפט, ווי ער זאָל זיך גרייטן טאָן קישעף).

קעניגין: גיכער, גיכער, מיין האַרץ בלייבט שטיין פון פרייד.

קעניג: ניין, דאָקטאָר, דערלויבט אַ פּאָטערם גליק, מיט זיינע אייגענע הענט טראָגן די רפואה צו קינדערשע ליפּן. וויפיל טראָפּן, דאָקטאָר?

דאָקטאָר: עלף טראָפּן, נישט מער, נישט מינדער. מיט פאַר־זיכט, מאַיעסטעט! ס׳איז אַ שטאַרקער מעדיצין.

(קעניג ציילט מיט גרויס צערעמאָניע די טראָפּנס. באַ יעדן טראָפּן הערט זיך אַ קלונג. דער פּרינץ הויבט אויף דעם קאָפּ, אָנגעלענט אַף דער מוטער. באַם צענטן טראָפּן פאַלט דער פאָרהאַנג).

---

## פערטער אַקט

דעם קעניגס זאַל. פינצטערלעך. די מאָרעשכוירע שלייכט זיך קימאַט אַרום. דעם פּרינצס בעט פאַר־האַנגען מיט שוואַרצן. איבערן בעט־פאָרהאַנג אַ פידל, אַ שמעטערלינג, אַ באַלון. נישט ווייט דערפון ברענט אַ לעכט.

קעניגין: לאַנגווייליק! אַף טויט איז מיר דערעסן שוין דאָס קיניגן, מילכאָמע פירן, דאָס ליבגעזאַנג פון פאָלק, דאָס הייליקן מיין נאָמען, דאָס קושן מיינע הענט, דאָס לייגן מענטשן־קעפּ צו מיינע

פּים, סיי לעבעדיק, סיי טויט. שווער ליגט אַף מיין קאָפּ די קרוין. וואָס דאַרף איך זי? די וואָרע קרוין איז אַראָפּגעפאַלן מיר פון מיין קאָפּ. אָ, זון מיינער, פּרינץ! (קוקט אַפן פאַרהאַנגענעם בעט).

קעניגין: נו, טרייסט דיך, קעניג. דער טויט נעמט וואָס ער נעמט. לעבעדיקע מוזן לעבן.

קעניג (ווייזט אַף זיין רעכטער האַנט מיט פאַראַכטונג): אָט מיט דער־אָ האַנט האָב איך דעם טויט אים אין זיין האַלז אַריינגעגאָסן. (צו דער האַנט) ווי ביזטו נימעס מיר, דו האַנט, דו מערדער! איך וועל דיך אָפּהאַקן! (ציט אַרויס די שווערט).

קעניגין (לאָזט נישט): ניין, מיין קעניג, אַלע הענט פאַרברעכנס טוען. שולדיק איז די האַנט בלויז וואָס באַוועגט זיי.

קעניג: פיינט האָב איך די האַנט, זי איז מיין פיינט.

קעניגין (וויינט): אין גאָט לעסטער איך—אין גאָט! אין יענעם בייזן גאָט, וואָס האָט מיין פּרינץ פון מיר אַוועקגענומען.

קעניג: לעסטער נישט, קעניגין! גאָטס ווילן איז הייליק. איך אַליין בין שולדיק. אָט די האַנט...

קעניגין: יעדע האַנט איז בלויז די האַנט פון גאָט. (פּויזע).

קעניג: ווי מערקווירדיק, ווי מערקווירדיק!

קעניגין: וואָס?

קעניג: אָט די האַנט האָט צענדליק מאָל געגעבן שוין אַ באַפעלן, הונדערט טויזנט מענטשן אויסצוטיליקן, פאַרלענדן. און דאָך איז מיין נעשאָמע קיינמאָל נישט געווען אָנגעפילט מיט ביטערקייט אַזוי.

קעניגין: אַלץ אין לעבן — אַ געוועב פון גראָע טאָעסן. קיינער ווייסט נישט וואָס ס'איז עמעס און וואָס נישט.

קעניג (נאָך אַ פּויזע): דער שלאָף וויכט פון מינע אויגן, לויפט פון בעט אַוועק דערשראָקן ווען כ'מאַך די אויגן־דעקלעך צו. מיט קייטן קען איך אים נישט פענטן. ער איז מיין סוינע! מעבטיקער ווי אָט דאָס פאָלק, וואָס כ'האָב מילכאָמעס לאַנג מיט אים געפירט, די וויינגערטנער געצונדן, די ברויט־פעלדער פאַרוויסט. זאָל מען פאַנגען גלייך דעם סוינע, וואָס לויפט אין שרעק פון מיר—דעם שלאָף! זאָל מען אַפּן שפּיץ פון שווערט זיין קאָפּ מיר ברענגען.

קעניגין: דיין בלייכע שווערט פון צאַאַר האָט דיר געטייט דעם שלאָף! סי בלוטיגט שטיל זיין קאָפּ מיט וויסן בלוט, און רינט דיר איבער לענד און דיך.

קעניג: ס'איז שווער און לאַנגווייליק, באַ גאָט! נו, זאָל מען עפּעס טאָן.

קעניגין: דיר לייענען עפּשער פון די גרויסע פאַרמעטן? פון זיגער־צוגן, וואָס האָסט געפירט אַף לאַגד און יאַם?

קעניג: וואָס טויגן מיר די זיגן די געוועזענע? אַז סאָפּקאָלסאָף באַזיגט דער זיג דעם זיגער! וואָס פרייען מיך די טויזנט שטעט, און קעלערן מיט גאָלד און איידלשטיינער, אַז איך אַליין בין קליין און מיעס, טראָג מיסט אין מיינע אינגעווייד, גלייך יעדן בעטלער, יעדן שוויין? (אַנדערש) אַ שפּין ליגט אַף מיין האַרץ. און וואָס צו טאָן? זאָל איך מיר מיט אַ נייעם גרויסן קריג די צייט פאַרטרייבן? פירן צו פאַרלענדונג לענדער, וועלטן?

קעניגין: האָב ראַכמאָנעס, קעניג. האָסט וועלט'ס אָדערן געשלאָגן שוין גענוג. איר זעל פאַרבלוטיקט.

קעניג (טראַכט): זאָל כאָטש איינער פון די נאָענטסטע און די שולדיקסטע דאַפאַר באַצאָלן. באַפעל סי זאָל דער דאָקטאָר קומען. מיין קאָפּ איז שווער. ניין, נישט שווער — נאָר גרינג, ליידיק, גלייך ווי אַ האַנט וואָלט פון דאָרטן אַלץ ארויסגעגאַנוועט. זאָל דער דאָקטאָר קומען! זאָל זיין שטראָם פון הייסן גאָרגלדיקן בלוט אויס־לעשן מיין טרויער.

קעניגין: האָב ראַכמאָנעס!

קעניג (לירישׁ): געדיינקסט, די פאַרביקע באַלונען אין זיין צימער? זיי זענען נישט דערפלויגן ביז צום הימל. זיי זענען נישט דערפלויגן.

קעניגין: און דאָס פידעלע, וואָס האָט פאַר אים געשפּילט, האָב איך באַ זיין ליידיק בעט איצט אויפגעהאָנגען.

קעניג: און דעם טויטן שמעטערלינג—צום צייכן פון די אַלע וואָס רייסן זיך צו ליכט און שטאַרבן יונגערהייט.

קעניגין: אָפּט אין די לעוואָנע־נעכט קריכט געוועב פון דער לעוואָנע אַפן פידל, און סטרונעס הייבן אָן פון זיך אַליין צו שפּילן און צו וויינען.

(מי זעט, אויב מעגלעך, דאָס באַוועגן זיך פון די טרונעס)

קעניג: ווי גוט סי וואָלט געווען אַצינד צו שטאַרבן.

קעניגין: דו ביזט מיד. קום אין שלאָפצימער צו מיר, איך וועל דיך אָנזעטיקן מיט ליבשאַפט.

קעניג: ציַשן מיר און דיר ליגט דאָס אומגליק, ווי אַ דריטער, ווי אַ פרעמדער, און לאָזט נישט צו מיר זאָלן זיך באַרירן.

קעניגין: ווי שוואַך דו ביזט, קעניג! ווי מענטשלעך!—

קום! (נעמט אים אונטערן אָרעם, וויל אים אָפּפירן אין אַ זייטיק צימער).

(סיווייזט זיך אַ דינער)

**דינער**: דעם קעניגס דאָקטאָר.

**דאָקטאָר** (פאַרנייגט זיך): מאַיעסטעט?

**קעניג** (גיט דער קעניגין אַ צייכן זי זאָל אים לאָזן אַליין).

**קעניגין**: אַ רינג פון בלוט, נעקאָמע־בלוט, וואָס וואַשט דאָס מערדער־בלוט, און פלאַמען־בלוט, וואָס וואַשט נעקאָמע־בלוט. אין רונדן רינג, אין רויטן רינג. (אָפּ).

**קעניג**: זיץ! (אַנדערש) קענסטו מיר אַ מיטל געבן צו נעקאָמע־וואונד, וואָס פרעסט און צערט מיך אוים?

**דאָקטאָר**: דער צאַאר זיצט אין אייער האַרץ, אָ, מאַיעסטעט. די צייט אַליין נאָר איז דער באַלזאַם, וואָס פיל וואונדן היילט.

**קעניג**: און דיינע פאַרמעטן? וואָס זאָגן זיי? (פּלוצים) איר האָט מיין זון געטייט!

**דאָקטאָר**: נישט איך, מאַיעסטעט! דער הער אַפּטייקער— דורך אַ טאָעס.

**קעניג**: אייער פליכט געוועזן צו פאַרזוכן. דער סאַם וואָס טייטעט פרינצן דורך פרעמדער ליפּ מוז ווערן אויסגעזופּט.

**דאָקטאָר**: אייער מאַיעסטעט האָט אַזוי געברענט מיט אומגעדולד אים אַליין די טראָפּנס צו דערלאַנגען.

**קעניג** (שפּילט זיך מיט זיין שווערט): איר געדיינקט, ווי מיין קראַנקער פרינץ האָט זיך געשפּילט מיט אָט דער שווערט? ווי ער האָט זי פון שייד אַרויסציען געוואָלט?

**דאָקטאָר** (שולדיק): כ׳געדיינק, מאַיעסטעט.

**קעניג**: און ווי איר האָט מיך געטרייסט, אַז באַלד, ווי נאָר די טראָפּנס קומען אָן.—

**דאָקטאָר**: כ׳געדיינק.

**קעניג** (צוקט מיט די ליפּן): איר האָט אים געטייט.! איר אויסלעשער פון לעבן פון מיין קינד! אָ, זון מיינער, פרינץ מיינער! דער פאָטער וועט דיין מערדערס בלוט אַף שפּיץ פון שווערט צעצינדן.

**דאָקטאָר**: האָט ראַכמאָנעס, קעניג! אין נאָמען פון מיין יונגן זון, וואָס נייטיקט זיך אין זיין פאָטערס פירנדיקער האַנט.

**קעניג**: דיין זון איז לוסטיק און געזונט, און גליק שוימט אין זיין האַרץ און ליבע. מיין פרינץ איז טויט, און ווערים פרעסן אים ס׳האַרץ אויף! דו מערדער! (שטעכט אים).

(פויזע. דער קעניג פאַרשאַרט דעם טויטן דאָקטאָר
מיטן פוס. שפּייט אויס.)

אַ הויפן שטינקענדיקע וויסנשאַפט. פּפוי! (פויזע). נעמט צו דעם טויטן!

(דינער קומען, טוען זיין באַפעל)

קעניג (צו די דינער): און בויעט־אויף אַ טליע, אַט נאָענט דאָרט פון מיין פענצטער, (ווייזט) כ׳זאָל דעם אַפּטייקערס לאַנגע פיס באַמערקן קענען, ווי זיי הוידען זיך פון ווינט. גייט און ברייגנט דעם הער אַפּטייקער גלייך אהער!

(דינער אָפּ)

(פויזע. מע ברייגנט דעם צעשראָקענעם אַפּטייקער)

קעניג: דו ביזט דער אַפּטייקער?
אַפּטייקער: יאָ, מאַיעסטעט!
קעניג: אינייגעם מיטן דאָקטאָר איז דיין פליכט צו היילן קראַנקע?
אַפּטייקער: יאָ, מאַיעסטעט.
קעניג: און נישט צו טייטן?
אַפּטייקער: ניין, מאַיעסטעט.
קעניג: פאַרוואָס־זשע האָטסו אים געטייט?
אַפּטייקער: ס׳האָט דער טייוול מיר אַ שטופּ געטאָן די האַנט. כ׳האָב געאײַלט מיך טוען מיין גרויסע פליכט צום קעניגס זון. איך ווייס נישט ווי דאָס איז געשען. האָב ראַכמאָנעס, קעניג, אין נאָמען פון מיין יונגער שיינער טאָכטער.
קעניג: דיין יונגע מויד וועט איר בויך אוועקשענקען צו לוסט און פרייד. מיין פרינץ ליגט שטום און טויט, און ווערים פרעסן אים דאָס האַרץ. (באַפעלט) הענגען!

(טאַליען קומט)

אַפּטייקער: אין נאָמען פון מיין וויסנשאַפט, אין נאָמען פון די פילע קראַנקע, וואָס איך האָב געהיילט...
קעניג (צום טאַליען): הענגען!

(טאַליען אָפּ מיטן אַפּטייקער. ס׳הערט זיך אַ געוויין.
באַלד זעט מען דורכן פענצטער אַ געהאַנגענעם).

קעניג (קוקט דורכן פענצטער): אַ שוואַרצער ראָק און הויזן פלאַטערן אין ווינט, און פיס מיט נייע שיך. סי פליט, סי פליט. באַלונען פליען, פאַרביקע באַלונען. ביז צום הימל. זע, מיין בלייבער פרינץ: דעם הימל גרייכט זיי, דעם הימל! און שמעטערלינגען אויך. גאָלדן־בלאָע, גרינע, געלע, רויטע שמעטערלינגען... (מיט שרעק, האַלט זיך באַ די שלייפן) זאָל דער פידלשפּילער קומען. (רופט שטיל, מיט באַהאַלטענער שרעק) קעניגין! קע־ני־גין!

(שטאַפּעט קומט אַריין)

שטאַפּעט: מאַיעסטעט, דער קאַבינעט וויל וויסן, צי איר וועט אונטערשרייבן דעם דעקרעט אָנצוהויבן די מילכאָמע?

קעניג (קימאַט דערפרייט): יאָ, געוויס אונטערשרייבן! זאָל די גאַנצע וועלט אונטערגיין אין בלוט! זאָל דער ערדקוגל זיך אויסלעשן און קאַלט ווערן! אַלץ זאָל זיין פאַרלענדט און אָפּגעווישט. (גיט איבער דעם דאָקומענט, זעצט זיך אַפּן טראָן, כליפּעט היסטעריש) מיין זון! מיין פרינץ!

פאָרהאַנג

## פינפטער אַקט

| | |
|---|---|
| קעניג. | היטער פון די פאַרמעטן. |
| הויפנאַר. | קאַץ. |
| שטערנזעער. | הונט. |

אין קעניגס גאָרטן. אַ פאָנטאַן פון אַ ביזאַרן קאָפּ. פון ביידע אויגן רינט וואַסער. ערגעץ שטייט אַ „קרומע שפּיגל". קעניג זיצט אַף זיין שטול און הערט ווי מי לייענט.

היטער פון פאַרמעטן (לייענט קימאַט מיט טייטש־כומעש נוסאַך): שוין לאַנג איז דאָ אין דעם. דער קעניג מיט גרויס גנאָד געהייסן האָט זיך ברייגגען דעם איינציקן אין לאַנד, וואָס האָט צומייסט געזינדיקט.

קעניג (מעלאַנכאָליש): נו?

היטער: און מע האָט געבראַכט אַ מאַן. זיין נאָמען איז געווען פאַרסיפיקוס.

קעניג: ווי אַזוי?

היטער: פּאַרסיפיקוס.

קעניג (שווער): נו, וואָס גייט מיך אָן, וואָס איינער עפּעס אַ פּאַרסיפיקוס האָט דאָרט געטאָן? לייען מיר בעסער פון דעם, וואָס איך האָב געטוען.

היטער (לייענט): דער קעניג האָט אַמאָל מיט זיין גרויס גענאָד געזאָגט צום עלצטן בעטלער: „בעטלער דו, איך וועל די פיס דיר וואַשן, קעדיי צו ווייזן דיר ווי קליין און אָנעווודיק איך בין".

קעניג (דערפרייט): הא? דאָס האָב איך געטאָן? לייען ווייטער.

היטער: נאָכדעם ווי דער קעניג האָט געהאַט דעם בעטלערס פיס געוואַשן, האָט ער מיט זיין גרויס גענאָד דעם בעטלער צו זיך אין הויף געבראַכט, און—

קעניג: לייען ווייטער!

היטער (לייענט שטילער): און אים דערשטאָכן.

קעניג (בייז): וואָס גייט מיך אָן דיין בעטלער דאָרט? שפּינען קריכן אויף מיין האַרץ! און זאָגט מיר, וואו ליגט דער לעצטער אָנהויב פון דערמיטן, הע? און וויפיל איז אַ סאַך? (גראַבלט זיך די קני מאָרע־שכוירעדיק. פּויזע. כאַפּט זיך) מיין קרוין! אהא, זי איז צוגעקייטלט מיט אַ קייטעלע צום האַלז. (שרייט) דאָך, וויפיל איך אַ סאַך?

(שטערנזעער קומט נעענטער)

שטערנזעער: אַ גאַנצע נאַכט געזעסן אויף מיין שטערנזעער־דאַך, און נאָר געקוקט אַרויף צו יענעם בלאָען בוך, אומעמנדלעך גרויסן בוך מיט פינטעלעך אַ סאַך, כ'האָב געפרעגט בא יעדן פאַלנדיקן שטערן, געפאָרשט אַ יעדער גאָלדן פינטעלע. (שטילער צום נאַר) דעם קעניגס קראַנקהייט ציט זיך לאַנג און וויט—אַזש ביז צום מילך־וועג,—זינט דעם טויט פון אונזער יונגן פּרינץ, און אויך דעם טויט פון אונזער גוטער קעניגין. איך שרעק מיך.

נאַר: און איך האָב מוירע מיך צו שרעקן.

שטערנזעער: די קעניגין איז שנעל געגאַנגען טאַנצן מיט איר פּרינץ. דעם קעניגס מאַזל־שטערן פינקלט בלאַס. נאָר איין רעפוע איז געבליבן.

נאַר: וואָס?

שטערנזעער: דער קעניג מוז צום לאַכן קומען. און לאַכט דעם קעניג, עפנט זיך די וואונד בא אים אין מאַרך און ער פאַרגעסט

אָן פּרינץ און קעניגין. (צום קעניג) וויל עפּשער זיין מאַיעס־טעט מיט גרוים גענאַד?

קעניג: וואָס?

שטערנזעער: באַמיען זיך אַ לאַך צו טאָן?

קעניג (מעלאַנכאָליש): מער פעלט מיר נישט, נאָר עפּנען דאָס קעניגלעכע מויל אַרויסצוקייקלען פונם האַלז אַ פּוסטן קלאַנג. דאָס איז נישט ווירדיק פאַר קאָוועד פון דעם גאָט־געזאַלבטן קעניג! (פּויזע).

(דער הונט און די קאַץ באַווייזן זיך)

הונט (צו דער קאַץ): דער קעניג זיצט זיצט און זיצט, וואָס זיצט דער קעניג, וואָס? וואָס לויפט ער נישט אַרוים אין פעלד אַ קראָליקל צו כאַפּן, צי גאָר אַ האָז?

קאַץ: דער קעניג גייט אַרום בלויז אַף איין פאָר פיס. די אַנדערע האַלט ער שטענדיק אין דערלופטן. ווי קען מען דאָס? וואָס כאַפּט דער קעניג נישט קיין מייז?

הונט: אַנומעלטן באַנאַכט האָב איך אַ קראָליקל געפּאַקט און עס באַם האַלז אַ נעם געטאָן אַזוי־אָ מיט די ציין, האָט עס געצאַפּלט זיך און שטום געוויינט. מיין הינטיש האַרץ האָט מיר פאַר מיטלייד אַזש פאַרקלעמט. נאָר דאָך — וואָס קען מען טוען? מי כאַפּט מיך אויך.

קאַץ: דאָס אייגענע איז געווען נעכטן מיט דער מויז. געפּאַקט זי און געוואָרגן זי ביז טויט. וואָס קען מען טוען? מי מוז לעבן!

הונט: מי מוז לעבן!

קאַץ: די צאָרע מיט דעם מענטשן איז, וואָס ער האָט אַף הינטן נישט קיין עק, וווייסט ער קיינמאָל נישט וואו ער הויבט זיך אָן און וואו ער לאָזט זיך אויס.

הונט: ווען דער קעניג וואָלט אַ ביסעלע זיך דורכגעבילט.

קאַץ: בעסער דורכגעמיאַוקעט.

הונט: מיאַוקען האָט קיין זין נישט. אָבער האַווקען—אַך! מיט האַווקען קען מען זאָגן אַזוי פיל.

קאַץ: צו מיאַוקען איז פיל שענער ווי צו האַווקען.

הונט: אידיאָט!

קאַץ: מעשוגענער!

(ביידע נעמען זיך רייסן. מע באַמערקט און מע טרייבט זיי אַרויס מיט אַ בעזים)

שטערנזעער (צום נאַר): דיין כוווו איז עס, דו נאַר, אַרויס־

צורופן באַם קעניג אַ געלעכטער.

נאַר: דיין כויוו איז עס, דו כאַכעם, מיר צו געבן אייצעס, ווי אַזוי צו מאַכן לאַבן דעם, וואָס האָט אַ זון און ווייב פאַר־לוירן, און די וואונד איז אָפן נאָך און פריש. (שטילער) אַך, ווי מיד איך בין שוין פון מיין נאַרנמיץ און פון דיין קלוגשאַפט. ס'איז דערעסן שוין אַזוי. (שטעלט אים אַרויס אַ נאָז).

שטערנזעער: און מיר איז אויך דערעסן פון מיין קלוגשאַפט, און פון דיין נאַרישקייט. אָפטמאָל איז אין לעבן קליגער זיין אַ נאַר, ווי זיין אַ כאָכעם. און אָפטמאָל איז דאָס אויך אַ נאַריש־קייט! דערציי̈ל עפּעס, דו נאַר. טו קיצלען שטאַרק דעם קעניג מיט שפּאַסעוודיקע רייד! צעבלאָז אַ יעדע ברעקל עמעס טויזנט מאָל, שטעל קרומע זאַכן גלייך, און גלייכן זאַכן קרום—

קעניג: איר אַלע קלוגע לייט, וואָס גריבלט זיך אין פאַרמעטן פון וויסנשאַפט, זאָגט מיר, וויפיל איז אַ סאַך, וואו הויבט זיך אָן אַ סאַך? און וואו ענדיקט זיך אַ סאַך?

שטערנזעער (צום נאַר): אין שווערער מאָרעשכוירע איז דער קעניג. זיין גייסט גראָבט טיף און פאָרשט. פאַרפיר אים אָף דעם סאַמעט־גלאַטן, נאַריש־פלאַכן וועג פון וויץ. דאָ ליגט זיין הילף!

נאַר (צום שטערנזעער): גיט מיר אייצעס, כאַכעם, גיט מיר אייצעס. (צום קעניג) איך וועל דעם קעניג שטעלן אַ רעטעניש.

קעניג (שווער): וואָס?

נאַר: דאָס ערשטע גייט, דאָס צווייטע גייט, דאָס דריטע גייט, דאָס פערטע גייט, דאָס פינפטע גייט נישט.

קעניג: פאַרוואָס גייען די ערשטע פיר און דאָס פינפטע נישט?

נאַר: דערפאַר ווייל דאָס פינפטע איז ערשט דריי כאַדאָשים אַלט. (וואַרט אָפן עפעקט).

קעניג (שווער): נו, וועט עס גיין אַ ביסל שפּעטער. סי מאַכט נישט אויס. אָבער וויפיל איז אַ סאַך?

(נאַר און שטערנזעער קוקן זיך איבער פאַרלוירן)

שטערנזעער (צום נאַר): פּריוו נאָכאַמאָל. די שאַרפסטע וויצנפיילן צי אַרויס און ציל זיך גלייך און פלינק!

נאַר (גענעצט): אָההך! (צום קעניג) נאָך אַ רעטעניש דעם קעניג וועל איך פרעגן.

קעניג: וואָס?

נאַר: ס׳ליגט אַפן טיש. סי איז רויט און קײלעכדיק און 3 אין צאָל און מי זעט עס נישט. וואָס איז עס?

קעניג (גלייכגילטיק): וואָס?

נאַר: דריי מאַראַנצן. (וואַרט אַף אַ פראַגע) פאַרוואָס מע זעט זיי נישט? — ווייל זיי זענען צוגעדעקט מיט עפּעס.

קעניג (קאַלט): עס איז איבעריק צוצודעקן שיינע פרוכט. אָבער וויפיל איז אַ סאַך?

(נאַר און שטערנזעער קוקן זיך איבער)

שטערנזעער: נו, גורט די לענדן אָן! ס׳שטאַרקסטע וואָס דו האָסט.

נאַר (ווייזט אַפן הינטן): זאָל איך באַשמירן מיר דעם הינטערטייל מיט פּוטער און גליטשן זיך אַראָפּ פון אָט אַזא מין ברעט?

שטערנזעער: דאָס האָט דער אונטערנאַר שוין צוויי־דריי מאָל געפּריפט. סי העלפט נישט. פּריוו אַ מייסעלע דערציילן.

נאַר: נו, גוט. איך וועל פּריוון, און זאָל מיר גאָט בײשטיין. (מורמלט שטילערהייט אַ טפילע) אַמאָל האָט אַן אָרימאַן גערופן אַ דאַך־שלעגער ער זאָל זיין דאַך באַשלאָגן.

קעניג (שווער): וואָסער דאַך?

נאַר: אַ דאַך, וואָס איז פון אויבן. (ווייזט אַ דאַך) וואו סי שטייט אַ קוימען.

קעניג: וואָסער קוימען?

נאַר: אַ קוימען פון ציגל צי פון שטיין, וואָס סי גייט פון אים אַ רויך.

קעניג: וואָסער רויך?

נאַר: אַ רויך וואָס גייט פון קוימען, וואָס שטייט אַף שפּיץ פון דאַך.

קעניג: אהא!

נאַר: קומט דער דאַך־שלעגער און באַשלאָגט דעם דאַך. פאַרטיק מיט זיין אַרבעט, מאַכט ער צום באַלעבאָס: „נו, וואָס הערט זיך וועגן געלט?" מאַכט יענער: „כ׳האָב נישט". זאָגט דער דאַך־שלעגער: „וואָס הייסט איר האָט נישט? כ׳האָב געאַרבעט, קומט מיר צו באַצאָלן". מאַכט דער באַלעבאָס: „נאַר, וואָס האָט איר מוירע? איך בין דאָך אין די הענט באַ אייך. ווער זיצט דען אַפן דאַך", מאַכט ער, „איך צי איר? אַז איכ׳ל אייך נישט צאָלן, וועט איר נישט אַראָפּ פון דאַך". (וואַרט אַפן עפעקט).

קעניג: וואָס דערציילט איר מיר אַ דאַך, אַ דאַך, אַ מאַן, אַ

דאך־שלעגער. דאס איז נישט אינטערעסאנט. איר זאגט מיר בעסער וויפיל איז א סאך, הא? דאס ווייסט איר נישט. אדער איר ווייסט און ווילט עס מיר נישט זאגן. (רופט צום טאליען) הענגען!

(מע נעמט דעם וואר אוועק)

**נאר** (אין אפגיין, צום כאכעם): א נאר צו זיין איז נישט אלע מאל א כאכמע. אף ווידערזען, אין דער הויך. (ווייזט אף זיין האלז).

(שטערנזעער זעצט זיך וויזער איבער א בוך)

**קעניג** (גייט ארויף און אראפ אין א מאנקאליע).

(הונט און קאץ כאפן זיך אריין)

**הונט**: דער קעניג גייט ארויף קריק אף יענעם זינען, אף וועלכן ער איז געווען איידער ער איז אראפ פון אים.

**קאץ**: איעדער מיאוקעט ווי ער קען.

**הונט**: און יעדער האווקעט ווי סי פאסט אים. לייגן מיר זיך שלאפן.

**קאץ**: לייגן מיר זיך שלאפן. (פויזע). מארגן אינדערפרי וועל איך מיך אוועקבלאנדזשען פון דאנעט. כ'האב נישט ליב צו הערן אט די פוסטע רייד: קעניגטום, קעניגרייך, קעניג. כאפט דער קעניג מערער מייז דען ווי אן אנדערער?

**הונט**: דערעסן שוין אף טויט, דאס שרייען זייערס, דאס טומלען אף א שפראך א ווילדער. האו, ווי לאנגווייליק!

**קאץ**: מיאו, ווי לאנגווייליק!

(ביידע פארקריכן ערגעץ אין א ווינקל און שלאפן איין)

**שטערנזעער**: קעניג!

**קעניג**: אבער וויפיל איז א סאך? ענטפער מיר, אז נישט וועסטו זיך הוידען דארטן גלייך מיט יענעם. (ווייזט אפן פענצטער).

**שטערנזעער** (פארצווייפלט): א סאך איז א ביסל מערער ווי ע... ווינציק.

**קעניג**: און וויפיל איז ווינציק?

**שטערנזעער**: ווינציק איז א ביסל ווינציקער ווי גאר א סאך.

**קעניג**: דו ווייסט נישט וואס דו רעדסט. דו ביזט א נאר. (טראכט) איר האט אלע שטענדיק מיר געזאגט, איך דארף א סאך, א סאך! א סאך לענדער, א סאך שיפן, א סאך גאלד, א סאך קנעכט, אבער וויפיל איז א סאך? און וואו הויבט זיך אן א סאך? (מיט געבעט) איז צוואנציק א סאך? דרייסיק?

פינף הונדערט? זעקס מיליאָן? עפשער א ביליארד? (אַף די קני פאַרן שטערנזעער) נישט פאַרבאָרג דעם סאָד פאַר מיר. איך מוז עס וויסן. מיין לעבן הענגט אַף דעם, מיין קעניגרייך!

שטערנזעער: איך וויים נישט.

קעניג: גלוסט זיך מיר, נעם איך און איך דריי דיר אָפּ דיין קרומען קאָפּ, כע־כע. סי איז אַלצדינג קרום: דער הימל און די ערד, דער שפּיגל שטייט אויך קרום. און איך אַליין? (מאַכט מעשו־גענע גרימאַסן אין שפּיגל. פּויזע).

שטערנזעער (וועלכער האָט די גאַנצע צייט געטראַכט, מיט אַ שמייכל פון דערלייזונג) קעניג מיינער...

קעניג: וואָס?

שטערנזעער: איך וועל דיר אויסזאָגן דעם סאָד. (קוקט זיך קלוימערשט אַרום) אַ סאַך איז גאָט, גאָט איז ציל פון אַלע צילן. אַלדאָס גוטס אין אונז איז גאָט, אַלדאָס שלעכטס אין אונז איז גאָט. (אַפּן אויער) יאָ, מאַיעסטעט! אַלצדינג אינם לעבן האָט אַ פּלאַן, אַ זין — גאָט!

קעניג (טראַכט שווער, צעשמייכלט זיך פון גליק) אַ ליכט גייט אויף אין מיר. אַ סאַך איז גאָט. גאָט איז אַ סאַך. אַלץ אין לעבן האָט אַ קלאָרן זין, אַ פעסטן פּלאַן, אַ ציל. אַהן, איצט פאַרשטיי איך.

(דורך דער צייט וויקלט זיך אַרויס דער הימל מיט די געטער, ווי אין ערשטן אַקט)

אַלטער גאָט: דו הערסט?

יונגער גאָט: דער וואָרעם ווייסט דעם זין פון זיין צעטראָטן־ווערן, נאָר מיר אַליין? צי וויסן מיר דען עפּעס?

אַלטער גאָט: לאַנג־וויי־ליק.

(דער הימל וויקלט זיך ווידער אין אַ טומאַן. **מע זעט** ווי דער קעניג ליגט אַף דער ערד און לאַכט אין קאָנ־וואולסיעס, מעשוגענערווייז. קעגן אים זיצט דער **שטערנזעער**).

שטערנזעער (פריפט ברענגן דעם קעניג צו זיך): די הייליקע פאַרמעטן שרייבן—אָט זעט, מאַיעסטעט.

קעניג: כאַ־כאַ־כאַ. (דערשטיקט דעם שטערנזעער קימאַט אַליין נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, לאָזט אַרויס האַלז־קלאַנגען, ווי אַ שטאַר־בענדיקע כאַיע).

שטערנזעער (פאַלנדיק): באַטריגערישע שטערן פונם

הימל... האָבן אָפּגענאַרט... ס'לאַכן האָט דעם קעניג נישט געהיילט. (פאַלט).

(אין דער זעלביקער צייט הערט זיך אויך, ווי אין כאָר, דאָס מעשוגעדיק געלעכטער פון די געטער)

קעניג: אצינדערט איז מיר אַלצדינג קלאָר! כאַ־כאַ־כאַ!
אַלטער גאָט און יונגער גאָט: כאַ־כאַ־כאַ!
קעניג (אין די לעצטע קאָנוואולסיעס): כאַ־כאַ־כאַ.

(פון ערגעץ גראָבט זיך אַרויס דער טייוול מיט אַן אויפ־געהויבענער פויסט קעגן הימל)

טייוול: ווען איר זאָלט נישט זיין קיין געטער!

(עס ווערט פינצטער. לאַנגע פויזע. הונט און קאַץ קריכן פון ערגעץ אַרויס. די קאַץ געניצט און ווישט זיך אַן אויג מיט אַ שוואַרץ לאַפּעלע, דער הונט שאָקלט פון זיך אָפּ די מידקייט און דעם שלאָף).

קאַץ: איצט גיי איך מיר אין שפּייכלער—כאַפּן מייז.
הונט: און איך צום זומפּל—כאַפּן פרעש.

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# בינימין קיכאָט

(לויט די טעקסטן פון מענדעלע מויכער ספאָרים)

פאַרשוינען:

**רעב בינימין קיכאָט**, אַ איד אַ פאַרטראַכטער, וואָס סיציט אים ווי אַ מאַנקאָליע אין דער ווייטער וועלט אַריין, צו די רויטע אידעלעך, אַ סאַך באָרד, אַ סאַך קאָפּ.

**סענדערל די אידענע**, כאַפּט פעטש פונם ווייב און נעמט אָן אַלצדינג פאַר ליב. ער גייט אַרומגעבונדן די באַק.

**דאָס רויטע אידעלע**, פייער און פלאַם, כאָטש שטיל און באַרעכנט. ער איז רויט, אָבער אָן הערנער. עפּעס נאָר טאַקע אַ „דיבעק" רעדט פון אים אַרויס.

**פישקע.**

**די האָרבאַטע.**

אַלע דריי פון מענדעליס געשטאַלטן, וואָס אין זיין „פישקע דער קרומער" נאָר אַ ביסל אויסגעמענטשלט.

**אַ קוואַסניק.**

**אַ קאַטערינשטשיק.**

**כאָר פון „צאַדיקים".**

פאַרן פאָרהאַנג דערשיינט **מענדעלע** מיט זיין בויד און קליאַטשע, דעקלאַמירט אין טייטש־כומעש נוסאַך:

ווען מענטשן זאָלן אַריינקוקן אין איטלעכער זאַך אינווייניק, וואָלט זיי פאַרענטפערט געוואָרן אין דעם לעבן פיל קאַשיעס. פאַרצייטנס זענען געווען שרעקלעך־ווילדע מיעסע מענטשן, וואָס האָבן גענאָגט, געפלאָגט זעט אוילעם, געאַרבעט מאַיסים און אָנגעטאָן זייער פיל שאָדן. אַליין איז איטליכער געווען בעזדושנע, דאָס הייסט אָן אַ זעל, און אַף אים האָבן געאַרבעט טויזנטער זעלן. יענע פלעגן עסן דאָס שטיקל דאַר ברויט מיט דעם שוויס פון זייער פאָנים. כוץ דעם זיך גאָרנישט פאַרגינען, אַפילע דאָס וואָס זיי האָבן אַליין אַרויס־

געבראַכט, אויסגעהאָדעוועט מיט זייער פּראַצע—און ער האָט זיך געבאָדן אין וואוילטיק, אויפגעגעסן זייער מי און נאָך געשאָסטעט, פאַרשווענדט יענעמס. פון זיינעט וועגן איינגעלייגט די וועלט, מיט זייער אַרבעט ים פאַרשאַפט מאַיאָנטקעס, דערפער, שטעט. מיט זיין מי אים געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן. און דאָס ביסל עסן וואָס זיי נעבעך פלעגן פון אים אַמאָל באַקומען, טאַקע נאָר אַבי צו דערהאַלטן די נעשאָמע—האָט געהייסן אַ נעדאָווע. זיי האָבן געהייסן שלעפערס און ער דער פיינער מאַן, דער באַל־ראַכמים, אַ פריינגעביקער, אַ באַל־צדאָקע, אַ באַל־טויווע. אי אַז זיי האָבן אָף אים געאַרבעט, איז עס געווען אַ גאַנץ געווינלעכע זאַך און אַז ער האָט אַמאָל געגעבן אַ נעדאָווע אָף הונגעריקע, אַף קראַנקע, פון זייער שווערער האָרעוואַניע טאַקע, האָט דערמיט די גאַנצע וועלט געהאַט צו טאָן. מע האָט עס באַזונגען, באַוואונדערט אַף אַלע גאַזעטן, צעלייגט אַף 1,000 טעלע־גראַמעס—לאָז דער אוילעם וויסן, אַז ס'איז דאָ אַ באַרמהאַרציקער, אַ גוטער, אַ פרומער, אַ דימענטענער מענטש. (צום אוילאָם) ווער קויפט בענטשערלאַך? טכינעס? מאַכזוירימלאַך? (צו עמיצן הינטערן פאָר־האַנג) הא? איר? אָט שוין. אָט קום איך. (אָפּ).

פאָרהאַנג

(פאַרן פאָרהאַנג אַ וויג מיט א גרויסער אויפשריפט „אידעלע". אַ האַנט פון אַן אַלטער פרוי וויגט. איר קאָל זינגט):

הינטער אידעלעס וויגעלע
שטייט זיך אַ קלאָר־ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
מיט ציצעס און מיט מאַנדלען.

אזוי האָט געהאַנדלט
אידעלעס ציג,
ביז גאָט האָט געהאָלפן,
ס'איז געוואָרן אַ קריג.

קאָל פון אַ מאַן:
הינטער אידעלעס וויגעלע
זינגט זיך אַ שפּאָגל־ניי ניגעלע:
נאָר דער וואָס סי אַרבעט—דאַרף עסן.
מיט האַמער און סערפּ

טו דיין געווערב
און בוי דיין היים אונטערדעסן.

באַ אונזערע רויטע אידעלעך
גראָבט מען מיט רידעלעך,
מע פֿלאַנצט און מע זייעט אַף מאָרגן,
און וואָס ס'וועט ווערן פון גלופסק
דאַרף רעב מענדעלי נישט זאָרגן.

אוי, שלאָף נישט, אידעלע,
מיטן קויעך פון דיין רידעלע
וועסטו שוין אַלצדינג באַזאָרגן.

(פֿאָרהאַנגט גייט־אויף. מיר זענען אין ביניאָמינס שטוב).

**ביניאָמין** (אַף דער מילכיקער באַנק. שיילט קאַרטאָפליעס און זאָגט טילים):

סי וויגט די ערד זיך, שטורעמט אונטן,
סי ציטערן פון בערג די גרונטן.
קראַך. קראַך. אָט וואַליען זיי זיך איין,
ווי באַלד גאָט קומט אין קאַעס אַריין.
פונם נאָז אים זעצט אַרויס אַ רויך.
און האַליוועשקעס פליען הויך.
ער נייגט דעם הימל, שטייגט אַרונטער,
אַ וואָלקן שפּאַרט די פיס אים אונטער.
ער רייט אַף כרובים, ער פליט געשווינט
און שוועבט אַף פליגל פון דעם ווינט.

**קנעסעם איסראָעל** (פון איבער דער וואַנט):

קער צו קריק, ביניאָמין לעב, צו מיר, צו מיר.
מיין האַרץ, ליובע־דושע, סי בענקט נאָר נאָך דיר.

(פורימדיק)

קום, מיין ביניאָמין, לאָמיר גיין באַנאַנד,
צו די רויטע אידעלעך דאָרט אין זייער לאַנד.
דאָרט בליעט דער וויינשטאָק, דאָרט וואַקסן טרויבן.

דאָרט וועלן מיר לעבן ווי צוויי שטילע טויבן.
דאָרט וועלן מיר אויפשטיין אַלע טאָג גאַנץ פרי,
אַף דעם גרינעם גראָז דאָרט צו פּאַשען די פי.
באַ אַלע הירשן, באַ אַלע אינדן פון די סטעפּעס
באַשווער איך דיך, אַז דו מוזט אָנהויבן צו טאָן עפּעס.
צו זיצן דאָ רואיק און שיילן קאַרטאָפּל,
דאָס איז אַ לעבן זייער מיעס און שאָפּל.
שטיי אויף, בינאָמין לעב, און טו דיינע פּאָלעס פּאַרקאַטשען
און לאָז זיך צו די רויטע אידעלעך אַפן טייך סאַמבאַטיען.

**בינאָמין:**

שפּיל מיר דאָס האַטיקוועלע,
און מיר ליגט מיינס אין זין,
וואָס טויג דער פליג דאָס זיידן קלייד,
אַז דאָרטן לויערט אַ שפּין?

צו שלאָפן איז דאָ זייער גוט
אין לאַנד פון זיסן געניץ,
נאָר ס'האַרץ מיינס ציט אַהינציצו
אַף יענער זייט פון גרעניץ.

סאַמבאַטיען וואַרפט מיט שטיינער דאָרט
און שרעקלעך טוט ער זידן.
דאָך בלייבט ער שטיל, בעאיים מ'זאָגט
„איך גיי צו די רויטע אידן".

מאַרצעפּאַנעס עסט מען דאָרט
און מע טרינקט פון יאין קאַפּריסן.
אַך, ליבע רויטע אידעלעך,
בינאָמין לאָזט אייך גריסן.

צו אייך, צו אייך, אין וויטן לאַנד,
מיין גאַנג איך טו איצט ווענדן.
אָט וואַרף איך די קאַרטאָפּליעס שוין
און גורט מיר אָן די לענדן.

(גורט זיך אָן מיט אַ קאַטשעלקע פאַר אַ שווערט, און
אַ לאָקשנברעט פאַר אַ פּאַנצער).

**זעלדע** (אין אַ ספּאָדיק, אין הויזן): צו דיין קאָפּ, צו דיינע הענט און פיס! וואָס איז דאָס שוין ווידער פאַר אַ נייעס, ביניאָמינדל גאַנעוו? שוין לאַנג שטיל געווען, האַ?

**ביניאָמין:** אישע... רעד נישט צו מיר אַזוי... וואָס מיינסטו, אַ גאַנצן לעבן וועל איך דיר אָפּפינצטערן אין טונעיאַדעווקע, וואו עס קומט נישט אַריין קיין נייער שטראַל, קיין פרישע ווינטל?

**זעלדע:** ווער לאָזט דיר נישט אויפמאַכן דאָס פענצטער—ווער לאָזט דיר נישט?

**ביניאָמין:** סי גייט נישט אין דעם, זעלדע.

**זעלדע:** אין וואָס דען גייט, ליכטיקער פאַרשוין מיינער?

**ביניאָמין:** סי גייט אין... אין די שטראַלן פון דער זון... אין אַלעקסאַנדער מוקדון, גייט עס... און דעם שפּאַנישן אידן רעב דאָן.... קי... קו... (קוקט אין ביכל) קיכאָט.

**זעלדע:** וואָס באַלעבעטשעסטו? רעב דאָן, רעב שמאָן! זעץ דיך בעסער קריק אַף דער מילכיקער באַנק און ענדיק שיילן די קאַרטאָפ־ליעס. דו הערסט וואָס מע רעדט צו דיר, פאַרשוין מיינער! איך דאַרף נאָך היינט גיין אין דאָרף אַריין האַנדלען. אוי, ווי איז מיר! אַז איך דערמאָן מיך אין די הינט ווערט אין מיר פאַרקילט וואו איך האָב אין מיר אַ טראָפּן מילך. ווער האָט עס אויסגעטראַכט הינט, ווער האָט עס אויסגעטראַכט?

**ביניאָמין:** זינדיק נישט, זעלדע! הינט דאַרפן אויך לעבן! דו מיינסט אַשטייגער, אַז מער מענטשן זיינען דער האַקל־באַקל באָם ריבוינעשעלוילאָם? דער גאַנצער איכעס... דאָס אויבערשטע פון שטויסל? און בעהיימעס זענען גאָרנישט?

**זעלדע:** צו דיין קאָפּ, צו דיינע הענט און פיס! נאַדיר גאָר אַ נייע פילאָסאָפיע צום טיש. דאָס קומט אַלץ אַרויס פון די טרייפענע ביכלעך וואָס דו לייענסט. וואָס איז עס פאַר אַ טרייפע־פּאָסל בא דיר, ביניאָמינדל? אַ־נו, גיב נאָר אַהער, דו!

**ביניאָמין:** ס'איז נישט קיין טרייפע־פּאָסל, זעלדעניו, ס'איז אַ קאָשער אידיש סייפער אַף לאָשן־קוידעש, דער „צעל אוילעם”. אַך. ווען דו זאָלסט קענען לייענען, זעלדעניו, ווען דו זאָלסט וויסן וואָס דאָרטן שטייט געשריבן.

**זעלדע:** וואָס אַשטייגער, האַ?

**ביניאָמין** (לייענט): אַף יענער זייט סאַמבאַטיען וואוינען די בניי־מוישע. וואָס ווערן אָנגערופן די „רויטע אידעלעך”, די פאַר־לוירענע אַסערעס־אַשוואָטים. דער טייך סאַמבאַטיען רועט נישט

זעקס טעג אין וואָך. ער וואַרפט קסיידער מיט שטיינער און זידט ווי אַ קעסל, נאָר אַז מ׳ זאָגט אים דריי מאָל דעם שפּרוך „אָקסע־באָקסע־ במאָקסע״, בלייבט ער שטיל און ער הערט אויף וואַרפן מיט שטיינער. רעשאָאים קענען דורכגיין דעם סאַמבאַטיען, אָבער נאָר שאַבעס, דעם טאָג וואָס דער סאַמבאַטיען רועט. נאָר אַזוי ווי דער סאַמבאַטיען איז צו גרויס און מ׳ קען אים אין איין טאָג נישט דורכגיין, בלייבן זיי שטיין אין מיטן, אויף דעם קאָכעדיקן זאַלץ־וואַסער, און קענען נישט אַריין, נישט אַרויס. דער לינדענוואָרים פּיקעט זיי די אויגן, אַז זיי מוזן וויינען און דער פּיפּערנאָטער קיצלט זיי די פּיאַטעס, אַז זיי מוזן לאַכן און אַזוי גייען זיי נעבעך אויס די רעשאָאים, לאַכנדיק און וויינענדיק. די רויטע אידעלעך אַליין וואוי־נען אין זייערע שיינע עסרעג־וועלדער, וואָס זענען שטענדיק גרין און שמעקן טאַאַם גאַן־איידן. פון הימל רעגנט דאָרט מיט ראָזשינקע־וויין און מיט פייסאַכדיקן באָרשט און לאָקשנקוגלען וואַקסן אויף די ביי־מער, קי גיבן דאָרט פּאַרטיקע פּוטער, יעדערע בין איז אַזוי גרויס ווי אונזערס אַ קאַטשקע. נאָר זי לאָזט נישט קיין גיפט. באַטאָג ווען ס׳איז הייס, לייכט די לעוואָנע, קעדיי סי זאָל זיין קיל. און באַ־נאַכט ווען ס׳איז קאַלט, לייכט דאָרטן די זון, קעדיי סי זאָל זיין וואַרעם. די שפּילפייגל זענען דאָרטן פון די שענסטע פאַרבן, שטעלן זיך אַליין צום אָמעד און זינגען־מיט מיטן כאַזן ס׳גאַנצע דאַווענען, אַזוי ווי משאָררים. ס׳ראָוו זינגען זיי אַזוינע שיינע אידישע שטיקעלעך, ווי „קאָל מעקאַדעש״, „וועכאָל מאַמינים״ און אַנדערע אידישע זאַכן. אַלע אידישע בעהיימעס און אויפעס גייען דאָרט אָנגעטאָן אין פּעדע־רינע יאַרמולקעלעך, מאַלפּעס גייען אַפּילע אין לייבצידעקלעך. און אום שאַבעס קנאַקן זיי נישט קיין ניס.

זעלדע: האַלוואַי העלפט אונז גאָט, כאָטש אַ העלפט פון דעם אַלעמען!

ביניאָמין: גאָט וועט העלפן, זעלדעניו, איך וועל מיך אים אירצע האַשעם, אַרויסלאָזן אין דער וועלט אַריין.

זעלדע: דו שלאָג נאָר דיר אַרויס פון קאָפּ די אַלע נאַריש־קייטן, וואָס „סענדערל די אידענע״ האָט דיר מאַסטאַם אַריינגעשלאָגן.

ביניאָמין: וואָס פאַר אַ סענדערל די אידענע! אָט דער סייפער שרייבט בעפּיירעש.

זעלדע: אַז דו וועסט דיך פאַרלאָזן אויף ספאָרים, וועסטו האָבן אַ שיין פּאָנים. ספאָרים זענען זיך ספאָרים, און מענטשן זענען זיך מענטשן. איינס קער זיך נישט אָן מיטן אַנדערן. אי, וואָס דער

סייפער שרייבט, זאָל ער שרייבן געזונטערהייט. סי קאָסט אים קיין געלט נישט, שרייבט ער. און דו ביניאָמין נאַר, פערד, בעהיימע, דו שלאָג דיר אַרויס פון קאָפּ די אַלע מאַיסעס, אָדער אַז נישט וועל איך זיי דיר אַ ר י י נ ש ל אָ ג ן מיטן וואַלגערהאָלץ. אַ ניי אומגליק אַף מיין קאָפּ! אַלעקסאַנדער מוקדון! רויטע אידעלעך!

ביניאָמין: אָבער פאַרשטיי־זשע, זעלדע, וואָס סי טוט זיך! פירן אַזאַ לעבן ווי מיר האָבן ביז איצט געפירט, קענען מיר מער נישט. ס'איז נישט מעגלעך. דאָס נאַסע אַפּטייקל אונזערס מיטן ביסל פאַרטריקנטע בסאָמים קען נישט מעפּאַרנעס זיין קיין לעבעדיקע מענטשן. מי מוז עפּעס טוען, זעלדע. מ'טאָר נישט זיצן ליידיק!

זעלדע: זעץ דיך קריק שיילן קאַרטאָפּליעס און מראַטשע נישט קיין קאָפּ. וואָס טויג מיר דיין אַלעקסאַנדער מוקדון, אַז ס'איז נישטאָ קיין וועטשערע. און איך מוז גיין אין דאָרף אַריין האַנדלען. און אויסשטיין אַלערליי צאָרעס און ביזיוינעס נישט אַזוי פון מענטשן ווי פון הינט. וויי איז דאָס לעבן מיינס! געדענק זשע, ביניאָמין, זאָלסט אָנשיילן קאַרטאָפּליעס און זיי איבערשווענקען אין וואַסער און די שאָלעכץ פון די קאַרטאָפּליעס זאָלסטו געבן דער ציג אונזערער (סי הערט זיך מעקען פון אַ ציג) זי מעקעט! זי איז נעבעך הונגעריק! וואָס מיינסטו, אַף אַ ציג איז נישט קיין ראַכמאָנעס? ביפראַט אַ ז אַ ציג (ווייַנט) אַ לויט פלייש איז דאָך אַף איר נישטאָ—הויט און ביינער!

ביניאָמין: דאַפאַר זאָג איך דאָך: די רויטע אידעלעך.

זעלדע: ווער מיט עפּעס—ער מיט די רויטע אידעלעך. מיר זענען אַלע געגוג רויט, מ'פאַרגיסט אונז בוכאַשעם גענוג ס'בלוט. (גייט אָפּ, קומט קריק) און אַז דו וועסט האָבן צוגעשטעלט ס'טעפּל, זאָלסטו אַריינשיטן זאַלץ. שטענדיק פאַרגעסטו אַריינצושיטן זאַלץ.

ביניאָמין: נו־נו. (זעלדע גייט אָפּ. קומט קריק).

זעלדע: און דו זאָלסט נישט פאַרגעסן אויסשווענקען די טעפּלעך, ביניאָמין. און אויסקערן די שטוב. און אויסלופטערן ס'לייַלעך. ס'איז שוין נישט אויסצוהאַלטן פון די פליי, איז שוין נישט אויסצוהאַלטן. (זעלדע אָפּ).

ביניאָמין (טרייסלט סיליילעך דורכן פענצטער מיט איין האַנט, מיט דער אַנדערער האַלט ער דאָס סייפערל און לייענט): אַף יענער זייט סאַמבאַטיען; עטלעכע טכום־שאָבעס פון די האָרע־כווישעך, וואוינט דער שייוועט—

(אויפטריט סענדערל)

ביניאָמין: האָסט עס געבראַכט, סענדערל סערדצע?

סענדערל (מיט אַרומגעבונדענער באַק): אוואַדע געבראַכט, כאָטש איך האַלט, אַז מ'דאַרף וואָס ווייניגער קוקן אין די ביכלעך און וואָס מערער טאָן. נישט מער גאָרנישט, דו האָסט געזאָגט — ברענגען, איז ברענגען. וואָס פאַר אַ דאַיגע מיר איז!

ביניאָמין: וואָס ביזטו, סענדערל, אַזוי באַטריבט? אַזן זע נאָר די באַק דיינע! וויטער זי? וואו איז זי, די באָכערטע דיינע?

סענדערל: אין מאַרק.

ביניאָמין: אויב אַזוי איז גוט, קענען מיר שמועסן וועגן אונ־זערס. איך וויל דיר אַנטפּלעקן אַ סאָד, סענדערל קרוין. ס'קאָכן אין מיר די געבליטן, איך קען מיך מער נישט איינהאַלטן.

סענדערל: קענט איר זיך מער נישט.

ביניאָמין: גיכער, סערדצע, גיכער. גיב אַהער דאָס סייפערל „שיוובעי ירושאַלאַאים". זי קען נאָך אָנקומען מיינע און אונז שטערן, איידער מיר וועלן פאַרטיק ווערן מיט אונזער שמועס און מיט אונזער פּלאַנעוון. אַגעוו, איך וויל מיך מיט דיר שויעל בעאייצע זיין, סענ־דערל. פאַרוואָס עפּער דאַווקע מיט דיר, סענדערל? ווייל דו ביזט נישט קיין אַקשן, סענדערל, און מ'קען מיט דיר אויסקומען.

סענדערל: צו וואָס זאָל איך זיין אַן אַקשן? ס'איז דען גוט צו זיין אַן אַקשן?

ביניאָמין: דאָס זאָג איך דאָך. צו וואָס זאָל מען זיין אַן אַקשן, אַז מ'קען זיין נישט־קיין־אַקשן. הער־זשע מיר אויס, ליבער סענדערל. די מייסע ווי אַזוי איך בין שוין איינמאָל געהאַט אַנטלאָפן פון דער היים, ווייסטו דאָך, און ווי אַזוי איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן אונטערוועגס און אַן אָרל האָט מיך געפונען אין וואַלד און מיך אַהיימ־געבראַכט אָף אַ פור האַלץ, געדענקסטו דאָך אויך! דאָס שטעטל האָט געלאַכט: זיי האָבן געלאַכט ווי זיי לאַכן שטענדיק, אַז זיי זעען ווי עמיצער גליטשט זיך אויס און פאַלט. נישט מער איך בין כאָטש נישט געפאַלן פאַר זייערע אויגן. איך האָב מיך אויסגע־גליטשט אין וואַלד און אַ גוי האָט מיך אויפגעהויבן. אין וואַלד האָט פון מיר קיינער נישט געלאַכט, ביז איך בין געקומען אין שטאָט אַריין. דאָרטן האָבן אַלע זיך געפרייט מיט מיין שאָדן, האַנאַ געהאַט וואָס איך האָב נישט געפונען וואָס איך האָב געזוכט! מיילע, זאָלן זיי לאַכן, די שויטים! פון אַלעקסאַנדער מוקדון האָט מען דען נישט געלאַכט? ס'איז שוין אַזוי אין דער נאַטור פון מענטשן צו לאַכן פון דעם וואָס זיי אַליין קענען נישט אויפטאָן. זענען זיי נאָכגעלאָפן די שויטים און געשריגן: „קאָדעש, קאָדעש". דער עמעס איז,

איך האָב מיך טאַקע עפּשער נישט באַדאַרפט אַזוי אַוועקלאָזן, ס'איז עפּעס מאַיסע ליטוואַק—אַוועקצוגיין אָן אַ זיי־געזונט. נאָר נישקאָשע. מיין זעלדע זאָל לעבן האָט מיר שוין באַצאָלט דאַפאַר. איצט דאַרף איך זיך היטן, זיין געוואָרנט. נישט לויפן הידריך־פּידריך, נאָר מיט אַ פּלאַן, פאַרשטייסטו מיך, סענדער לעבן.

סענדערל: מע מוז לויפן טאַקע— מע מוז, ר' בינ־יאָמין?

ביניאָמין: פרעגסט עפּעס אַזעלכע שאַילעס, סענדערל, ווי אַ אידענע להאוודל. וואָס דען וואָלסטו מיר געראָטן צו טאָן? זיצן דאָ? און אַזוי אָפּפינצטערן מיינע יאָר, קשווישאַנאָ ביין האַכויכים, ווי אַ רויז צישן דערנער. וואו? אין טונעיאַדעווקע? אין אַזאַ העק, צישן פּראָסטע מענטשן, וואָס פאַרשטייען נישט און ווייסן נישט פון זייער לעבן צו זאָגן? און אויסהערן זייערע רייד און זייערע שטעכווערטלעך „קאָדעש, קאָדעש", אָדער אַזאַ זאָג, אַשטייגער, פון טעוויע מאַק: איר'ט קריקקומען, מאַכט ער, אַפן דראָנזשיק, רעב בינ־יאָמין, איר'ט קומען צערייטן, מאַכט ער, קריק אַף אַ קאָטשערע! ווילדע ברואים. האָבן קיין דערעך־ערעץ נישט אַפילע פאַר אַלעקסאַנ־דער מוקדונען, אַפילע פאַר קאָלאָמבוסן. בע־מע, זאָגן זיי, כ'ווייס וואָס? ס'איז געווען אַ לאַנד, איז ער אַוועק און האָט עס גע־פונען, דער קאָלאָמבוס. דאָס איז קיין כאָכמע נישט, זאָגן זיי. אַ כאָכמע זאָגן זיי, וואָלט געווען, ווען ער געפינט, זאָגן זיי, אַ לאַנד, וואָס ס'איז נישטאָ. פּראָאים, אַף מיינע נעמאָנעס. נישקאָשע, אַז מיר וועלן זיך היינטיקס מאָל אים אירצע האַשעם אַוועק־לאָזן אַהין ווייט, צו די רויטע אידעלעך טאַקע, צום סאַמבאַטיען, און קומען בעשאָלעם קריק מיט ישועס און נעבאָמעס אַף אידן, און מיט אַ גוטן נאָמען אין דער וועלט, דעמאָלט וועלן זיי שוין נישט לאַכן, די כאַכאָמים מיינע. דעמאָלט וועט גאַנץ טונעיאַדעווקע, פון גרויס ביז קליין, וויסן וואָס איך בינימין בין, וואָס איך ביניאָמין קען, וואָס איך בינימין באַטייט.

סענדערל: נו, און איך?

ביניאָמין: דו אויך, אים אירצע האַשעם! דו וועסט מיט גאָטס הילף אויך האָבן אַ נאָמען באַ מענטשן. וועסטו גיין, סענ־דערל?

סענדעד: אַז איר'ט גיין, וועל איך אויך גיין, ר' ביניאָמין, וואָס פאַר אַ דאַיגע מיר איז!

ביניאָמין (גרייט זיך אין וועג אַריין): אויב אַזוי דאַרף מען עס

מאכן, וואָס גיכער. איידער מיינע קומט קריק. מ׳דאַרף איינפּאַקן ס׳טאַרבעלע און מיטנעמען די ספרים, און טאַלעס און טפילין.

סענדערל: נו, און עסן, רעב בינימין?

בינימין: עסן איז אַ נאַרישקייט, סענדערל. דער גאָט וואָס שפּייזט אַ ווערימל אין וואַסער, וועט אונז אים אירצע האַשעם אויך שפּייזן. אפן ערגסטן פאַל האָבן מיר דאָך טאַרבעס. נישקאָשע־נישט, נאָט באָרכו איז אַ גוטער, ער פאַרלאָזט נישט.

סענדערל: פונדעסטוועגן וואָלט געווען בעסער ווען מ׳זאָל מעטנעמען עפּעס עסן, און נישט פאַראָלזן זיך אַף גאָט באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן.

בינימין: מהייכע־טייסע, סענדערל, אויב דו קענסט פוילן באַ דיינער זי זאָל דיר עפּעס מיטגעבן, אַדראַבע, נאָר וואָס רעד איך? איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז מיר זענען ביידע אין קלעם און אַז מיר טאָרן קיינעם נישט אויסזאָגן, אַז נישט וועט זיך כאָלילע אויסלאָזן דאָס אייגענע, וואָס סי האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס ערשטע מאָל, נישט היינט געדאַכט, וואָס מ׳האָט מיך קריקגעבראַכט אַף אַ פור מיט האָליע.

סענדערל: נישקאָשע. איכ׳ל מיר שוין אָן אייצע געבן, רעב בינימין. נאָר זאָגט זשע, איך בעט אייך, רעב בינימין, וואוהין גייען מיר? כ׳מיין דער שפּיץ וואו איז? וואוהין, אשטייגער, ציִלן מיר?

בינימין (טראַכט): זאָג מיר, סענדערל, דו ווייסט וואָס אַף יענער זייט טונעיאַדעווקע איז?

סענדערל: איך ווייס. אַף יענער זייט טונעיאַדעווקע איז פּריטשעפּע, וואו מע באַקומט אַ גוט ביסל בראַנפן.

בינימין: דו ביזט אַ נאַר. איך מיין ווייטער. אַ סאַך ווייטער.

סענדערל: נאָך ווייטער פון דער פּריטשעפּע? ניין, ווייטער ווייס איך נישט, און איר, רעב בינימין, ווייסט?

בינימין: אויב איר ווייס? אַ שאַילע אַ ביסל אויב איך ווייס! דאָרט הויבט זיך ערשט אָן אַ וועלט.

סענדערל: וואָס־זשע איז דאָרטן אַזוינס?

בינימין (צעפּלאַקערט): דאָרטן? פּיפּערנאָטער, לינדענוואָ־רים!

סענדערל: איר מיינט דעם לינדענוואָרים, מיט וועלכן שלוימע האַמעלעך האָט גשניטן די שטיינער צום בייס־האַמיקדעש?

בינימין: יאָ, נעשאָמע מיינע. דאָרטן איז ערעץ־איסראָעל.

דאָרט איז יענע מקוימעס, ק־הע־בע! דו וואָלסט געוואָלט זיין דאָרטן, הא?

סענדערל: און איר וואָלט געוואָלט?

ביניאָמין: אַ שאַלע אַ ביסל! איך וויל, סענדערל, איך וויל און איך וועל טאַקע דאָרט באַלד זיין.

סענדערל: איך בין אייך מעקאַנע, רעב ביניאָמין. איר וועט זיך דאָרטן אָנעסן אַ ביסל מיט טייטלען און מיט באָקסערן.

ביניאָמין: דו, סענדערל, קענסט דאָרט אויך עסן. דו האָסט אין ערעץ־איסראָעל פּונקט אַזאַ כיילעק ווי איך.

סענדערל: אַ כיילעק האָב איך טאַקע. ווי קומט מען אָבער אַהין? דאָרטן זענען דאָך די רויטע יאַרמולקעס. זיי לאָזן נישט צו.

ביניאָמין: קעגן די רויטע יאַרמולקעס איז דאָ אַ טרופּע, סענדערל, די רויטע אידעלעך, וואָס וואוינען אויף יענער זייט סאַמבאַטיען, די פאַרלוירענע שוואָטים. אָט וואָס דער „שיווכעי איסראָעל" שרייבט וועגן זיי. (נעמט און לייענט פון סייפערל) „אַז איך בין געקומען קיין ברוטי, נייערט דאָס לאַנד פון די בריטן, האָב איך געפונען 4 אידן פון באָוועל, האָב איך גערעדט מיט איינעם פון זיי, וואָס האָט פאַרשטאַנען לאָשןקוידעש און האָט געהייסן רעב מוישע, האָט ער מיר דערציילט פון אַ טייך סאַמבאַטיען, וואָס וואַרפט אַ גאַנצע וואָך מיט שטיינער, נאָר שאַבעס רועט ער, און אַז ער האָט געהערט פון אישמעאיילים, אַז דאָרטן זענען די עמעסע בנײ מוישע", און ווייטער, „אַ נאָגיד האָט מיר דערציילט, אַ יאָר 30 אינדעם, איז באַ אים איינגעשטאַנען איינער, וואָס איז געווען פון שייוועט שימען און ער האָט געזאָגט, אַז אין זיין מאָקעם איז דאָ דער שייוועט איסאָסכער, וואָס איז זיך אויסעק אין טוירע און פון דעם שייוועט איז דאָ אַ מיילאָך איבער זיי", האָבן מיר איינמאָל אוועק. און אין סייפער „מאַסאָעס ביניאָמין" שטייט בעפיירעש געשריבן, אַז פון באָוועל גייט מען גלייך צו די בערג ניסבון, וואָס איז אויף דעם טייך גויזען. אין די בערג ניסבון זענען דאָ נאָך דריי שוואָטים: שייוועט זוואולון, שייוועט אָשער און שייוועט נאַפטאָלי. די בנײ־נאַפטאָלי האָבן מעדינעס און שטעט אייגענע, און אַן אייגענעם מיילאָך און זיי האָבן געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט דעם קויפער־על־טוירעד. נו, וואָס דענקסטו, סערדצע, ווען די בנײ־נאַפטאָלי זאָלן פּלוצים דערזען מיך, מיך, זייער ברודער ביניאָמין פון טונעיאַדעווקע, וואָס קומט צו זיי צו גאַסט? הא, וואָס דענקסטו, סענדערל? אדראבע, זאָג, איך בעט דיך! וואָס זאָגסטו דערצו?

סענדערל: וואָס זאָל איך זאָגן? איך זאָג, אַז זיי וועלן זיך פּאַשעט מעכאַיע זיין. „באָרוכהאַבאַ אַ איד", וועלן זיי זאָגן, „וואָס הערט זיך באַ אונזערע דאָרטן?" מ'וועט אונז שיקן קוגלען אַף שאַבעס. דער מיילאַך פון שיווועט איסאָסכער וועט אוואדע אויך קומען אונז אָפּגעבן שאָלעם. זיך נאָכפרעגן אַף גריסן.

ביניאָמין: האַ, סענדערל, וואָס האָסטו געזאָגט? דער מיילאַך פון שיווועט איסאָסכער. קוגל. שאַבעס. גריסן. האַ? און עפשער וועט ער מיך טאַקע מאַכן פאַר שייני־למיילאַך. עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ מענטש ווי איך, ביניאָמין פון טונעיאַדעווקע, מיט אַזאַ קאָפּ.

סענדערל: נו, און איך? איך וואָס וועל זיין?

ביניאָמין: לאָז נאָר גאָט העלפן, אַז איך זאָל זיין שייני־למיילאַך, וועל איך שוין זען, אַז דו זאָלסט אויך נישט אַרומגיין לײדיק. אַזוינע מענטשן ווי מיר, סענדערל, אַזוינע צוויי אידן, באָרוך־האַשעם!

סענדערל: אוואדע, רעב ביניאָמין, אוואדע. ווי זאָגט איר, אַזוינע צוויי אידן באָרכאַשעם, אַז זיי גיבן זיך אַ לאָז אַרויס אין דער וועלט אַריין און נישט מיט לײדיקע הענט, נאָר מיט צוויי טאָר־בעלעך טאַקע!

ביניאָמין: האַקלאַל, איז אָפּגעמאַכט. סענדערל, איך זאָג דיר דעם עמעס, איך וויל דיך עפּעס נאָר טאַקע קושן פאַר פרייד, סענדערל.

סענדערל: מהייכע־טייסע, אויב איר ווילט זיך קושן, איז קושן.

(קושן זיך).

ביניאָמין: ס'איז פאַראַן נאָר איין שטערונג: די ווייבער. וואָס טוט מען מיט די ווייבער? דיינע האָט דיך נעבעך גוט מעכאַ־בעד געווען אַף אַ פּיטשאַטעק. מיינע האָט כאָטש אַ מאַילע, וואָס זי פּאַטשט נישט. האַקלאַל, איז לאָזן מיר, הייסט עס, איבער די ווייבער, אַף גאָטס באַראָט, און מיר לאָזן זיך אין דער וועלט אַריין, וואָרים אויסזאָגן זיי—וועט ווערן אַ געפּילדער. מ'וועט אונז האַלטן פאַר מעשוגע. אַ אידענע איז פאָרט אַ אידענע און וואָס אַ מינצטער מאַנצ־ביל האָט אין נאָגל האָט נישט אַ אידענע אין קאָפּ! אַ־נו, גיב אַהער ס'פּיסקל, סענדערל, לאָמיר זיך צעקושן נאָכאַמאָל.

זעלדע (האָט דאָס געהערט אין דער טיר, גיט אים אַ פּאַטש): נאַדיר אַ לאָזן זיך אין דער וועלט אַריין. נאַ־נאַ! נאַדיר אַן איבער־לאָזן די ווייבער. נאַדיר אַ קושן זיך.

פאָרהאַנג

## צווייטע סצענע

אַ מאַרק (באַזאַר), קרענצלעך בייגל, שטיוול, צוקערקעס.

**בעטלער**: (שפּילט אַף אַ קאָבזע) שענקט אַ נעדאָוועלע.
**די ציג** (קייט שטרוי פון דאַך).
**דאָס פערד** (קוקט אַריין אין אַ סייפער, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון בוים).

(סיהערט זיך מעקען, הירזשען, כרוקען עטצ.)

**די ציג**: איך בין אַ אידיש ציגעלע.
**כעוורע**: ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע, רויטע פּאָמעראַנצן.
**איינער**: פּאָמעראַנצן, רויטע פּאָמעראַנצן.
**איינע**: איך בין אַ מאַמע, וואו איז מיין קינד? איך בין אַ מאַ־מע!
**ציג**: מאַ־מע...
**פערד**: אשאַ־שאַ־שאַ.
**כעוורע**: שאַ־שטיל, מאַך נישט קיין געוואַלט, דער אידישער יאַריד טוט זיך שטעלן באַלד!
**ציג**: וואָס פאַר אַ ש־שאַ־שאַ? אַ שפּראַך אַ ביסל, שאַ־שאַ־שאַ. דו מיינסט מע־מע־מע?
**פערד**: איך מיין הע־שע־שע, נישט מע־מע־מע. אויך מיר אַ שפּראַך, מע־מע־מע!
**ציג**: ביזט אַ פערד!
**פערד**: ביזט אַ נאַרישע ציג!
**ציג**: לאָמיר זיך נישט קריגן.ביידע זענען מיר מענדעלע מויכער ספאָרימס אידישע בעהיימעס. איך האָב אַ פיין בערדל. און מיין גאַנצע אידישקייט, מישטיינס געזאָגט, ליגט אין דעם, וואָס איך לאָז מיך מעלקן פון אידישע קינדער, מע.
**פערד**: און מיין אידישקייט באַשטייט אין דעם, וואָס איך לאָז מיך אָנטרייבן פון יעדן איינעם וואָס האָט אַ בייטש.
**ציג**: מע... וואָס מיר זענען זענען מיר.
**פערד**: אָבער פערד זענען מיר.
**ציג**: וואָס מיר טוען טוען מיר
**פערד**: אָבער עסן ווילן מיר.
**בעטלער**: שענקט אַ נעדאָוועטשקע.
**אַ איד**: קומט אָנצולויפן מיט אַ שטעקעלע) יאַריד...

צווייטער: ...נו, וואָס הערט זיך? געגומען? 31? 65, צי מער?

ערשטער: ...999 וויניקער אַ פערטל, גייט אַראָפּ זעקס. קומט צו 5 מיט אַ פערטל, גייט אַראָפּ 8, זיבעצן מאָל אַכט... מיט ניינט־האַלבן, בלייבט אַזוי גרויס ווי...

ערשטער: יאַריד!

צווייטער: יאַריד!

דריטער: וועגן קירען האָט איר געהערט? ער גייט דאָך אָפּן טערק. ער'ט אים צעקוועטשן?

(אַ בעטלער מיט אַ קעסטל מיט פייגעלעך אָדער מייזע־לעך, וואָו מיציט גורל־קוויטלעך).

צווייטער: ווער'ט צעקוועטשן — קירען דעם טערק, צי דער טערק—קירען?

דריטער: אוואדע קירען דעם טערק. וואָס דען, דער טערק קירען?

קאַטערינשטשיק: ציט אייער גורל, פּריפּט אייער מאַזל. מאַזל־מאַזל־מאַזל פאַר אַ קאָפּיקע.

ערשטער: אַזוי? קירען וועט צעקוועטשן דעם טערק... נישט באַ קירען לעבן. כאַפּ נישט.

צווייטער: פאַרוואָס איז?

ערשטער: ווייל וואָס דער טערק האָט אין מינדסטן נאָגל, האָט נישט קירען אין פּיאַטע? ער שפּילט זיך מיט קירען!

צווייטער: ער שפּילט זיך מיטן טערק!

ערשטער: עט, ביזט אַ שויטע. ווי קומט קירען צום טערק? קירען גייט אין צעריסענע הויזן. און דער טערק...

צווייטער: וואָס דער טערק? דער טערק גייט אינגאַנצן נישט אין קיין הויזן. ער גייט אין אַ פאַרטוך.

ערשטער: שויטע! בעהיימע! פערד!

צווייטער: ביזט אַליין אַ שויטע. ביזט אַליין אַ בעהיימע, ביזט אַליין אַ פערד! הער נאַר, איך בעט דיך, ער גייט מיר זאָגן, אַז דער טערק איז מער לייט פון קירען... דו ווייסט, וואָס איכ'ל דיר זאָגן? (צום דריטן) איר מעגט זיין אַן איידעס, רעב איטשע!

ערשטער: וואָס?

צווייטער: דער טערק איז מעבילע אַ סמאַרקאַטש, אַ גאָרנישט, לאָז ער מיר מוּיכל זיין. אַ קונץ ער שיסט מיט דאַרדאַנעלן. לאָמיר

זען ער זאָל שיסן מיט ביקסן אזוי ווי קירע, לאָמיר זען. א קונץ טראסקען מיט דארדאנעלן...

קאַטערינשטשיק: ציט אייער גורעל, ציט אייער גורעל! פּריפּט אייער מאזל. מאזל־מאזל־מאזל פאר א קאָפּיקע!

דריטער: פאר א קאָפּיקע מאזל, אידן. איר הערט? אנטלייט מיר עמיצער א קאָפּיקע.

צווייטער: א קאָפּיקע? וואָס בין איך, ראָטשילד?

ערשטער: ס'איז כ'לעבן א געלעכטער, ווי איר רעדט! איך גיי מיט אייך אין א געוועט אז איר ווייסט נישט וואָס א דארדאנעל איז! וואָס איז א דארדאנעל?

צווייטער: אדראבע, זאָגט איר וואָס ס'איז א דארדאנעל!

ערשטער: ניין, זאָגט איר צום ערשטן.

צווייטער: פארוואָס עפּעס איך? פארוואָס נישט איר? זאָגט בימכילע, אז איר ווייסט נישט. שעמט אייך נישט.

ערשטער: איך ווייס נישט וואָס א דארדאנעל איז? א דאר־דאנעל איז א מושקאטעל...

קוילעס: ווייבעלעך, אין באָד אריין! ס'איז היינט מיטוואָך.

בעטלער (שפּילט אַפן פידל. א אידענע העצקעט זיך, נעמט צענויף א טעלערל נעדאָוועס פאר די אָרימע כאסאנים און קאַלעס).

אידענע: אם קאָדעש, הייליקע אידעלעך, שענקט א נעדאָווע פאר אָרעמע כאסנקאלע. גיט צושטייער, אז צושטייער זאָל אייך גאָט געבן אלדאָס־גוטס. לעבעדיק, טאטע, לעבעדיק, אידן. טידלדיי. א נעדאָווע פאר אָרעמע כאסאנעם און קאלעס, א נעדאָווע שענקט־זשע, ליבע אידן.

קוילעס: אידעלעך, אהער! יונגער קנאָבל, אידעלעך.

צווייטער: און וואָס איז א מושקאטעל?

ערשטער: א מושקאטעל איז א ביקס, וואָס שיסט!

צווייטער: כא־כא. א דארדאנעל איז א מושקאטעל, א מוש־קאטעל איז א ביקס וואָס שיסט.

ערשטער: וואָס דען טוט א דארדאנעל אויב ער שיסט נישט? לאָמיך הערן.

צווייטער: א דארדאנעל אז ער שיסט נישט וואָס ער טוט (טראַכט) א דארדאנעל אז ער שיסט נישט, זיצט ער און קנאקט דיניע־קערלעך.

ערשטער: כא. א דארדאנעל קנאקט שוין גאָר דיניע־קערלעך.

דריטער: וואָס לאַכסטו, וואָס? לאַכט! א דארדאנעל איז

א טערקישער זעלנער, א זעלנער איז אומעטום א זעלנער. און ער קנאקט אומעטום דיניע־קערלעך.

ערשטער: ביזט א שוטע!

צווייטער: ביזט א בעהיימע!

דריטער: וואס טויג מיר די אלע זאכן, אידן. לאמיך הערן, זאגט מיר בעסער, וואו ליגט די נעשאמע בא דעם מענטשן?

צווייטער: אקוראט דא־א אפן יאריד זאלן מיר דיר זאגן וואו די נעשאמע ליגט באם מענטשן?

דריטער: וואס איז דער כילעק דא, צי ערגעץ אנדערש. ממא־נאפשעך, איז דא א נעשאמע, איז זי דא אומעטום, אפן יאריד אויך. עלא נישט... נאר דאס קען מען דאך נישט זאגן. בלייבט דאך טאקע די קאשע: וואו ליגט דעם מענטשנס נעשאמע? און ביכלאל צי איז דער גוף א צוגאב צו דער נעשאמע, צי די נעשאמע צום גוף?

ערשטער: דרייט נישט קיין יארמולקע, רעב איד, מיט אייער נעשאמע דארטן. . מ'דארף פארנאסע...

דריטער: יאריד!

צווייטער: יאריד!

ערשטער: יאריד!

(לויפן ארום און ארום, קומען קריק)

ערשטער: שא, אט איז פישקע דער קרומער. וואס מאכסטו גוטס, פישקע? וואס הערט זיך בא אייך אין טונעיאדעווקע, נישט־דאגעדאכט, מיט דער כאלערע?

דריטער: ניין, איר מוזט מיר זאגן. איר מוזט מיר ענטפערן. דאס וואס ס'איז היינט א יאריד איז קיין טערעץ נישט. שא, איכ'ל אייך פרעגן עפעס בעסערס: אז ס'איז דא אף דער וועלט „רויטע אידעלעך" ווייסט איר?

צווייטער: מ'זאגט דא, אז בא אייך, אין טונעיאדעווקע, זענען א סאך ארימע באכרים און בסולעס אויפגערעכט געווארן פון דער כאלערע—מ'האט זיי געשטעלט א כופע אפן בייס־אוילעם.

ערשטער: מיר ווייסן. וואס דען, מיר ווייסן נישט? די אסערעסאשוואטים.

דריטער: פארוואס־זשע האט גאט באדארפט צעשיידן זיינע אידן—די שווארצע אהער, די רויטע אהין, הא?

ערשטער: קאשעס א ביסל.

דריטער: נו, און דו, פישקע? דיר האט די כאלערע אויך

נישט געהאַלפן? פאַר אַזאַ שלימזל ווי דו האָט זיך נישט געפונען קיין באַלן.

פישקע (מיט קרומע פיס): איך האָב אויך באַרעכהאַשעם כאַסענע געהאַט.

דריטער: אַדאַם איז דער טייטש אַ מענטש. און אָדעם איז אויך די טייטש רויט. דאַפאַר זאָגט מען אַף יענע אַז זיי זענען „רויטע אידעלעך". ווייל זיי זיינען אַפּאָנים לעבעדיקע אידעלעך. וואָרין אַלצדינג וואָס ס'איז לעבעדיק איז רויט. אַ מעס כאַסוועשאַלעם איז צומערשט וויס, דערנאָך שוואַרץ. רויט איז לעבן. „קי האַדאָם—זע האַנעפעש".

ערשטער: ווער איז דיין גליקלעכער זיוועג, פישקע, און ווער איז געוון דער שאַדכן?

פישקע: דער גליקלעכער זיוועג איז די בלינדע דאָביש. און דער שאַדכן איז געווען — די כאָלערע אַליין, טאַקע!

(די דריי אידן שטייען און רעדן צישן זיך, פלוצים גיט איינער אַ געשריי „יאַריד". די אַנדערע טוען אויך אַזוי. גיבן זיך אַ דריי אַרום און קומען קריק, שטילן־זיך איין, רעדן צישן זיך).

אַלע: אַזוי! דערצייל, דערצייל, פישקעניו, אַקוראַט פּאָדראָב־נע, ווי אַזוי ס'איז געווען.

פישקע: עט, ס'איז אַ לאַנגע מאַיסע. (אַלע זעצן זיך) אַז די כאָלערע האָט זיך נישט־היינט־געדאַכט אָנגעהויבן, האָט מען צום ערשט געמיינט, אַז עס נעמט זיך פון די גרינע אוגערקעס, אָדער פונם וואַסער. (רויכערט זיין ליולקעלע) פוה, איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ מערכעץ־מענטש, אונטערגעטראָגן אַ אידן אַ שעפעלע, איבערגעקערט ס'פרישע העמד אַף דער רעכטער זייט, געוואַונטשן „צו־געזונט" אַז מ'איז אַרויסגעגאַנגען פון באָד, נאָכדעם ווי מ'האָט זיך שוין אָפּגע־גאָלט דעם קאָפּ, געשטעלט פיאַווקעלעך הינטער די אויערן. און אַזוי האָב איך מיך, פוה, פוה, מעפאַרנעם געווען. מיילע, וואָס שאַיעך? אַ איד איז דאָך באָרעכהאַשעם אַ איד, און, אוי, קומט ער אָפּ אַף דער וועלט. נישט מער — אַ שטיקל וואַרים אָרט אַף צו שלאָפן איז געווען. אַי, ס'איז געווען וואַנצן? אַי, ס'האָט געביסן? נו, די וואַנצ־לעך זענען דען נישט גאָטס באַשעפענישן? זיי בייסן נישט פון סינע, כאָלילע, צי פון שלעכטס, נאָר פאַרן שטיקל פּאַרנאָסע... האַקלאַל, אַזוי איז מיר געגאַנגען ביז דער כאָלערע. אַז די כאָלערע איז געקומען אין שטעטל אַריין, האָט מען געכאַפּט

און מיך כאַסענע געמאַכט מיט דער בלינדער דאָביש. נו, נו, האָב איך פון איר אויסגעריסענע יאָר. אָט גייט זי, מ׳זאָל געווען דערמאָנען מאָשיעכן.

**בלינדע**: וואו ביזטו, שלימאַזל מיינער? אַליין דאַרף איך מיך אַרומשלעפּן, אַז שלעפּן זאָלן דיך שוין די הינט, וואו ביזטו שלאַק מיינער, רוף דיך אָן. פּישקעלע, פּישקע, מאַך דיך נאָר נישט געפּייגערט. איך האָב געהערט דיין קעליכן.

**פּישקע**: אָט בין איך, דאָבישל.

**בלינדע**: לייג מיר אַרויף די האַנט אַף דיין אַקסל, פּישקע, פיר מיך!

**פּישקע** (טוט עס).

**בלינדע** (בעטלט מיט אַ ניגן פון קינעס): שענקט אַ נעדאָווע, ליבע אידן. (שטילערהייט) פאַרברענט זאָלט איר ווערן! (הויך) אַן אָרימע בלינדע, וויסטע, נעסטשאַסנע, אומגליקלעכע קאַלעקע, וואָס קיין אומגליקלעכערס פון איר איז נישטאָ אַף דער גאַנצער וועלט. שענקט אַ נעדאָווע, גוטענקע מענטשן (שטילער) אַ פינצטער לעבן אַף אייך. (העכער) שענקט עפּעס. אידן בניי־ראַכמאָנים (שטילער) שענקען זאָל אייך גאָט די געלע זעכט. מ׳שלעפּט זיך אַהערצו, פרעג, וואָס? פרעג ווען? אַז אָפּפרעגן זאָל מען דיך שוין באַ גאָט, פּישקעניו.

**פּישקע**: כע, וואָס שעלטסטו דיך, דאָביש? איך פיר דען דיך נישט איבער די הייזער?

**בלינדע**: פאַרברענט ווער איניינעם מיט דיינע הייזער! וואָס טויג מיר, דו ימאַכשמויניק איינער, דיין שטאָט, אַזאַ בלאָטיקע שטאָט! אָט אַזאַ שטאָט נאַראַיעסטו מיר, האַ? איך וויל נישט, דו הערסט? איך וויל נישט אַזאַ שטאָט. איינגעזונקען ווער אינ־איינעם מיט דיין שטאָט און מיט דיין בלאָטע. איכ׳ל גיין קריק צום רויטן שימעויועל, צו די קאָניצע פעלד־אָרימעלייט, וועל איך גיין. וויפיל איז דער זייגער?

**פּישקע**: (קוקט אַפן הימל): דער זייגער איז שוין באַלד... מינכע.

**בלינדע**: בעט מיר אונטער עפּעס און זעץ דיך אוועק.

**פּישקע**: אָט שוין. (טוט עס. בעט איר אונטער אַ פּעקל שמאַטעס. פירט זי צו נאָענט צון אַן אָרט, וואו עס זיצט די האָרבאַטע און בעטלט אַף כאָצי גויעש).

־אָרבאַטע. פּאָמיהייטי, אידישע קינדער. האָט ראַכמאָנעס

אף א האָרבאַטער מיידל, נעבעך, ווי איז מיר. שיינקט עפּעס. אידי־שע קינדער. שיינקט.

פישקע (גיט דער האָרבאַטער אַ גלעט איבערן קאָפּ און שמייכלט און זאָגט): שש... (ווייזט זי זאָל שווייגן. דערלאַנגט איר אַ שטיקל בולקע פון טאָרבעלע).

מאַמזער (דער בלינדער אַפן אויער): ער שטייט לעבן דער האָרבאַטער און מאַכט מיט איר קוצעניו־מוצעניו. גיט איר בולקעס און לעקעך, גיט ער איר.

בלינדע (מיטן שטעקן): וואו איז זי? וואו איז ער? כ׳וועל זיי דערהארגענען (קלאַפּט מיטן שטעקן, טרעפט דעם „מאַמזער").

קוואַסניק (מיט רויטער יאַרמולקע): קוואַס, פרישער קוואַס.

קאַטערינשטשיק: ציט אייער גורעל! ציט אייער מאַזל! מאַזל־מאַזל־מאַזל פאַר אַ קאָפּיקע.

מאַמזער: הער אויף, דו משולאַכאַס. האָסט מיר שיר אויס־געזעצט אַן אויג (נעמט אָן איר האַנט, שלאָגט פישקען).

פישקע: ווער פאַרברענט דו! איכ׳ל אויסזאָגן, אַז דו ביזט אַ געזונטער בורלאַק און אַז דיין קינד איז קיין קינד נישט, נאָר אַ צענויפ־געוויקלטע שמאַטע.

מאַמזער (גיט זיך אַ הייב): וואָס האָסטו געזאָגט, דו פלאַס־קידריגע? (דרייט אים אונטער די הענט. יענער ווערט ברוין און בלוי, הויבט אָן שרייען. דער „מאַמזער" האַלט אים צו סימויל): ס׳איז דיין מאַזל, וואָס ס׳איז אַפן יאַריד, אַז נישט וואָלסטו שוין פון דאַנען נישט אַוועק קיין לעבעדיקער. איך וואָלט דיר „געפּלימפּלט" און גע־מאַכט „כיק".

האָרבאַטע (הויבט זיך אויף): לאָז אים אָפּ, וואָס טשעפּעסטו אים נעבעך? ער איז ווייניק געשטראָפט? אַזאַ געזונטער כלאָפּ ווי דו.

קוואַסניק: קוואַס, פרישער קוואַס!

קאַטערינשטשיק: ציט אייער מאַזל. ציט אייער גורעל. מאַזל־מאַזל־מאַזל פאַר אַ קאָפּיקע.

מאַמזער: דו רעדסט אויך! דו כאַצופע איינע! איך וויים, נישקאָשע, ס׳איז באַ אייך אַן אָפּגערעדטע זאַך. אַז איר זענט פאַר־ליובקעט איינס אין ס׳אַנדערע, ווי אַ קאַץ מיט אַ קאָטער—אַ כאַסענע אַן קלעזמער, האַ? אַ שיין מיידעלע, נישקאָשע, און פאַר מיר גיט זי זיך אויס פאַר אַ גאַנצער רעביצן! דו און פישקעלע, האַ?

פישקע: און דו קריכסט צו מיין ווייב. דו... מאַמזער! דו מיינסט איך וויים נישט?

(דורך דער צייט האָט זיך די האָרבאַטע איבערגע־
זעצט לעבן דער בלינדער)

בלינדע: ווער זיצט עס דאָ לעבן מיר? נישט די האָרבאַטע?
האָרבאַטע: איך, בלינדע לעבן!
בלינדע: די זון איז שוין פאַרגאַנגען?
האָרבאַטע: פאַרגאַנגען.
מאַמזער (וויקלט צוערשט איין אַ שטיקל שמאַטע אין אַ קישעלע, האָצקעט עס ווי אַ קינד און מאַכט): אוי, ווי איז מיר, פינצטער איז מיר, מיין וויב שטאַרבט און לאָזט מיך איבער מיט אַ פּיצל קינד אַף די הענט, אוי, ווייסט איז דיר, קליין, בלינד יסוימעלע, פינצטער איז דיר אָן אַ מאַמען. (מענטשן גייען פאַרביי, גיבן נעדאָוועס).
בלינדע: ס'איז נישט בערעלע מאַמזער? דער מאַמזער פאַר־דינט היינט גרודעס מיט גאָלד, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן, דער געזונ־טער גאָי, ווי ער נאַרט אָפּ אידן.
האָרבאַטע: וואָס אַרט אייך, אַז אַ איד פאַרדינט? די גווירים, געשוואָלן זאָלן זיי ווערן, טוען נישט אַ האַנט אין קאַלט וואַסער און פאַרדינען נאָך מער ווי ער.
מאַמזער (גיט איר אַ קיצל): וואָס ביזטו, קעצעלע, ברויגעז? וואָס זיצסטו אַראָפּגעלאָזט די נאָז?
בלינדע: וואו ביזטו, פּישקע? דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז דו שטייסט לעבן דער האָרבאַטער, אַז שטיין זאָלסטו שוין וואו איך ווייס. האַ, וואו ביזטו? דו מיינסט איך ווייס נישט, אַז דו קריכסט איר נאָך, ווי אַ קו אַ קאַלב? איך ווייס, איך ווייס. נאַר איך שווייג. וואָס זאָל איך טאָן? וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס? אוי, אַ שלאַק האָט מיך געטראָפן. (צום מאַמזער) הייב מיך אויף, לאָמיך אים דערלאַנגען אַ זעץ מיטן שטעקן.

(סי ווערט אַ געשלעג. פּישקע אַ צובלוטיקטער, די האָרבאַטע צעשויבערט. קומט אָן אַ מענטש, שטעלן זיך אַלע אַוועק) שיינקט אַ נעדאָווע! (דערנאָך שלאָגן זיי זיך ווייטער. לסאָף פירט דער מאַמזער אַוועק די בלינדע. פּישקע בלייבט מיט דער האָרבאַטער, דער מאַרק ליידיקט זיך אָפּ. די זון האַלט זיך באַם זעצן).

קוואַסניק: קוואַס, פרישער קוואַס!
קאַטערינשטשיק: ציט אייער גוירעל. ציט אייער מאַזל. מאַזל־מאַזל־מאַזל פאַר אַ קאָפּיקע.

**פישקע:** מ'דאַרף גיין קריק קיין טונעיאַדעווקע, דאָ איז פאַר מיר קיין אָרט נישט. דאָרט אין מערכעץ — עך, דאָרטן... די גרינע בעזעמלעך. די שיינע באַלעבאַטים. אַז איך דערמאָן מיך אין רייאַך פון אונזער באָד, ווער איך אַזש שיקער. אַזוי זאָל איך זיין געזונט! איך וועל גיין קריק—דאָ איז פאַר מיר נישט קיין אָרט.

**האָרבאַטע:** און מיך, דעם וויסטן האָרב, וועסטו לאָזן אַליין?

**פישקע:** איך וויים... וואָס זאָל איך טאָן? ביילטשע לעבן— אַז איך האָב אַ ווייב, אַז גאָט וועט העלפן מיר'ן זיך געטן.

**האָרבאַטע:** זאָג־זשע מיר צו, פישקע, אַז אַזוי גיך ווי גאָט וועט העלפן, וועסט מירצעשעם אַרויסקריגן אַ געט, וועסטו מיך נעמען.

**פישקע:** איך זאָג דיר צו, ביילטשע לעבן. איך זאָג דיר צו. נאַ, נאַ, נאַדיר אַ בייגל.

**האָרבאַטע:** אַ גאַנצן בייגל? ניין, פישקעניו, דעם בייגל וועל איך נישט אויפעסן, נאָר איך וועל אים אָנטאָן אויף אַ בענדל און אים טראָגן אַפן האַרץ, ווי אַ שיינע פערל וועל איך אים טראָגן, צו געדיינ־קען אָן דיר, מיין פישעניו, מיין קרוין, מיין נעשאָמע. קום אהער, פישקע.

**פישקע:** וואָס איז, ביילטשעניו?

**האָרבאַטע:** זעץ דיך לעבן מיר, פישעניו!

**פישקע:** אָט זעץ איך מיך, וואָס איז דען?

**האָרבאַטע:** גאָרנישט, זיץ לעבן מיר, זיץ, דערצייל וועגן דיין באָד, פישקעניו, כ'האָב ליב צו הערן וועגן דער וואַרימקייט, וועגן דער פאַרע, וועגן די שמעקנדיקע בעזעמלעך. דערצייל, פישקעניו.

**פישקע:** כ'בין מיד, דיר פים טוען מיר וויי, די שיך זענען צעריסן, די האָניטשעם קוועטשן. עך, ווען איך זאָל זיין קריק אין באָד אין מיין אייגן ווינקל און אַרומגיין און דערלאַנגען אידן שעפעלעך, אָדער אויפגיסן וואַסער אויף די שטיינער. אָדער דערלאַנגען דעם גוויר אַ קאַלט האַנטוך צום מויל און ער זאָל מיר דאַפאַר געבן אַ שטיקל שמעקענדיקע זייף.

**האָרבאַטע:** דערצייל, דערצייל, פישקע. דיינע ווערטער זענען עפעס אַזוי גוט. אַז דו רעדסט און איך מאַך צו די אויגן, זע איך לאָנקעס און גראָזן און שאָף און רינד, און טייכן און וואַסערן. דו געדיינקסט, פישקע, דאָס לידל:

„אַפן גרינעם באַרג"?

**פישקע:** כ'געדיינק, פאַרוואָס זאָל איך נישט געדיינקען? (זינגט) אויף דעם גרינעם באַרג,

האָרבאַטע: אַף דעם הויכן גראָז
פישקע: שטייען אַ פּאָר דייטשן
האָרבאַטע: מיט די לאַנגע בייטשן.
פישקע: הויכע מאַנען זענען זיי,
האָרבאַטע: קורצע קליידער טראָגן זיי.

ביידע: אָווינו מיילאָך,
דאָס האַרץ איז מיר פריילאָך,
פריילאָך וועל איך זיין,
טרינקען וועל איך וויין,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן
און אונזער ליבן גאָט
קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

(סיקומען אַן בינימין און סענדערל)

בינימין (צו סענדערלען): איך הער אַ קאָל, אַ אידיש קאָל, ווער זאָל דאָס זיין?

סענדערל: וואָס איז דער כילעק, ווער ס׳איז? אַבי ס׳איז אַ אידישער קאָל. לאָמיך דאָ אָפּרוען, רעב בינימין, איר קערט שוין זיין גיט מיד פונם וועג. איך פאַל שיר פון די פיס, רעב בינימין.

בינימין: שטאַרק דיך, סענדערל, שטאַרק דיך. נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל זענען מיר באַ די רויטע אידעלעך.

סענדערל: און וואו זענען מיר איצט, רעב בינימין? האַ? מיר קערן שוין אָנשלאָגן נישט ווייט פונם סאַמבאַטיען, ווי מיינט איר, רעב בינימין?

(דורך דער צייט האָט פישקע געגעבן דער האָרבאַטער די לעצטע שטיקלעך ברויט פון זיין טאָרבע און גע־פירט מיט איר אַ שמועס שטילערהייט).

בינימין: נאָך מיין מיינונג נאָך דאַרפן מיר שוין זיין נישט ווייט פון טערקיי און פון דעם געפעפערטן יאַם. אַ־נו, לאָמיר אַ קוק טאָן נאָכאַמאָל אין אונזער „צעל אוילעם". (לייענט) „אַז דו גענענטערסט אין אַ שטאָט אַריין און וויבאַלד דו קומסט אַריין זעסטו אַ מענטשן מיט אַ רויטער יאַרמולקע, אָדער אַ בעטלער וואָס שטייט און בעטלט, זאָלסטו וויסן זיין, אַז דאָס איז סטאַמבול, נייערט די שטאָט וואָס איז אַף כאָצי־דערעך צו די רויטע אידעלעך, וואָס וואוינען אַף יענער

זייט סאמבאטיען האנאהאר, דער טייך סאמבאטיען."

ביניאמין (ווייזט אפן קוואסניק): אט איז דער מענטש מיט דער רויטער יארמולקע, און אט איז א בעטלער, וואס בעטלט. ס'איז סטאמבול!

סענדערל: סטאמבול!

ביניאמין: אויב סטאמבול, דארפן מיר דאך רעדן סטאמבוליש, דו קענסט עפעס סטאמבוליש, סענדערל?

סענדערל: א ווארט נישט!

ביניאמין: לאמיר זיך פונדעסטוועגן פרווון, מיר'ן מיט גאטס הילף זיך פארשטענדיקן. אמאי גאיעש? וועלכער איד קען דאס גאיעש? פונדעסטוועגן רעדט ער. ווי זאגט'ן עפעס, „יאק ניע דאברע ריידעלע, טו דאברע טראכטעלע" (צום טערק) שאלאם ר'איש סטאמבול! (רעדט טערקישע איווריע, מיט אויסגעצויגענע פאסאכן און מיטן טראפ אף דער לעצטער זילב) כ'האב אייך געוואלט פרעגן, ווי אזוי ארומעט מ'גייט דא צום סאמבאטיען?

קוואסניק (אן א זייט): זיי מיינען, אז איך בין א טערק, ווייל איך גיין אין א רויטער יארמולקע. אויב אזוי וועל איך זיי אפטאן אף טערקיש און רעדן אזוי ווי זיי. (צו זיי) ווי אזוי מ'גייט צום סאמבאטיען וויים איך נישט, נאר א גלעזל קוואס קען איך אייך פארקויפן, קאלט, א דערקוויקעניש, מעכאיע נעפאשעס.

סענדערל: דער איד פארקויפט קוואס — פרעגט אים גויפיל סי קאסט, רעב ביניאמין.

ביניאמין (אף טערקיש): וואס קאסט בא אייך א גלעזל קוואסא, רעב טערק?

קוואסניק: א הארטע קאפיקע קאסט עס.

ביניאמין: ווייזט אוים אז דא גייט דאס זעלבע געלט ווי בא אונז, אומעטום איין וועלט (זוכט געלט, געפינט נישט) האט זיך בא דיר עפשער צומאל פארוואלגערט א קאפיקע, סענדערל?

סענדערל: אט איז מיין לעצטע קאפיקע! יא, אומעטום איין וועלט, רעב ביניאמין. די אנדערע וועלט הויבט זיך ערשט אן בא די רויטע אידעלעך. אוי, ווי דערלעבן מיר שוין צו זיין דארטן!

ביניאמין: מירן זיין, מירן זיין. שטארק זיך נאר, סענדערל, און פארליר נישט דעם ביטאכן (אף טערקיש) אט איז א קאפיקע און גיב א קוואס א גלעזל.

סענדערל: גאט שיקט צו דעם טרינקער זיין ביר, דעם שפינער זיין פלאקס און דעם דארשטיקן איד זיין ביסל קוואס. זאל גאט בארכו זיין געלויבט, וואס ער האט אונז צוגעשיקט מיט וואס אפצו-

פאסטן דעם לאנגן טאָנעס. שוין צוויי טעג נישט געהאט אין מיין מויל.

ביניאָמין: אָמיין. (מאַכט אַ בראָכע און טרינקט. גיט סענ־דערלען).

קוואַסניק: עץ קומט פון וויט?

ביניאָמין: פון טונעיאדעווקע.

קוואַסניק: אָווא, אָווא, ווא, ווא. טונעיאדעווקע, דאָס איז אַ גרויסער מהאַלאַך פון דאַנעט.

ביניאָמין (שוין אַף אידיש): זאָגט אונז, איך בעט אייך, ווי אַרומעט גייט מען דאָ צום סאמבאַטיען? און צו די רויטע אידעלעך?

קוואַסניק (ערנסט, אַף אידיש): צום טייך סאַמבאַטיען, צי די רויטע אידעלעך דאַרפט איר זיך פאַרדרייען לינקס, לינקס, וואָס מער לינקס אַלץ בעסער. אַז איר קומט צו דעם אָרט, וואו די וועגן צעשיידן זיך, וועט איר זען אַ שולכן, לאָזט עס שטיין און גייט ווייטער. דערנאָך וועט איר זען אַ קלויסטערל, לאָזט עס שטיין און גייט ווייטער. דערנאָך וועט איר זען אַ שטאַל, אַ שעכטהויז, אַ יאַטקע, אַ פּלימפּ, אַ גראַלניע, לאָזט זיי שטיין און גייטס ווייטער.

ביניאָמין: הער נאָר, סענדערל, דער איד רעדט דאָך אידיש אויך!

קוואַסניק: וואָס דען מיינט איר, אַ סטאַמבולער איד איז קיין איד נישט? אַ איד איז אַ איד אומעטום וואו מ'גיט אים נאָר פּעטש. און פּעטש גיט מען אונז באַרכהאַשעם אומעטום.

ביניאָמין (מיט אַ זיפץ): אין סטאַמבול אויך?

קוואַסניק: פרעגט בעסער נישט, רעב איד, וועל איך פאַר־שפּאָרן צו ענטפערן. דערנאָך וועט איר דערזען אַ מיל מיט ווייסע שיידים, מיט פּיפּערנאָטערס, מיט לינדענווערים, מיט שלענג, מיט העקדישן, זאָלט איר וויסן, אַז דאָרט איז עס. דאָרט איז דער וועג צום סאַמבאַטיען. (אַפּן אויער) צו די רויטע אידעלעך. נאָר איך ראָט אייך איר זאָלט בעסער קיינעם נישט אויסזאָגן, אַז איר גייט אַהין, ווייל מ'קען אייך נאָך כאָלילע טוען רישעס... (גייט אָפּ). קוואָס, פרישן קוואָס!

(דערווייל האָט פישקע גערעדט מיט דער האָרבאַטער, זיך אָפּגעזעגנט און איר געהאָלפן אָנטאָן די טאָרבע).

סענדערל: אָט איז נאָך אַ איד, אַ בעטלער, דאַכט זיך (גייט צו נאָענט). זעט נאָר ווער דאָס איז? ס'איז דאָך פישקע, פישקע דער קרומער!

בּיניאָמין: פּישקע? דו? ווי קומסטו אַהער?

פּישקע: ס׳איז אַ סאַך צו דערציילן, רעב בּיניאָמין, און וויניק צו הערן. זאָגט מיר בּעסער, ווי קומט איר אַהער, אַזוי ווייט, אַזש קיין גלופּסק?

בּיניאָמין: דו האָסט אַ טאָעס, פּישקע, נישט גלופּסק, נאָר סטאַמבּול, דאָ איז סטאַמבּול.

סענדערל: אַוואַדע סטאַמבּול. דער טערק מיט דער יאַרמולקע האָט אונז אַליין געזאָגט.

פּישקע: וואָס איז דער כּילעק: סטאַמבּול, גלופּסק? פאַר מיר איז אַלץ איינס. איך בּענק קריק אַהין, אַהין, קיין טונעיאַדעווקע. וואו דער מערכעץ איז.

בּיניאָמין: וואָס רעדסטו, פּישקע, גאָט איז מיט דיר! דו בּענקסט גאָר אַ ה י ן פון וואַנעט מיר בּענקען אַ ה ע ר? קיין טונעיאַדעווקע בּענקסטו, וואו מענטשן לעבּן ווי ווערים אין כריין, וואו מ׳קריכט איינער דעם אַנדערן אין די גאַרגערעס, וואו סי שווימלט און גרימלט מיט אָרימקייט און מיט נויט פון איין זייט, און מיט ליידיק־גייערס און שיינע אידן פון דער אַנדערער זייט. בּאַרעכן דיך, וואָס דו רעדסט, פּישקע!

פּישקע: איך בּענק נאָכן מערכעץ, רעב בּיניאָמין. דאָרט איז מיר געווען וואַרים, דאָרט האָט מיך יעדער געקענט און איך האָב געקענט יעדן. דאָ קען מיך קיינער נישט און די גאַסן זענען קאַלט און די שטיבּער זענען פרעמדע. דאָ בּין איך אַ בּעטלער און אַ פרעמד־דער, רעב בּיניאָמין, דאָרט בּין איך בּלויז אַ בּעטלער.

סענדערל: עפּשער איז ער טאַקע גערעכט, איך ווייס?

בּיניאָמין: וואָס הייסט גערעכט? אַ מענטש דאַרף טאָמיד גיין ווייטער, נישט קריק, אַזוי שרייבּט בּעפיירעש דער „צעל אוילעם". אַ אידנס האַרץ דאַרף זיך ציען אַהין צום ליכט, וואו די זון גייט־אויף צו די רויטע אידעלעך, נישט קריק—צו דער פינצטערניש. צו דער נאַכט. וואָרין די נאַכט קומט שטענדיק פריער פונם טאָג, ווי אין פּאָסעק שטייט „וואַיהי ערעוו וואַיהי בּויקער", צום ערשטן איז געווען ערעוו, ד. ה. נאַכט.

פּישקע: דאָרט איז אָבּער וואַרים. פון דער פּאַרע. און מ׳קען זיך אויסציען אַף דער בּאַנק און שוויצן. אַך, ווי דערלעבּ איך שוין די מינוט איך זאָל זיצן קריק אַף דער בּאַנק און שוויצן. אַך, וואָס פאַר אַ גאַן־איידן דאָס איז, איך האָב עס נישט געוואוסט ווי אָפּצושאַצן. נו, און איר, רעב בּיניאָמין מיט סענדערלען, וואוהין, לעמאָשל, צילט איר זיך? און וואָס זענט איר אויסן אַשטייגער, האַ?

סענדערל: וואָס זענען מיר מאַקע אויסן, רעב בּיניאָמין? עפּשער טאַקע גיין קריק?

בּיניאָמין: כאָלילע, וואָס רעדסטו? (צום פישקען) אונזער ציל, וואָס מיר צילן, פישקע לעבן, איז דער טייך סאַמבּאַטיען, די רויטע אידעלעך. די בּניי־מוישע.

פישקע: זאָל דער אויבּערשטער אָפּהיטן, וואָס רעדט איר! דער טייך סאַמבּאַטיען—ערשטנס לאָזט ער נישט אַריבּער.

בּיניאָמין: דאָס איז גאָרנישט. מיר האָבּן אַ שפּרוך.

פישקע: צווייטנס זענען די רויטע אידעלעך געפערלעכע לייט. שאַ... איר ווייסט וואָס מ'זאָגט וועגן זיי?

סענדערל: וואָס?

פישקע: ערשטנס זענען זיי גאָרנישט קיין בּניי־מוישע, נאָר אַנדערע בּניי, צווייטנס זאָגט מען, אַז אַלע זכאָרים עלטער ווי דרייצן יאָר דערטרינקען זיי אין עסיק, און זאַלצן זיי איין און עסן זיי אויף. יאָ, יאָ! אַזוי זאָגט מען. און אַז אַ וועלט זאָגט, ווייסט זי וואָס זי זאָגט

בּיניאָמין: שטוסים! ווער האָט עס אויסגעטראַכט אַזאַ בּיל־בּול? סיידן מעשוגענע, אָדער רעשאָאים.

פישקע: נו, ווי איר ווילט. איך ראָט אייך איר זאָלט נישט גיין. ווייטער טוט ווי איר ווילט. איך האָבּ מיר מיינע אייגענע צאָרעס, מיינע אייגענע האַרצווייטיקן. (אָפּ).

בּיניאָמין: כ'מיין, סענדערל, אַז ס'איז שוין צייט צו דאַוונען מינכע. די זון האָט זיך שוין געזעצט.

סענדערל: אָוואַ, ווי גיך די טעג פליען, אַז מ'איז נישט אין דער היים. ווער ווייסט וואָס מיינע טוט דאָרטן נעבּעך אַליין אָן מיר. ווי אַזוי זי קען אויסקומען. און ווער ווייסט ווי לאַנג מירן נאָך דאַרפן גיין, און ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך אַמאָל דערשלאָגן אַהין, איך האָבּ שוין בּאַלד קיין קויעך נישט. שוין דעם אַנדערן טאָג אין מויל נישט געהאַט, רעב בּיניאָמין.

בּיניאָמין: אַ כוח דאָס בּיסל קוואַס וואָס דער אידישער טערק פון סטאַמבּול האָט אונז פאַרקויפט. עך־כע־כע!

סענדערל: עפּשער זיך אומקערן, רעב בּיניאָמין? הע, ווי מיינט איר? מיר האָבּן נאָך צייט, איידער מיר שטעלן אַ פוס אָפן סאַמבּאַטיען.

בּיניאָמין: זאָל גאָט אָפּהיטן! דאָס טאָר אונז גאָר נישט איינ־פאַלן. מיר מוזן גיין, מיר מוזן אויספירן אונזערס. מיר מוזן זיך אַנטפּלעקן פאַר די רויטע אידעלעך, מיר מוזן בּריינגען ישועס און

נעכאַמעס אַף אידן, אַף צו להאַכעס אַלע לינדענוועריס און אַלע פּיפּערנאָטערס און אַלע עקדישן. לאָמיר זיך גוט אונטערגאַרטלען, סענדערל, וואָרים ווי אַזוי מי נעמט זיך פאַר, אַזוי העלפט גאָט.

סענדערל: נו, מיילע, אַז איר זאָגט אונטערגאַרטלען איז אונ־טערגאַרטלען.

ביניאָמין: איז גייען מיר ווייטער, רעב סענדערל, ביז הינטער די האָרע־כוישעך.

סענדערל: ביז הינטער די האָרע־כוישעך.

ביניאָמין: ביז העט־העט.

סענדערל: ביז העט־העט.

ביניאָמין: נו, אין אַ גוטער שאָ, מיטן רעכטן פוס ווייטער. שטעלט, זייט מויכל, דעם רעכטן פאָרויס, סענדערל.

סענדערל: אָט שטעל איך דעם רעכטן פוס. שטעלט איר אויך, רעב ביניאָמין.

ביניאָמין: איך האָב שוין געשטעלט, סענדערל.

סענדערל: איז גייען מיר, רעב ביניאָמין.

ביניאָמין: גייען מיר, סענדערל.

פאָרהאַנג

---

דריטע סצענע

(סענדערל און ביניאָמין גייען מיט די פעקלעך אַף די פּלייצעס).

סענדערל: אוי, בין איך מיד, רעב ביניאָמין.

ביניאָמין: איך אויך, סענדערל, אָבער מי מוז גיין. די ישוע איז שוין נישט ווייט. האַלט דיך, סענדערל!

סענדערל: ס'איז נאָך ווייט, רעב ביניאָמין?

ביניאָמין: באַלד, באַלד, סענדערל.

סענדערל: אוי, טוען מיר ווי די פיס, רעב ביניאָמין.

ביניאָמין: מיר אויך, נאָר ס'איז גאָרנישט. אָט באַלד־באַלד, סענדערל.

סענדערל: אוי שמאַכט מיר ס'האַרץ, רעב ביניאָמין. אוי, וואָלט איך געוואָלט עפּעס עסן.

ביניאָמין: איך אויך, סענדערל. אָט באַלד־באַלד וועלן מיר געהאָלפן ווערן.

סענדערל: אוי, בין איך דאָרשטיק, רעב ביניאָמין.

ביניאָמין: איך אויך, סענדערל. אָט באַלד־באַלד וועלן מיר צוקומען צו א קוואַל מיט א וואַסער.

סענדערל: מיר זאָלן כאָטש דערציען, רעב ביניאָמין, סי זאָל כאָליִלע נישט אויסגיין די געשאַמע איידער סי וועט קומען די נעבאָמע.

ביניאָמין: מירן מיט גאָטס הילף דערציען, סענדערל, וועסט זען. שטאַרק דיך, סענדערל, נעם דיך אין די הענט אַריין.

סענדערל: אוי, בין איך שלעפעריק, רעב ביניאָמין. איך האַלט מיך קוים.

ביניאָמין: איך אויך, סענדערל. דער קאָפּ אַרבעט מער ווי טאָמעד, אָבער די פיס דינען עפּעס גאָרנישט. (רייבט זיך די ליטקעס). אוי, די פיס, די פיס.

סענדערל: לאָמיר זיך אַנידערזעצן א ווײַלע אָפּרוען, רעב ביניאָמין. א י י ן ווײַלע בלויז. דערנאָך וועלן מיר גיין ווייטער.

ביניאָמין: מ׳טאָר זיך נישט אָנהויבן מיטן יעיצער־האָרע, סענדערל. צום ערשט הייסט ער דיר אָפּרוען, דערנאָך הייסט ער דיר גיין זוכן עסן. דערנאָך הייסט ער דיר זיך לייגן שלאָפן. ניין, בעסער זיך איינגאַנצן נישט זעצן. אז מיר גייען שוין אזוי, לאָמיר שוין אזוי גיין, ביז מירן צוקומען צום ברעג סאַמבאַטיען.

סענדערל: אוי, כ׳האָב מער קיין קויעך נישט, רעב ביניאָמין, איך מוז מיך צוזעצן, כאָטש אַף א מינוט. (פאַלט פון די פיס).

ביניאָמין: אָבער געדענק־זשע, סענדערל, נישט אַנטשלאָפן ווערן, וואָרין מיר מוזן זיין באַ די רויטע אידעלעך, איידער דער מאָרגנשטערן לעשט זיך אויס. (ביידע זעצן זיך).

סענדערל: אוי, בין איך מיד און שלעפעריק. איצט אַז איך האָב מיך אַנידערגעזעצט אָפּרוען, פיל איך ערשט, ווי מיד און שלעפעריק איך בין. עפּעס אזוי ווי אין א כאָלעם בין איך, אזוי ווי אין א טשאַד.

ביניאָמין: באַלד, באַלד וועלן מיר זיין דאָרט, דאָרט, אין יענע מקוימעס, און הערן ווי דער שויר־האַבאָר זינגט, ווי דאָוויד האַמיילאַך שפּילט אַף זיין פידעלע, און ווי די צאַדיקים טאַנצן אין גאַן־איידן.

סענדערל: ווי העלפט אונז שוין גאָט מיר זאָלן זיין באַ די רויטע אידעלעך (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, דרימלט).

בּיניאָמין: שטאַרק זיך, סענדערל, ווער נישט אַנטשלאָפן. מיר דאַרפן באַלד גיין. איידער דער מאָרגנשטערן לעשט זיך אויס. (ווערט אַנטשלאָפן).

סענדערל: (שנאָרכט): ב... לר... מאָרגנשטערן, רויטע אידעלעך.

בּיניאָמין: סאַמבאַטיען, שויר־הבּאָר, טענץ, צאַדיקים, גע־זאַנגען. איך הער... איך הער... בל... בלר...

סענדערל: בלר... בלר...

(ווערן אַנטשלאָפן. באַווייזן זיך: פּיפּערנאָטער, רויטע אידעלעך, קנעסעם איסראָעל מיט אַ שטעקן אין האַנט, אַף וועלכן ס׳ציטערט פון אויבן אַ מאָגנדאָוויד).

קנעסעם איסראָעל (אַ פריילעך ווייבל, זאָגט מיט אַן אַקדאָמעס־ניגן):

קער קריק, בּיניאָמין, צו מיר, צו מיר,
מיין האַרץ ליובע־דושע בענקט נאָר נאָך דיר.
קום, מיין בּיניאָמין, לאָמיר גיין באַנאַנד,
צו די שוואַרצע אידעלעך דאָרט אין זייער לאַנד.
באַ אַלע הירשן און באַ אַלע אינדן פון די סטעפּעס
באַשווער איך דיך, אַז דו מוזט אָנהויבן צו טאָן עפּעס.

בּיניאָמין (וויל אין שלאָף אָנכאַפּן איר האַנט, זי גליטשט זיך אַרויס): קנעסעם־איסראָעל מיינע! באַס־מאַלקע מיינע!

סענדערל (אין שלאָף): פּיפּערנאָטער, לינדעגוואָרים...

קנעסעם איסראָעל:

איך טראָג מיין ציטער־שטערן צו אַלע וואָס האָפן.
נאָר גלייכער איז, אַז די אויגן זענען נישט אָפן. (אָפּ).
(ס׳הערט זיך מוזיק פון גאַן־איידן. קומט אַ גראָ־טעסקער טאַנץ פון די צאַדיקים אין גאַן־איידן. אינ־איינעם מיטן פּיפּערנאָטער).

כאָר:

מיר זענען פון גאַנאיידן געקומען!
נישט געטראַכט און געקומען,
די פעטערס, די מוטערס, די צאַדיקים,
דעם פּיפּערנאָטער—מיר צערייסן אַף שטיק אים,

ווייל מיר זענען פון גאן־אײדן די צאַדיקים.
אולאַ־לאַ־לאַ־ צאַדיקים.
(פריוון טשעפּען דעם פיפערנאָטער)
צאַ־צאַ־צאַ,
צאַדיקים!
אוי, אוי, אוי,
צאַדיקים!

פיפערנאָטער:

משטיינס געזאָגט צאַדיקים.
אָט כאַפּ איך און צעפּליק אים. (ווײַזט ווי אַזוי).
זיצן דאָרט הינטער די גאָלדענע ריגלען
און עסן די גרויסע לאָקשן־קיגלען.
עסן און לויזן זיך און געניצן און שלאָפן
אין מיזרעך, אין מאַירעוו, אין דאָרעם און אין צאָפן.

אַ צאַדיק:

דו שווייג בעסער, דו מאַזיק, דו שעד, דו נישטגוטער,
מיר ווייסן דיין נאָמען איז פיפערנאָטער.
דיר העלפט נישט קיין קאָמיע, קיין ראָוו און קיין טאַטער
נאָר דאַנקען גאָט, דער צאַדיק, געגנוג קויעך נאָך האָט ער
צו פאַרטרייבן פון דאַנען דעם פיפערנאָטער.

אַלע צאַדיקים:

נאָטער, נאָטער, נאָטער,
מ'הערט דיך ווי דעם קאָטער,
מ'הערט דיך ווי די קאַץ,
דו פיפערנאָטער.

פיפערנאָטער:

רודל־רודל־רי
און רודל־רודל־רום,
דריי איך מיך, דריי איך מיך
זיבן מאָל אַרום...
דריי מאָל אַהין,
און דריי מאָל אַהער,
דאָס זיבעטע מאָל
זעט מען מיך נישט מער...
דאָך פילט מען מיין אָטעם

ווי גרינע פאַרע.
איך קום פון דער ערד
און גיי צו דער כמאַרע.

(קוילעס בייזע, דערשרעקנדיקע)

צדיקים:

איצט גייען מיר קריק אין גאַן־אײדן אַריין,
דאָרט וואַרט אַף אונז אַ סודע פון פיש און פון וויין.
דאָרט עסן מיר, טרינקען מיר, לעבן מיר אַ טאָג,
ווייל „עין קעלויהיינו" גייט שווער אַף דער וואָג.

(ברומען)

עין קעלויהיינו,
עין קאַדויניינו,
עין קמאַלקיינו...
מיר זענען נישט פאַר איך געדאַכט הונ־געריק,
גייען מיר דאַפאַר אין גאַן־אײדן קריק.

(פאַרשווינדן)

סענדערל (באַלעקט זיך אין שלאָף): אוי, הונגעריק, אוי, גאַן־אײדן...

ביניאָמין (פון שלאָף): פון שויר־האַבאָר רינט מילך און האָניק.

סענדערל: דער עק פון ליוויאָסן...

ביניאָמין: סאַמבאַטיען... רויטע אידעלעך... לאָמיר אויפ־שטיין, סענדערל, מיר דאַרפן גיין, אײדער דער מאָרגנשטערן לעשט זיך אויס, אײדער דער האָן קרייט (שטייט אויף און גייט ווי אַ נאַכט־וואַנדלער).

סענדערל (אויך אַזוי).

ביניאָמין: גייען מיר ווייטער, סענדערל!

סענדערל: גייען מיר.

ביניאָמין: מיטן רעכטן פוס פאָרויס.

סענדערל: מיטן רעכטן פוס פאָרויס.

ביניאָמין: אָט אַזוי, סענדערל.

סענדערל: אָט אַזוי, רעב ביניאָמין.

(קומט ס'רויטע אידעלע מיטן סערפּ און האַמער)

רויט אידעלע: ווארט! וואוהין שפאנט מען דאס אזוי בא־נאכט אין מיטן שלאף?

ביניאמין: האלט אונז נישט אפ. מיר דארפן גיין, איידער דער מארגנשטערן לעשט זיך אויס.

סענדערל: איידער דער האן קרייט.

רויט אידעלע: נארישע אידן, דער האן האט שוין לאנג גע־קרייט.

ביניאמין: פארהאלט אונז נישט, רעב פרעמדער. מיר האבן קיין צייט נישט.

סענדערל: פארהאלט אונז נישט, רעב פרעמדער, מיר זענען הונגעריק און מיד.

(ביידע פאלן קריק אף דער ערד)

רויטער: איך ברייננ ברויט און פייער. (נעמט ארויס א ברויט, וויז עס, סי צינד זיך אן און ברענט).

ביניאמין: דאס איז קישעף. מיר גלויבן נישט אין דעם, וויל אונזערע אויגן זעען עס. מיר זוכן יענע... יענע... פונם טייך סאמבאטיען.

רויטע: איך קום פון דארטן, פון יענעם טייך, וואס ווארפט מיט שטיינער אף אלע רעשאאים און וואס נאר די רעכטפארטיקע איז באשערט אריבערצוגיין בעשאלעם.

סענדערל (דערפרייט): איר זענט פון די עמעסע רויטע אידע־לעך? רויט וואס רויט הייסט?

ביניאמין: גיט אונז א סימען אז איר זענט פון די רויטע אידן. צופיל האט מען אונז גענארט. אט ערשט מיט א שא קריק האט אונז אפגענארט איינער א קוואסניק פון סטאמבול מיט א רויטער יאר־מולקע. גיט אונז א סימען! אז נישט, גלויבן מיר נישט! וויל דאס וואס די אויגן זעען איז שווער צו גלויבן.

רויטער: וואס פאר א סימען זאל איך אייך געבן?

ביניאמין און סענדערל: זינגט אונז א היימיש ליד.

(ביידע זינגען פון שלאף „העי דא אוכניעם")

רויטער: מיר האבן היינט אן אנדער ליד. מיר זינגען עס נישט נאר מיט ליפן, נאר מיטן הארצן אויך.

ביניאמין: לאמיר הערן.

סענדערל: א־נו, זינגט עס!

רויטער: דאס ליד מוז מען זינגען מיט אן אויפגעהויבענעם

קאָפּ און מיט אָפּענע אויגן. הייבט זיך אויף! (מאַכט אַ פּאָקוס, זיי האָבן זיך אויפגעהייבן מיט פאַרמאַכטע אויגן).

בּיניאָמין און סענדערל (שטעלן זיך).

רויטער: מאַכט אויף די אויגן (מאַכט ווידער אַ פּאָקוס אַף בּיניאָמינען באַזונדער. ביידע מאַכן אויף די אויגן).

רויט אידעלע: איצט שטעלט זיך גלייך (זיי טוען עס) ציט זיך אויס אַזוי הויך ווי איר קענט און נעמט אין דער האַנט אָט־דעם סערפּ, און אָט־דאָס גראָבּייזן. און לעבט נישט מער מיט לופט און לעבט נישט מער פון האַנדל. וועט איך זיין גוט ווי די וועלט. געדענקט!

בּיניאָמין און סענדערל (פון שלאָף): הא? וואָס האָט ער געזאָגט? סערפּ? גראָבּייזן? הא?...

בּיניאָמין, סענדערל און רויטער: (זינגען אינטערנאַציאָנאַל).

פ אָ ר ה אַ נ ג

---

# ד ר י ט ע ר  אַ ק ט

## פאַרן פאָרהאַנג

(ביידע זיצן ווידער ווי פריער)

סענדערל (ציט זיך, כראָסטעט זיך): אוי, בין איך מיד. אוי, בין איך צעבראָכן! מיר האָבן, ווייזט אויס, געכאַפּט אַ גוטן שלאָף.

בּיניאָמין: אַ שאָד, דער מאָרגנשטערן האָט זיך אויסגעלאָשן, דער האָן האָט שוין געקרייט.

סענדערל: מיר האָט זיך געכאָלעמט, אַז אַ רויט אידעלע איז געקומען און מיר געגעבן אין דער האַנט אריין אַ סערפּ און אַ גראָבּ־אייזן...

בּיניאָמין (געניצט): עך־הע־הע. אָט אַפּאָנים, אַז מיר האָבן ביידע געכאָלעמט בשותפעס איין כאָלעם.

סענדערל: סי איז מיר זויער אין מויל, רעב בּיניאָמין, פון דעם נעכטיקן קוואַס. אין בויך איז באַ מיר אַ גאַנצע גראַלניע, און הונגעריק בין איך אַז איין גאָט זאָל זיך מעראַכעם זיין.

בּיניאָמין: לאָמיר זיך שטעלן דאַווענען, סענדערל, און ווייטער

גיין. מי טאָר נישט פאַרלירן קיין ציַיט. וואָס גיכער מיר וועלן קומען אַהין, אַלץ בעסער וועט זיין פאַר אונז און פאַר אַלע אידן.

סענדערל: עפּשער פאָרט זיך אומקערן, רעב בּיניאָמין? האַ, ווי מיינט איר?

בּיניאָמין: אַלעקסאַנדער מוקדון האָט פאַרברענט אַלע בריק; איבער וועלכע ער איז אַריבער קיין הינדיא, און דו ווילסט זיך אומקערן, סענדערל. מעגסט זיך שעמען, כ'לעבן אַזוי צו רעדן, אָדער צו טראַכטן אַזוינס.

סענדערל (טוט אָן טאַלעס און טפילין. שטעלט זיך דאַווענען): אַדוין אוילעם אַשער מאָלאַך בטערעם קאָל יציר ניווראָ. (ביידע אָפּ אין דאַווענען).

## צווייטע סצענע

### אויף פאָרן פאָרהאַנג.

(אַ מאַסע מענטשן אין אוניפאָרמע קליידער מיט די הינטנס צום אוילעם, קוקן אין די פּאַנאָראַמעס).

פּאַנאָראַמיניק (שטייט און רופט): קימץ אַהער און גיץ אַ קיק אין דער פּאַנאָראַמע. בלויז איין קאָפּיקע. לעמבערג און פידאיעץ—איין קאָפּיקע! טונעיאַדעווקע, קאַבצאַנסק, גלופּסק, גניַ־לאָפּיאַטעווקע—איין קאָפּיקע! קימץ און גיץ אַ קיק: אַלע גראַפן און פירשטן און באַראָנען—איין קאָפּיקע! אַלע קייזאָרים פון דער גאַנצער וועלט—איין קאָפּיקע.

מאַסע (גלייכט זיך אויס פון די שפּאַקטיוון, מאַכן אַהאַ! און קוקן ווייטער. אַזוי עטלעכע מאָל. צישן זיי איז אויך בּיניאָמין און סענדערל, אין טאַלעס און טפילין).

פּאַנאָראַמיניק: קימץ אַהער און גיץ אַ קיק. איצט זעט איר לעמבעריק, שענצטע שטאָט אין דער וועלט, לעמבעריק! לעמבעריק ליגט זיבן מייל הינטער די אָרייכווישעך, לעבן טייך האָציפּלאָץ, וואָס איז דער הייסטער טייך נאָכן טייך סאַמבאַטיען, און וואָס אין אים שוויַ־מען אַרום געקאָכטע פיש. איצט זעט איר אַ גאַנצן פאַראַד פון ווייבער, וואָס פאַרנעמט עטלעכע גאַסן אין דער לענג און ציט זיך עפּשער אַ האַלבע שאָ. דאָס פירט דער טערקישער קייזער אַבדול האַמיד זיינע ווייבער אין באָד אַריין.

מאַסע: אַה,אַה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט זעט איר נאָך אַ בילד פון דעם זעלביקן

טערקישן קייזער, ווי ער זיצט אַפן קרוינשטול. אַרום אים זענען עפּשער זעקס טויזנט אינגלעך און מיידלעך, וואָס שטופּן זיך צו אים. דאָס טיילט דער טערקישער קייזער זיינע קינדער באַנוקע-געלט.

אַלע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט זעט איר ווי נאַפּאָלעאָן מיט זיינע פראַנצויזן שלאָגן זיך מיטן פּריים און ער אַליין פּאָרט אין אַ קאַרעטע. די פערד האָבן זיך ראַספּאָלאָשעט, איבערגעקערט די קאַרעטע, נאַפּאָלעאָן איז געפאַלן און זיך צעזעצט די נאָז.

מאַסע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט וועל איך אייך ווייזן אַמע־רי־קע!

מאַסע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: וואַשינגטאָן, די שטאָט וואו סי וואוינט דער פּרעזידענט פון אַמעריקע. קיקט זיך גוט צו, וועט איר אים זען!

מאַסע: אה, אה!

(סיווייזט זיך סיבילד פון פּרעזידענט קולידזש)

פּאַנאָראַמיניק: איצט זעט איר ווי דער פּרעזידענט פון אַמעריקע זיצט באַ דער אַרבעט (זעט מען, ווי ער זיצט מיט די פיס אַפן טיש, רויכערט אַ ציגאַר).

מאַסע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט זעט איר ווי ער האָט שוין אָפּגעאַרבעט (זעט מען ווי ער לאָזט אַראָפּ די פיס).

מאַסע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט זעט איר ווי דער פּרעזידענט פון אַמעריקע האָט זיך פאַרטראַכט וועגן עפּעס (פּרעזידענט לייגט צו אַ פינגער צו זיין שלייף).

מאַסע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט זעט איר ווי ער האָט שוין אָפּגעטראַכט זיינס און אַרבעט ווידער (פּרעזידענט לייגט ווידער פיס אַפן טיש).

מאַסע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט זעט איר ווי דער פּרעזידענט פון אַמעריקע עסט (מי זעט ווי ער קייט עפּעס).

מאַסע: אה, אה!

פּאַנאָראַמיניק: איצט האָט ער שוין אָפּגעגעסן און ער גייט. (זאָגט אַלעמען עפּעס אַפן אויער).

מאַסע (ראַשיק): אה, אה! או־ווא!

(פּויזע)

**פרעזידענט** (קומט אַריין, ברענגט מיט זי אַ שפּאַניש װענטל מיט דעם אויפשריפט „דזשענטלמען". שטעלט עס אַוועק מיט דער אויפשריפט צום אוילעם. אים באַגלייטן עטלעכע הויכע פּאָליסלייט, באַוואָפנט ביז צו די ציין. אַז ער איז שוין אינווייניק, שטעלן זיי אַוועק קאַנאָנעס אין ביידע זייטן פון דעם שפּאַנישן װענטל. איינער אַ סאָלדאַט־קאַפּעלמייסטער גיט אַ הויב דעם שטעקן, הערן זי עטלעכע שאָסן).

**מאַסע:** א, אַה, א־האַ, אורראַ!

### פערטע סצענע

(אַ ווינטמיל אַרומגערינגלט מיטביימער. פון זיי הענגען אַראָפּ פּיקסן און קעץ און מאַרדערס מיט ברע־נענדיקע אויגן. ס׳איז פינצטערלעך. סי זריעט אַף טאָג. שפּעטער אַז מישיסט אויס, ווערן זיי פאַר־שוואונדן פון די ביימער).

**סענדערל:** אוי, בין איך הונגעריק! אוי, ציט מיך ס׳האַרץ. אוי, וואָלט איך איצט געגעסן אַ גוטן קרופּניק אָדער אַ גוט ביסל פיש־בולבע.

**ביניאָמין** (מיט שטאַרקן ביטל): אַי, זאָלסטו מיר זיין געזונט, ליבער סענדערל, וואָס דו זאָרגסט נאָר קסיידער וועגן גאַשמיעס און וועגן רוכניעס גאָרנישט.

**סענדערל** (זייער הונגעריק, קימאַט פּאַרוויינט): אָבער—עסן... איך וויל עסן (שלינגט אים שיר איין).

**ביניאָמין** (אַף אַקדאָמעס־לאָשן): דאַיגע נישט, סענדערל, וועגן עסן. עט! גאָט וועט העלפן, סי וועט זיין אַלדאַסגוט. לאָמיר נאָר אַריבערגיין דעם סאַמבאַטיען, וועט אים־אירצע־האַשעם שוין זיין אי געזונט, אי פּאַרנאָסע. (אַנדערש) ז׳ו ווייסט, סענדערל, פאַרוואָס איך רעד מיט דיר אַקדאָמעס־לאָשן?

**סענדערל:** איך ווייס נישט.

**ביניאָמין:** איך האָב דערמיט אַ גרויסן קיוון. איך זאָרג מיך איצט, אַז האַשעם־איסבאָראַך וועט אונז בעשאָלעם ברענגען אַהין, צו די רויטע אידעלעך, זאָלן מיר כאָטש קענען אַ מויל עפענען און זיך מיט זיי אויסטאַינען. דער „צעל אוילעם" שרייבט, אַז זיי רעדן עפּעס אַלע לשוינעס אַף אַמאָל—אַ מין טאַרגום־לאָשן, נאָר צו מייסטן רעדן

זיי אַקדאָמעס־שפּראַך. עלדאַד האַדאַני, וואָס איז געקומען צו אונז פון יענעם ווינקל, ער האָט דאָס טאַקע געמאַכט דעם אַקדאָמעס. ווערשאַראָיום שוסאַ, סענדערל, איז די טייטש, איך הויב אָן צו שפּרעכן אַ ביסל אַף דייטש, קעדיי מ׳זאָל אונז טוען פאַרשטיין אומעטום. מיט אידיש, פאַרשטייסטו מיך, קאָן מען ווייט נישט פאַרפאָרן.

סענדערל: איך פאַרלאָז מיך אין די זאַכן אינגאַנצן אַף אייך, רעב בינימין. איר זענט מער געלערנט פון מיר און אז מ׳עט דאַרפן דייטש, וועל איך רעדן דייטש, אויב איר׳ט מיך נאָר אויסלערנען. וואָס פאַר אַ דאַיגע איז מיר!

בינימין: אָט אַזוי האָב איך ליב אַז דו רעדסט, סענדערל.

סענדערל: אין מיינע אויגן, רעב בינימין, זעט איר אויס ווי אַ קאַפּיטאַן, וואָס פירט די שיפן אַפן יאַם. נישט איך דאַרף פרעגן, נישט איך דאַרף טראַכטן, אַי טאָמער, רעב בינימין לעבן, בלאָנדזשעט איר? טאָמער זענט איר, כאָלילע, אַראָפּ פון גלייכן וועג? איז דער טערעץ: ניין, דאָס קען נישט געמאָלט זיין. וואָרין איר זענט באַרעכהאַשעם באַוואָפנט מיט אַלצדינג, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן צו מאַכן אַזאַ נעסיע. דאָס נויטיקע ביסל עמונע, דאָס ריכטיקע סייפער.

בינימין: גערעכט, סענדערל, גערעכט. איצט זע איך, אַז איך האָב גלייך געטאָן, וואָס איך האָב זיך סקאָמפּאַניעט דאַווקע מיט דיר און נישט מיט קיין אַנדערן.

סענדערל: אַי, טאָמער העקדישן, טאָמער שלענג, טאָמער כאַיעס־ראָעס, כאָלילע? איז דער טערעץ: אויך דאָס אייגענע — האָט דער מענטש יאָרן, לעבט ער מ י ט די העקדישן, מ י ט די שלענג, מ י ט די כאַיעס־ראָעס. טאָמער כאַסוועשאָלעם האָט דער מענטש נ י ש ט קיין יאָרן, קען מען הינטערן פּעקעליק אויך.— (סיהערן זיך ווילדע קוילעס. סענדערל ציטערט שטאַרק). איר הערט? עפּעס האָב איך מוירע.

בינימין: שרעק דיך נישט, סענדערל, ס׳איז גאָרנישט, די זון גייט אויף.

סענדערל: דאָס וואָס די זון גייט אויף—אַרט מיך נישט. נאָר דאָס וואָס די זון מאַכט דאָ אַזוינע קוילעס בעאיים זי גייט אויף, דאָס וואָרפט אָן אַ פּאַכאַד (סיהערט זיך ווידער ברומען, רעווען פון אַלערליי וואַלד־כאַיעס).

סענדערל: הערט נאָר, רעב בינימין, כ׳האָב מוירע.

בינימין: קיין מוירע דאַרף מען כאָלילע נישט האָבן. מיר

זענען אין גאַט באַרכוס הענט, סענדערל, האַשעם־איסבאָראַך טוט וואַכן איבער אונז.

(טוליען זיך צענויף, ווערן אַף אַ רעגע אַנטשלאָפן.
דונערט און בליצט)

סענדערל (פון שלאָף) : איך זע דעם מאַטול. ער איז אַ גרויסע, לאַנגע באַשעפעניש מיט צוויי לאַנגע הענט, מיט וועלכע ער וואַרפט אַנידער אַן עלפאַנט.

(הערט זיך אַ קאָל)

קאָל : שטאַרקט זיך, שטאַרקט זיך, רעב בינאָמין. דער הימל איז נאָך נישט באַ דר'ערד. פע. איר מעגט זיך שעמען, רעב בינ־יאָמין. זיך שרעקן פאַר כאַיעס־ראָעס גאָר! פאַר גאַזלאָנים! פאַר ווילדע אומעס!

בינאָמין (כאַפּט זיך אויף, גיט אַ ציטער) : ווער שרעקט זיך דען? (שלאָפט ווייטער).

קאָל : נעמט אייך אַ ראַיע פון אַלעקסאַנדער מוקדון, רעב בינ־יאָמין. ער איז געפלויגן אַף זיין אָדלער ווייט, ווייט. אַרויפגעשטאָכן אַ שטיק פלייש אַף אַ שפּיז און עס געהאַלטן אין דער הויך און דער אָדלער איז געפלויגן אַלץ העכער און העכער צום שטיק פלייש. און אַז ס'פלייש איז אויסגעגאַנגען, האָט אַלעקסאַנדער מוקדון אויסגע־שניטן אַ שטיק פון זיין אייגענער ליטקע און אַרויפשטאָכן אַפן שפּיז. שטאַרקט זיך, רעב בינאָמין מוקדון.

בינאָמין (כאַפּט זיך אויף) : באַרואיק דיך, סענדערל, באַרואיק דיך, ס'איז גאָרנישט (סישטעלן זיך באַ אים די האָר קאַפּויר פון שרעק. סענדערל זעט דאָס).

סענדערל (אויסער זיך פון איימע) : זעט נאָר, רעב בינאָמין, אייערע האָר האָבן זיך געשטעלט דיבאָם (קוילעס קומען נעענטער). ווי איז מיר. מיר זענען כאַלילע פאַרלוירן.

בינאָמין : טו אָן טאַלעס און טפילין, סענדערל, און מאַך דיך גרייט, סענדערל, טאָמער קומט אוים כאַלילע מילכאָמע־האַלטן מיט די כאַיעס־ראָעס. זאָלסטו זיי פיטשקען איבערן קאָפּ מיט די ציצעס פון טאַלעס, גלייך אין די אויגן אריין. אזוי שרייבט דער „צעל־אוילעם".

סענדערל : זיי וועלן זיך דערשרעקן פאַר ציצעס? אַ וואָלף האָב איך געהערט האָט מוירע פאַר פייער. אַ לייב אַנטלויפט פאַר

א קנאק פון א ביקס, אָבער א ווילדע כאַיע זאָל אַנטלויפן פאַר ציצעס ווייס איך נישט.

(קוילעס ווערן העכער, שטאַרקער, נעענטער)
(ביניאָמין און סענדערל שטייען מיט די ציצעס אין די הענט. פויזע. ס׳קומט אַ רויט אידעלע מיט בראַונינג און ביקס).

רויט אידעלע: ראַטעוועט זיך! כאַיעס קומען!

ביניאָמין: מיר זענען גרייט, מיר האָבן ציצעס.

סענדערל: קאָשערע ציצעס.

רויט אידעלע: ציצעס זענען גוט אף צו פאַרטרייבן פליגן, נישט קיין כאַיעס. איר ראַטעוועט זיך וואָס גיכער, די כאַיעס זענען נאָענט. וועלף קומען. טיגערן קומען. נאַט אייך געווער, שיסט ווי איר קענט! כ׳וועל טוען דאָס איבעריקע.

ביניאָמין: איך האָב קיינמאָל נישט געשאָסן!

סענדערל: ווי קום איך צו שיסן?

רויטער: שיסט ווי איר קענט. וויפיל איר וועט טרעפן איז גוט. אויב איר אפילו וועט גאָרנישט טרעפן, וועט איר פאָרט עפּעס העלפן מיט דעם, וואָס דער קנאַל פון אייער ביקס וועט איבערשרעקן. שטעלט זיך הינטער מיר — איינס־צוויי. אָט אזוי, גיט אַ צי די העמערלעך. אָט אזוי, שיסט! פייערט!

(אַלע שיסן מיט אַמאָל. ס׳הערט זיך אַ פאַלן ווי פון כאַיעס)

רויט אידעלע: הורא, מיר האָבן זיי פאַרטריבן. איצט קענט איר גיין ווייטער. זייט געזונט. און פאַרלירט נישט אייער עמונע אין... די פּיסטוילן. אָן פּיסטוילן קען מען גאָרנישט טוען.

ביניאָמין: ווער זענט איר? איר זענט נישט דאָס רויטע אידעלע פון מיין כאָלעם, וואָס האָט מיר געגעבן אין דער האַנט אריין אַ סערף מיט אַ גראָבייזן?

סענדערל: מיר אויך?

רויט אידעלע: יאָ, איך בין דאָס רויטע אידעלע, סיי פון כאָלעם, סיי פון דער וואָר. צום ערשט האָב איך אייך געלערנט אַרבעטן, איצט האָב איך אייך געלערנט שיסן, שפּעטער וועל איך אייך לערנען נאָך עפּעס. זייט געזונט!

ביניאָמין: ווייסט איר וואָס, רויט אידעלע, בלייבט מיט אונז און ווייזט אונז דעם וועג.

סענדערל: דעם וועג ווייזט אונז. עפּשער איז דאָ אַ קערצערער וועג. איך בין שוין מיד.

**רויט אידעלע:** פאר מידע איז נישטא קיין קורצער וועג. און ווייזן דעם וועג קען איך אייך פון דאנען אויך. ס'איז אהין—צום מיזרעך, וואו די זון גייט אויף. זייט געזונט (אפ. לאזט איבער א ברויט).
ברויט.) אט איז ברויט.

**סענדערל:** מיר'ן באלד זיין בא אייך, אים־אירצע־האשעם. לאמיר נאר אריבער דעם סאמבאטיען. מיר וועלן לויפן, מיר וועלן פליען.

**ביניאמין:** מיר וועלן פליען אף די פליגלען פונם ווינט, אבי צו קומען אהין.

(ביידע זעצן זיך)

**סענדערל:** אוי, בין איך הונגעריק, נאר דאנקען גאט, אבי מיר זענען אויסגעלייזט געווארן פון די כאיעס ראעס (דערזעט פלוצים א ברויט) ביניאמין, רעב ביניאמין, זעט נאר וואס איך האב געפונען, א ברויט! א געשמאק, פריש קארנברויט.

**ביניאמין:** געלויבט איז גאט, וואס שיקט צו אלצדינג אין צייט, אבי איר האט זיך געזארגט. לאמיר זיך וואשן און עסן.

(טוען עס. סיהערט זיך דערווייל א גריל)

**גריל:**

ציר, ציר, ציר,
איך בין די גריל,
איך שפיל אין גראז
אן א פארוואס.

די זון איז גוט,
די וועלט איז גוט,
ציר, ציר, ציר,
ווי וואויל איז מיר!

אין פרייען גראז
איך, פרייע גריל,
שפרינג איך, זינג איך,
ווען איך וויל.

ציר, ציר, ציר,
ווי גוט איז מיר,

די גאַנצע וועלט
איז נאָר פֿאַר מיר.

בּיניאָמין: גאָטס פֿליגלדיקע באַשעפֿענישן! זיי זינגען פֿריי אין גראָז און האָבן נישט קיין דאַיגעס־פּאַרנאָסע! און אַז זיי ווילן פֿליִען—פֿליִען זיי. ווי גוט איז צו האָבן פֿליגלען. וואָס מיינסטו, סענדערל, ווען מיר זאָלן האָבן אַן אָדלער, וואָלטן מיר געטוען ווי אַלעקסאַנדער מוקדון האָט געטאָן. מיר וואָלטן אויפגעשטעקט אויף אַ שפּיז אַ שטיק פֿלייש, עס געהאַלטן אין דער האַנט און זיך אַרויפגע־זעצט רייטנדיק אויפֿן אָדלער. צוליב דעם ביסל מזוינעס, צוליב דעם שטיק פֿלייש, וואָלט אונז דער אָדלער דערווייל געטראָגן צום הימל.

סענדערל: עך, ווען מיר זאָלן האָבן אַן אָדלער און פֿלייש און אַ שפּיז!

בּיניאָמין: ווען מיר זאָלן האָבן פֿליגלען און קענען פֿליִען!

סענדערל: וואָלטן מיר ערשטנס איינגעשפּאָרט שיך, צווייטנס וואָלטן מיר נישט אַזוי גיך אויסגעריבן די הויזן.

בּיניאָמין: נישט אין דעם גייט עס, סענדערל, סע גייט אין דער שיינקייט פֿון די פֿליגל אַליין, פֿון דעם ק ע נ ע ן פֿליִען. פֿון דעם נישט זיין צוגעבונדן צו דער ערד—פֿון וואַנעט דער מענטש ציט זיין שטיקל ברויט.

סענדערל: ווען מ׳זאָל קענען עסן אויף דר׳ערד און נעכטיקן אין הימל.

בּיניאָמין: פֿאַרוואָס נישט עסן אין הימל?

סענדערל: ווייל אין הימל וועט דער מענטש קיינמאָל נישט וועלן עסן—ער וועט זיך שעמען פֿאַר די מאַלאָכים.

בּיניאָמין (דערזעט די מיל): זע נאָר, סענדערל! אַ ווינט־מיל.

סענדערל: מיט אויסגעשפּרייטע פֿליגלען, ווי אַ פֿויגל.

בּיניאָמין: מאַ יאָפֿע פֿליגל ל׳ווינטמיל! ווי שיין זעען אויס די פֿליגל אין דער ווינטמילס אויגן.

(מילנער באַווייזט מיקאָפּ דורך אַ פֿענצטערל אין מיל)

מילנער: שטאָ ווי כאָטשעטע, זשידקי?

ביניאָמין (פלוצים): טשויעטע נאָם נאַדאָ, רויטע אידעלעך, סאַמבאַטיען.

סענדערל: אוב טשערוואָני זשידקי ווי ניע סלישאַלי? אַ? סאַמבאַטיען?

מילנער: שטאָ ווי מיני מאַראַטשיטי גאָלאָווא. טשערוואָני זשידקי? סאַלפּאַטיען, טשאָרט וואָס זנאַיעט. טראַסצי וואַשי מאַטערי! (אָפּ).

ביניאָמין: פון אַזאַ איינעם קען מען גאָרנישט דערגיין. זיין צונג איז שווער, זיין מויעך איז פאַרשלאָפן.

סענדערל: אַ דאַיגע אונז! אַבי מיר האָבן גרינגע צונגען. אָבער אונזערע מויכעס זענען באָרכהאַשעם וואַך.

ביניאָמין: דו ווייסט, סענדערל, וואָס מער איר טראַכט, אַלץ מער פעלט מיר איין, אַז דאָס רויטע אידעלע איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז קענן כאַיעס־ראָעס דאַרף מען האָבן עפּעס שטאַרקערס ווי ציצעס.

סענדערל: אַוואַדע, רעב ביניאָמין, אַוואַדע. אַז מי האָט דאָס־אָ (ווייזט אָף זיין פּיסטויל) איז זיך גרינגער צו פאַרלאָזן אָף גאָט, ווי גלאַט אַזוי. אין טילים שטייט געשריבן „שוימער פּסאָאים אַדאָנאָי", גאָט היט זיינע נאַראָנימלעך. נישט מער, דער וואָס גלויבט אין סאַמבאַטיען, דער איז נישט קיין נאַר און ער דאַרף זיך שוין אַליין היטן. היינט־מאָרגן, רעב ביניאָמין, וועלן מיר אָנקומען צום סאַמבאַטיען וועלן וויים מיט וויפיל כאַיעס ראָעס און שלענג און גלאַט סאָנים אונז וועט נאָך אויסקומען מילכאָמע צו האַלטן.

ביניאָמין: ווער ווייסט?

סענדערל: דאַפאַר איז מיין מיינונג, אַזוי ווי דאָס רויטע אידעלע איז דערוויילע מער נישט מיט אונז, זאָלן מיר זיך אַליין לערנען שיסן. (קוקט זיך אַרום) ווייסט איר וואָס, רעב ביניאָמין?

ביניאָמין: וואָס?

סענדערל: דער געדאַנק איז מיר איינגעפאַלן קוקנדיק אָף דער ווינטמיל, ווי אירע פליגלען דרייען זיך ווי עפּעס אַ לעבעדיקע זאַך. דרייען זיך ווי אַ גאַרמאַדע, וואָס דרייט זיך אָף איין אָרט און וויל אייך אַרומרינגלען. האַ, וואָס? אייך דאַכט זיך נישט אַזוי, רעב ביניאָמין?

ביניאָמין: יאָ, מיר דאַכט זיך אויך אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ לעבעדיקער נעפעש. עפּעס אַזוי ווי די פליגלען וואָלטן געווען לעבעדיקע פליגלען פון אַ רויבפייגל, אָדער פון אַן אָדלער וואָס דרייט זיך אַרום אין דער לופטן און וואַרט, אַז זיין קאָרבן זאָל אויסגיין אין בלוט.

סענדערל (ערנסט): באַוואָפנט זיך, רעב ביניאָמין, מיר האָבן פּיסטוילן, לאָמיר נישט שווייגן.

ביניאָמין: איך בין גרייט.

(ביידע שטעלן זיך אין העלדישע קיכאָט־סאַנטשאָ־פּאַנטשאָ פּאָזעס)

סענדערל: גענוג זיך געדרייט אַרום אונז. מיר ווייסן נישקאָשע וואָס דו ביזט אויסן, דו רויבפייגל. אונזער בלוט ווילסטו.

ביניאָמין: סטאָי!

סענדערל: סטאָי!

ביניאָמין: אונזער בלוט, כאַסוועשאָלעם!

סענדערל: ניין, דאָס טאָרן מיר נישט דערלאָזן.

ביניאָמין: מיר טאָרן נישט דערלאָזן.

סענדערל: צום לעצטן מאָל באַפעל איך אייך, פליגלען פון ווינטמיל: בלייבט שטיין, אַז נישט שיס איך.

ביניאָמין: אַז נישט שיסן מיר.

(ביידע שיסן און טרעפן נישט. פאַלן אַוועק פונם אימפעט. פויזע)

ביניאָמין: מיר זענען שלעכטע שיסערס.

סענדערל: מיט'ן רויטן אידעלע קענען מיר, אָבער אָן אים נישט, רעב ביניאָמין.

(דורך די פענצטערלעך פון אונטערשטן טייל פון ווינטמיל קוקן אַרויס קעפּ און לאַכן ווי ווייסע שיידים)

ביניאָמין: מיט די שטעקנס זענען מיר מער בעריעס ווי מיט פּיסטוילן, סענדערל.

סענדערל: אַ־נו, לאָמיר פּריוון מיט די שטעקנס, רעב ביניאָמין.

ביניאָמין און סענדערל (ביידע ווי פריער, העלדיש): סטאָי!

(געלעכטער פון די ווייסע שיידים אין די אונטערשטע טיילן פון דער מיל)

ביניאָמין: סטאָי!

סענדערל (העכער): סטאָי. אַז נישט באַפאַלן מיר דיך מיט די שטעקנס און מאַכן פון דיר קרעפּל־פלייש. (זיי באַפאַלן די מיל, שלאָגן מיט די שטעקנס. פון די פענצטערלעך לאַכן „ווייסע

מענטשן".ביידע, אי ביניאָמין, אי סענדערל זענען שוין אַריין אין דער ראָלע, זענען צעקאָכט און אויפ־געדעגט. סיהערט זיך אַ געזאַנג פון שיידים):

אפן קוימען זיצט אַ פייגעלע,
אפן דאך אַ האָן.
קנעט די קליפּע אַ טייגעלע,
שיידים ציילן מאָן.

סענדערל (גייט צו די פליגלען): איך האָב אייך אין דר'ערד און קושט מיך וואו איך וויים! (שטלט אַרויס די צונג).

ביניאָמין: אַ כאָכמע! דרייט זיך! דרייט זיך! וואָס דרייט איר זיך, שויטים? וואָס זענט איר דאָ אויסן? וואָס קענט איר אויספירן, האַ? (ביידע זעצן זיך פאַרמאַטערטע. פויזע).

ביניאָמין: און אז מ'וויל שמועסן די אייגענע זאך קריק, סענדערל, איז דאָס גאָרנישט קיין סוינע. און אויב יאָ אַ סוינע, אַן אָדלער, אַ רויבפויגל, איז אדראַבע קענען מיר זיי אויסנוצן פאַר זיך.

סענדערל: אשטייגער?

ביניאָמין: אשטייגער ווי אַלעקסאַנדער מוקדון האָט אויס־גענוצט זיין אָדלער. אָט פאָלג מיך, סענדערל, לאָמיר טאַקע אַרויפ־טוען אַפן שפּיץ שטעקן דאָס וואָס איז אונז איבערגעבליבן פונם לאַבן ברויט, לאָמיר זיך אַרויפזעצן אַפן אָדלער און פליען, פליען, פליען.

סענדערל: וואָס האָט איר געזאָגט, רעב ביניאָמין? פליען? אַפן אָדלער? אַוואַדע! מי מוז פליען. אזוי גיין צעפּוס ווי מיר זענען ביז איצט געגאַנגען קענען מיר ווייטער נישט.

ביניאָמין: ס'גאַנצע לעבן פונם מענטשן, זאָגט מען, איז טאַקע אַ כאָלעם. און אויב אַ כאָלעם קען דאָך דאָס זיין אַף די פליגלען פון אַ ווינטמיל. האַ, רעב ביניאָמין?

סענדערל: איך מיין אויך אזוי, רעב ביניאָמין.

ביניאָמין (מיטן שטעקן, אַפן שפּיץ אַ שטיק ברויט): נו, גיכער, סענדערל, דער אָדלער פליט באַלד אַוועק.

(ביידע זעצן זיך. פליען. מאַכן שעכעיאָנו).

(פאָרהאַנג)

# מאַריאָנעטנשפּיל

**גאָט** (אַ גרויסער מאַריאָנעט מיט אַ גאָלדענער באָרד).

**טייוול** (אַן אויסגעמוטשעטע, מידע קוקלע).

**גאַווריעל** (אַ פּעטלעכער טאָק, מיט אַ גראָען שויבערקאָפּ, אַ בונט שליסלען, און אַ לאַנגע שווערט, וואָס פּאַרט אויף אַ רעדעלע).

**ראָשע** (אַנגעטאָפּטשעטע פּופּע, מיט גלאַנצעדיקע בעקלעך).

**צאַדיק** (אַ דרעטעוודיק, דין, היציק ליאַלקעלע).

## די בינע

פון איין זייט אַן אַריינגאַנג צום גאַניידין, פון דער אַנדערער זייט אַן אַריינגאַנג צום געהנים).

**גאָט**: מיר איז גוט. איך בין גאָט. וואָס איך וויל—טו איך. וואָס איך וויל נישט—טו איך נישט. קיינער קען מיר גאָרנישט זאָגן, קיינער קען מיר גאָרנישט טוען. ערשטנס, ווייל איך בין זייער שטאַרק, צווייטנס, ווייל איך לעב אייביק, דריטנס, ווייל איך בין געווען דער ערשטער. ביז מיר איז קיינעם נישט איינגעפאַלן צו זיין דער ערשטער און צו באַשאַפן וועלטן, אָדער מענטשן, אָדער כאַיעס, אָדער פיש, אָדער ווערים. איך בין טאַקע זייער אַ קלוגער. (רופט אין געהנים אַריין) העי, דו טייוול! (אַפּאַרט) ער הערט נישט. מי דאַרף דערלאַנגען אַ בליץ. (זעט זיך אַ בליץ).

**טייוול**: איך קום צו מעלדן, גרויסער גאָט.
גרייט צו פאָלגן דיין געבאָט.

**גאָט**: ווער איז גרוים?

**טייוול**: דו.

**גאָט**: ווער איז קלוג?

**טייוול**: דו.

**גאָט**: גענוג. איצט וועלן מיר איבערגיין צו ביזנעס: האָסטו איבערגעקערט די פור מיט אידן, וואָס זענען געפאָרן צום רעבן?

**טייוול**: ניין.

**גאָט**: פאַרוואָס ניין?

טייוול: ס'איז געווען אזוי. איך האָב געטשאַטעוועט אַף דער פור מיט אידן, ביז זיי וועלן צוקומען צום שפּיץ פון סאַסאָווער בארג, לעבן טיפן אָפּגרונט, וועל איך זיי איבערקערן און זיי דערהארגענען. בין איך זיי נאָכגעגאַנגען און נאָכגעגאַנגען.

גאָט: יאָ.

טייוול: און געטשאַטעוועט, און געטשאַטעוועט.

גאָט: יאָ...

טייוול: און אַז זיי זענען ארויפגעקומען אַפן שפּיץ פונם סאַסנאָווער בארג... דו ווייסט דאָך וואו דאָס איז, גאָט.

גאָט: יאָ, איך ווייס.

טייוול: ס'איז זייער אַ הויכער בארג. האָב איך געטראַכט: אָט־דאָ־אָ איז דאָס ריכטיקע אָרט אַף איבערצוקערן די פור מיט אידן. וואָס־זשע טוען זיי? גייען זיי פּלוצים אראָפּ און נעמען זיך דאווע־נען מינכע.

גאָט: אָט האָסטו זיך! גיי הייב זיך אָן מיט אידן! (אַנדערש) נו, פארפאַלן. קענסט שוין גיין, נאָר פארגעס נישט מיטצונעמען אַ זעקל קאָפּווייטיק פאַר פילאַדעלפיע. שוין אָנדערהאַלבן שאָ אַז מענטשן גייען דאָרט ארום אָן קאָפּווייטיק. נעמט דעם קלענערן נומער קאָפּ-ווייטיק פאַר די קינדער. פארגעס נישט.

טייוול (לאָזט זיך גיין).

גאָט (רופט קריק): העי, טייוול!

טייוול: יאָ?

גאָט: ווער איז גרויס?

טייוול: דו.

גאָט: ווער איז קלוג?

טייוול: דו.

גאָט: ווער איז שטאַרק?

טייוול: דו.

גאָט: ווער איז אייביק?

טייוול: דו.

גאָט: געדיינק־זשע און פארגעס נישט: איך בין דער גרעס־טער גאָט פון אַלע. און אַ כוץ מיר איז נישטאָ קיין שום גאָט אַף דער וועלט. נאָר איך.

טייוול: איך ווייס! איך ווייס!

גאָט: דו ווייסט נישט. דו זאָגסט נאָר אַז דו ווייסט. פון וואַנען ווייסטו?

טייוול: דו האָסט מיר אַליין געזאָגט.

גאָט: אהא! דאָס איז עמעס. איך האָב אים אַליין געזאָגט. איך זאָג אַלעמען אַליין. איך שעם זיך נישט. קיינער קען מיר גאָרנישט טוען. אָט אַז איך וויל, גיב איך דיר אַ פּאַטש. (טוט עס). וואָס קענסטו מיר טוען?

טייוול: גאָרנישט.

גאָט: דאָס איז עמעס. און אַז איך וויל גיב איך דיר נאָך אַ פּאַטש. וואָס קענסטו מיר טוען? (טוט עס).

טייוול: גאָרנישט.

גאָט: גוט, איצט קענסטו גיין. איך וועל דערווייל אַרונטער־קריכן אַפן פינפטן הימל זען, צי ס'איז דאָ גענוג כמארעס אַף מאָרגן. (אָפּ).

גאַווריעל (באַווייזט זיך): עפּעס שטיל היינט אין געהנים. (רופט אַריין) העי, דו! דו האָסט געהערט? די כעוורע האָבן דאָך צוגעגאַנוועט די סמאָלע־קעסלען פון געהנים. איצט האָט מען זיי נישט אין וואָס צו פּרעגלען, זיצן זיי און שפּילן אין 21. (רופט) העי, צי נאָך אַ קאָרט. בלייב נישט שטיין באַ אַזוי ווינציק. איצט איז שוין צופיל. פוטש! (גענוצט) מ'דאַרף באַשטעלן יאַרמולקעס פאַר מיינע כעוורע. זיי האָבן מוירע צו זיצן אָן יאַרמולקעס, דער רואך וועט זיי נעמען. (רופט) האַ? וויפיל יאַרמולקעס? איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס טוען זיי מיט אַזוי פיל יאַרמולקעס, צום גוטן יאָר? סיידן זיי עסן זיי אויף! (צעשמייכלט זיך) אין גאָיעשן גאַניידין איז טאַקע אַ מעכאַיע, דאָרטן טאַנצן שקאָצים מיט שיקסעס—ס'איז פריילעך. דאָ, נאָר מי זיצט און מי רעדט וועגן עסן, וואָס וועט מען עסן? ווען וועט מען עסן? צי דאָס עסן איז פריש? איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס אַרט זיי אַשטייגער, אַז איך גיב זיי קאָנ־זערוון? זיי האָבן מוירע, זיי וועלן כאַלילע קראַנק ווערן און שטאַרבן דאַפון? עפּעס נודנע אידן צום גוטן יאָר. נאָר מי פרעסט ליוו־יאָסן, נאָר מ'קייעט שוראַבאָר און נאָר מי זשליאָקעט יאַינאַמשומער. געשמאַדטע העלדזער, צום שוואַרצן יאָר! איך האָב נאָך אַזוינס נישט געזען. (מיד) איך וועל אַריינגיין אין גאַניידין זיך אַ ביסל צושפּאַרן — איך בין שלעפעריק. אַי, איז דאָ סקוטשנע.

גאָטס קאָל: העי, גאַווריעל.

גאַווריעל (פאַרציטערט): זיין קאָל! (אונטערטעניק) וואָס איז שוין ווידער, גאָט?

גאָט: ווער איז גרויס?

גאַווריעל: דו.

גאָט: ווער איז קלוג?
גאַווריעל: דו.
גאָט: ווער איז שטאַרק?
גאַווריעל: דו.
גאָט: ווער איז אייביק?
גאַווריעל: דו.
גאָט: פון וואַנען ווייסטו?
גאַווריעל: דו האָסט מיר אַליין געזאָגט.
גאָט: דאָס איז ריכטיק.
גאַווריעל: אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנצן טאָג נודעט ער מיט די פּראַגעס. און מי מוז ענטפערן. וואָס קאָן מען זיך העלפן? מי איז באַ אים אין די הענט. עך, ווען גאָט העלפט מיר און איך קען זיך אַרויסראַטעווען פון דאַנען. (אָפּ).
(פון געהנים הערט זיך אַ קאָל פון אַ געפּייניקטן)
צאַדיק און ראָשע (ביידע אין טאַכריכים).
ראָשע: דאַכט זיך, איך הער קוילעס פון געהנים.
צאַדיק (האָפּערדיק): נו, אַוואַדע איז אין גאַניידין אַ ביסל בעסער ווי אין...
ראָשע: איך בעט אייך, רעב שאַכנע, זאָגט פאַר מיר אַ גוט וואָרט. באַם לעבן זענען מיר געווען שכיינים, געוואוינט אַ טיר לעבן אַ טיר, און געשטאָרבן זענען מיר ביידע גלייך. דערזעלבער רויך, וואָס האָט אייך דערשטיקט, האָט מיך דערשטיקט. דאָס גאַנצע הויז האָט געברענט און מיר האָבן זיך נישט געקענט ראַטעווען, נעביך.
צאַדיק: נו, מהייכעטייסע. אַז מיר'ן קענען זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר אייך—פאַרוואָס נישט? טוען אַ אידן אַ טויווע איז אַ מיצווע.
ראָשע: רעב שאַכנע, האָט אַף מיר ראַכמאָנעס. איך בין אַ זינדיקער מענטש. (אַנדערש) אייך איז גוט, רעב שאַכנע. איר האָט אַ גאַנץ לעבן געפּייניקט אייער גוף, טאַנייסים געפאַסט. קיין צוראַס מאַטבייע נישט געוואוסט. מיט אַ מיעס ווייב געלעבט. אָבער איך? וואָס זאָל איך טוען? פון אַלע טאַנוגעי אוילאָמאַזע האָב איך האַנאָע געהאַט. מיט שיינע פרויען פאַרבראַכט. אין קאָרטן געשפּילט. וויין געטרונקען. אין קאַרעטעס געפאָרן. אוי, כאַטאָסי, כאַטאָסי! (מיט גע־בעט) העלפט מיר קלאַפּן זיך אין האַרצן אַריין, רעב שאַכנע!
רעב שאַכנע: איך האָב נישט קיין קויעך. נאָר אַז אַ איד בעט. (דערלאַנגט אים אַ זעץ און נאָך איינעם, און נאָך איינעם).
גאַווריעל (קומט אָן): וואָס קלאַפּט איר דעם אידן אַזוי אין האַרצן אַריין?

צאַדיק: ער האָט מיך געבעטן, ער איז אַ ראָשע.

גאַוריעל: אַ ראָשע? און איר וואָס זענט?

צאַדיק: איך בין אַ צאַדיק. איר זענט עפּשער דער וועכטער פון גאַניידין?

גאַוריעל: איך.

צאַדיק: דאָ אַרומעט גייט מען אין גאַניידין אַריין?

גאַוריעל: דאָ אַרומעט. אָבער וואָס ברענט עס אַזוי באַ אייך? וואָס האָט איר קיין צייט נישט?

צאַדיק: וואָס הייסט? 48 יאָר געפּייניקט מיין גוף, טאַנייסים געפֿאַסט, מיט אַ מיעס ווייב געלעבט.

גאַוריעל (בייז און שאַרף): ווער האָט אייך געהייסן?

צאַדיק: איך האָב אָפּגעהיט מיין נעשאָמע.

גאַוריעל: נעשאָמע. נעשאָמע. ווער דאַרף היינט נעשאָמעס? נעשאָמעס זענען נישט מער אין דער מאָדע. יעדער וויל פֿון זיי פּאָטער ווערן. היינט האָבן די מענטשן פיינט זיך צו שלעפּן מיט אומזיסטע פּעקלעך. נעשאָמעס זענען צו שווער און צו טייער. מ'קען אויסקומען אָן זיי.

ראָשע (דערפרייט): טאַקע?

צאַדיק: איך בעט אייך, האַלט מיך נישט אויף. איך וויל אַריין אין גאַניידין.

גאַוריעל (קאַלט. שמעקט טאַבעקע): אַ גוט שטיק ליוויאַסנדל, האַ? אַ פעט שטיקעלע שוויראַבאָר, האַ? אַ שאַרף ביסעלע יאַינאַ־משומער, האַ?

צאַדיק: ניין, נישט דאָס. גאָט ווייסט דעם עמעס, אַז מיין מאָגן קאָן שוין גאָרנישט פאַרדייען.

גאַוריעל: זענט איר, הייסט עס, געקומען אַהער אַף קוראַציע?

צאַדיק: ניין, נישט דאָס. איך בין געקומען זיצן אין אָפּשיין פון דער שכינע.

גאַוריעל: שכינע. שכינע. (זינגט):

סי נודיעט,
אוי, סי נודיעט,
סי נודיעט יעדן איינעם
און מיך אויך.

ראָשע (צום צאַדיק): זאָגט פאַר מיר אַ גוט וואָרט, רעב שאַכנע. איך בעט אייך.

(צו גאַוריעלן)

צאַדיק: לאָזט אים אויך אַריין אין גאַניידין.

**גאַווריעל:** וואָס הייסט „אים אויך"? און איר זענט שוין אַזוי זיכער, אַז איר גייט אין גאַניידין אַריין?

**צאַדיק:** וואָס הייסט, צי איך בין זיכער? 48 יאָר געפּייניקט מיין גוף. געלעבט מיט אַ מיעס ווייב.

**גאַווריעל** (בייז): שאַראַפּ! שטעלט זיך אָן אַ זייט. מ'עט באַלד ציען קניפּלעך.

**ראָשע** (מיט אויפגעלויכטענע אויגן): טאַקע?

**צאַדיק:** וואָס הייסט ציען קניפּלעך?

**גאַווריעל:** אַזוי איז באַ אונז דער מינהג. אַמאָל פלעגט מען פירן בוכהאַלטעריע, האַלטן כעשבוינעס, אָבער גאָט האָט זיך אַרומגעזען, אַז די עקספּענסעס זענען צו גרויס, האָט ער איינגעפירט אַ נ י י ע ם סיסטעם: קניפּלעך. אַז מי שטאַרבט און מי קומט צוגיין אַהער, שטעקט גאָט אַרויס אַ האַנט מיט צוויי שפּיצן פון אַ פּאַטשיילע. אין איין שפּיץ איז פאַראַן אַ קניפּל. ציט מען אַרויס ס'קניפּל, גייט מען אין געהנים אַריין. אויב נישט, גייט מען אין גאַניידן אַריין. (גענעצט) וואָס איז דער כילעק?

**צאַדיק:** צוליב דעם האָב איך 48 יאָר געפּייניקט מיין גוף, מיט אַ מיעס ווייב געלעבט?

**גאַווריעל** (אומגעדולדיק): אידיאָט! נו, שטעלט זיך אָן אַ זייט, גאָט איז איצט בייז—ער צינדט אָן די לעוואָנע. ער'ט באַלד זיין פאַרטיק. (רופט אַריין) העי, גאָט, צוויי קאָסטימער זענען געקומען. (שטילער) שרעק זיי אַ ביסל איבער.

(סיהערט זיך אַ דונער).

**גאַווריעל:** דערלאַנג זיי נאָר אַ פּאָר בליצן אויך—נעם זיי אַרויס די נעשאָמע. (סי זעען זיך בליצן. דערנאָך באַווייזט זיך אין דער פינצטער גאָטס ריזיקע האַנט. ביידע ציטערן און פלאַטערן און ציען קניפּלעך).

**צאַדיק** (ציט אַרויס סיקניפּל).

**גאַווריעל:** איר, רעב צאַדיק, גייט אין געהנים אַריין. אַ מיצווע אָף אייך! האָט איר געזאָלט האָבן סייכל און נישט לעבן מיט קיין אייגן ווייב. און איר, רעב ראָשע, זייט זשע מויכל אַהערצו. אין גאַניידין אַריין. (ראָשע לאָזט זיך צום גאַניידין. גאַווריעל קוקט אים נאָך און שאָקלט ראַכמאָנעסדיק מיטן קאָפּ).

**שטים פון גאָט:** ווער איז גרויס?

**גאַווריעל** (דערשראָקן): דו.

**גאָט:** ווער איז קלוג?

**גאַווריעל:** דו.

גאָט: ווער איז שטאַרק?
גאַווריעל: דו.
גאָט: ווער איז אייביק?
גאַווריעל: דו, דו־דו, דו.

(גאָטס קאָל ווערט אַנטשוויגן. גאַווריעל שטייט מיד און געלאַנגווײַלט. קוקט אַף זײַנע אומגעלומפּערטע הענט־און־פיס און ווייסט נישט וואָס צו טוען מיט זיך. סאָפּקאָלסאָף שליאַנדערט ער זיך צום גאַניידין).

גאַווריעל (אין אָפּגיין. ווײַזט אַף דער בינע, וואו ביידע אידן זענען פאַרשוואונדן געוואָרן): ווער ס׳איז ז י י מעקאַנע! (פויזע. ער ווײַזט אַפן אוילאָם אין טעאַטער) און ווער ס׳איז א י י ך מעקאַנע. (פויזע. זייער טרויריק) און ווער ס׳איז מיך מעקאַנע!

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# קלויסטערבערג

פּאַרשוינען:

אַנדראַ (אַלטער) סאַרווי (מיטליעריקער)
וועניש (יונגער)

(אַביידל אין וואַלד. אַ באַנק, אַ קאַמין, אַ קעסל אַף אַ דריי־פּיסיקן געשטעל, פון וואַנט אַרויס אַ שטעקן אויפצוהענגען אַ לאַמטערן. אין דרויסן אַ שטאַרקער ווינט).

אַנדראַ (לאַמטערן אין האַנט): דאַנקען גאָט, מיר האָבן געפונען אַן אָרט, וואו אָפּצורוען. ס'אַראַ ווינט! ער האָט מיר אַריינגעלאַכט אין לאַמטערן.

סאַרווי: דער ווינט איז ווי אַ מענטש. קליינע פייערן דערשטיקט ער. גרויסע מאַכט ער׳ גרעסער.

וועניש: די וועלט פאַרמאָגט נישט קיין שענערע זאַך ווי פייער. אָ, ווי איך האָב ליב פייערן! ווען איך וואָלט געווען אַ גאָט, איר ווייסט וואָס איך וואָלט געטאָן?

סאַרווי, אַנדראַ: וואָס?

וועניש: ווען איך וואָלט געווען אַ גאָט, סאַרווי, ווען איך וואָלט געווען אַ גאָט, אַנדראַ, וואָלט איך אַראָפּגעלאָזן אַף דער ערד אַ רעגן פון נאַפט און וואָלט עס געלאָזט אַזוי גיסן עטלעכע טעג דעראַכאַנאַנד. דערנאָכדעם וואָלט איך אַרונטערגעוואָרפן עטלעכע יונגע בליצן און אונטערגעצונדן די ערד פון ביידע זייטן.

סאַרווי: דו רעדסט נאַריש, וועניש.

אַנדראַ: און זינדיק. אַ מענטש טאָר אַזוי נישט טראַכטן.

וועניש: איר האָט מוירע פאַר פייער. אָבער איך בין יונג.

אַנדראַ: איך בין שוין אַן אַלטער מענטש. מיינע אויערן האָבן אַ סאַך געהערט.

סאַרווי: זיינע אויערן זענען בעכערס פול מיטן ווין פון מענטשלעכער כאָכמע.

וועניש: אָבער דער ווין איז קיינמאָל צום קאָפּ נישט דערגאַנגען, כאַ־כאַ־כאַ! לאָמיר געפינען אַן אָרט פאַרן לאַמטערן (זוכט און געפינט דעם שטעקן אין וואַנט. הענגט אויף דעם לאַמטערן).

אַנדראַ: ווי גוט עס איז, אַז ס'איז ליכטיק. (קוקט אַפּן לאַמ־טערן) אין דער פינצטער קען מען די פינצטערניש נישט זען. איר האָט באַמערקט? דער וואַלד איז פול מיט טרוקן געהילץ און נישט ווייט פון דאַנען איז קלויסטערבערג.

סאַרווי: קלויסטערבערג? קלויסטערבערג? שאַ נאַר, יאָ, איך געדענק שוין, פאַראיאָרן זענען מיר דאָרטן אַלע געווען. ס'איז אַן אָרים דערפל. די שטיבער זענען געדעקט מיט שטרויענע דעכער.

וועניש: איין פונק פייער אין אונזער קוימען און גאַנץ קלויס־טערבערג גייט אַוועק מיטן רויך. אָ, ווי איך האָב ליב פייער.

סאַרווי: און איך האָב ליב פייגל, אַלערליי פייגל, פייגל מיט רויטע העלזלעך און פייגל מיט גרינע פעדערן, פייגל וואָס זינגען, און פייגל וואָס בלאָנדזשען אַרום אויף דער וועלט אָן געזאַנג און זוכן אַ קערנדל אַפּן מיסט.

וועניש: אַזוי ווי מיר אַלע. (נעמט אַרויס אַ פייגל פון בוזעם־קעשענע, קושט עס).

אַנדראַ: און איך האָב ליב מענטשן, וועלכע האָבן ליב פייער און האָבן ליב פייגל. איר דאַרפט ליב האָבן יעדע זאַך באַזונדער, אָבער איך דאַרף נאָר ליב האָבן דעם מענטש. ער איז אַ ל צ ד י נ ג. (פויזע). די וועגט פונםביידל קוקן אויף אונז מיט שרעק. זיי האָבן אַפּאָנים שוין לאַנג קיין מענטשן נישט געזען. (שטילער) לאָמיר זיך צוזעצן דאָ אויף דער באַנק און זיך צוטוליען איינס צו ס'אַנדערע. ס'איז אַזוי קאַלט. (אַלע צעזעצן זיך, בלאָזן אין די פויסטן).

סאַרווי: און מיינע פייגעלעך ציטערן אויף מיין האַרץ. סי דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז מיין אייגן האַרץ, וואָס ציטערט.

וועניש: די נאַכט איז אַזוי לאַנג און דער וועג ווייט. (הויבט זיך אויף, קוקט דורכן פענצטער) און קיין פייער זעט מען נישט.

סאַרווי: די קלויסטערבערג האָבן מוירע פאַרן פייער. זיי וואוינען אין הייזער מיט שטרויענע דעכער.

אַנדראַ: און דאָ איז אַזוי קאַלט. ס'דאַכט זיך, אַז אפילע דאָס פייער איז פאַרפרוירן און בלאָ.

וועניש: און דער ווינט הערט נישט אויף. ער לויפט מיט זיינע לאַנגע פיס איבער די פעלדער און צעטרעט אַלצדינג.

סאַרווי: מיר זייען פאַר די ווינטן.

וועניש: און די ווינטן ווערן טראָגעוודיק פון פייער און גע־בוירן נייע וועלטן.

(סיהערט זיך אַ קלונג פון אַ גלאָק)

אַנדרא: ערגעץ אין וואלד האָט אַ גלאָק אַ רויש געטאָן. דער קלאַנג האָט אַראָפּגעטריפט אַף דער ערד ווי אַ טראָפּן בלוט.

סארווי: גלאָקן האָבן נעשאָמעס.

ווענִיש: פייער האָט אַ נעשאָמע.

אַנדרא: אונזער ווילן איז נישט אונזערער. מיר מוזן אָדער עמיצן נאָכגיין, אָדער פון עמיצן געטריבן ווערן.

סארווי: מיין פייגעלעך פּישטשען, ס'איז זיי קאַלט.

אַנדרא (ציטערט): ס'איז זייער קאַלט.

ווענִיש: און נישט גענוג קאַלט אַף צו דערוואַרימען מיין יונג בלוט (ציט זיך). מיין קראַפט שימלט אין מיר און איך האָב זי נישט וואו אהינצוטאָן.

סארווי: ס'איז קאַלט און דער שטורעם וויל זיך נישט לייגן און מיינע פייגעלעך טוליען זיך צו מיין ברוסט. לאָמיר זיך דערציילן מאַיסעלעך.

ווענִיש: דערצייל, דערצייל, סארווי!

אַנדרא: איך בין שוין אַלט, די ערד וועט מיר באַלד ווידער געבוירן. מיינע לעצטע טעג מוזן געשענקט ווערן צו דער גרויסער אַרבעט—

ווענִיש: פון מענטשן־ליבע. איך וויים, אַלטער, אַז איר האָט אַ באַקוועמע היים פאַרלוירן קעדיי צו גיין צום פאָלק און טיילן מיט אים אייער ברויט און זיין צאַאַר.

סארווי: און פרעדיגן ליבן צישן די מענטשן.

אַנדרא: די געטלעכע ליבע.

ווענִיש: איך האָב נישט ליב די געטער. איך האָב נישט ליב די, וואָס האָבן זיך אַליין ליב דורך מיר. (צו סאַרווי) דערצייל בעסער וועגן דיין ערשטער ליבע.

אַנדרא: גוט, גוט. דערציילט וועגן ליבע. איך וועל מיך דערווייל פאַרטראַכטן באַם פענצטער (גייט צו צום פענצטער).

ווענִיש: דערצייל, דערצייל! (ווייזט אַף סארוויס בוזעם) דיינע פייגעלעך ציטערן נעבעך אַזוי און דיין אָטעם איז קאַלט.

סארווי: איך בין דעמאָלט געווען אַ אינגל פון אַ יאָר פערצן, און באַ אונז אין שטעטל פלעגן קומען ציגיינער.

ווענִיש (דערוואַרימט): אין ציגיינער־אויגן לויפן בליצן.

אַנדרא (פון לעבן פענצטער): בליצן זענען געפערלעך.

סארווי: און אַזוינע צוויי ציגיינערשע סרייפעס האָבן מיך געפאַנגען.

וועניש: און ווער איז געווען די אייגנטימערין פון די וואונ־דערבארע סריפעס, סארווי?

סארווי: א ציגיינער־מיידל פון א יאר זיבעצן. אין א בויד איז זי געקומען מיט אירע לייט. זי פלעגט זיצן אפן שוועל פון איר בויד און מיט אירע אויגע שפינען א נעץ פאר מיין יונג הארץ. און איינמאל באנאכט, אין סאף ווינטער, ווען איך האב מיך ארומגעדרייט לעבן דער ציגיינער־בויד, האט זי מיך פארבעטן, איך זאל אריינ־קריכן אינעווייניג אין דעם בויד, ווייל אירע לייט זענען נישטא. און זי איז מיט מיר אוועקגעפארן אין וואלד אריין.

וועניש: אין פרייען וואלד אריין?

סארווי: יא, און אף דער ערד איז געווען א שניי, א ליכטיקער פרישער שניי און אלצדינג איז געווען ווי א ווייסער כאלעם, די בויד, דאס ציגיינער־מיידל, די נאכט, דער הימל, דיביימער.

וועניש: ווי ווייט זענט איר אוועק?

סארווי: ז י י ע ר ווייט, וועניש! א גאנצע נאכט זענען מיר דורכן וואלד געפארן און די ציגיינערין האט געזונגען אפן קאל און אין מיר האט געזונגען ס'הארץ. ס'איז געווען אזוי וואונדער־לעך, אזוי פרעמד.

וועניש: אזוי וואונדערלעך, אזוי פרעמד. (צו סארווין) נו, און אינדערפרי?

סארווי: אז ס'האט אנגעהויבן צו טאגן, האבן מיר זיך אפגע־שטעלט בא א לויפנדיק וואסער. מיין ציגיינער־מיידל האט זיך אויס־געטאן נאקעט און אריינגעשפרונגען זיך באדן.

וועניש: און דו, סארווי?

סארווי: איך האב מיך געשעמט פאר איר כ'האב מיין בור־מיסל איבערגעלאזן אין דער בויד, מיר די שיך אויסגעטאן און מיר די פיס געבאדן, און מיין פאנים געוואשן אין דעם פרישן וואסער.

וועניש: נו?

סארווי: זי איז ארויסגעשפרונגען פונם וואסער אן אפגעבא־דענע, דערנאכדעם איז זי אריין קריק אין דער בויד זיך אנטאן, און פון בויד־פענצטער האט זי ארויסגעשריגן, אז איך זאל שטיין אין וואסער א לענגערע צייט און טיף אטעמען... זיך איינגעוואוינען צו ווערן א ציגיינער.

וועניש: נו?

סארווי: עטלעכע מינוט בין איך אזוי געשטאנען אין קאלטן שטראם און אז איך בין ארויס, איז מיין ציגיינערין שוין נישט געווען זי איז אוועק איינעם מיט מיין האפנונג.

וועניש: און מיט דיין הוט?
סארווי: יא.
וועניש: און מיט דיין מאנטל?
סארווי: יאָ, און מיט דעם ביסל געלט, וואָס זי האָט מיר פריער מיט עטלעכע טעג געהייסן צונעמען פון מיין טאַטנס שופלאַד.
וועניש: זי איז אוועק אָן אַ זייגעזונט אזוי ווי דאָס גליק?
סארווי: יא, און איך האָב גענומען נאָכלויפן און שרייען, אזוי הויך, אזוי ווילד. גינא, האָב איך געשריען, גי־נא, לאָז מיך נישט איבער אליין אין וואלד. אָבער זי האָט זיך נישט געקימערט. פון ווייטן האָב איך בלויז געהערט דאָס קנאַקן פון איר בייטש און ס'האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז דאָס שלאָגט זי מיך—מיך אליין. און דעמאָלט בין איך געפאלן אַף דער ערד, אפן שניי און אזוי געוויינט, און געבעטן גאָט, איך זאָל שטארבן. אָבער באלד זענען אונטערגעקומען דארפישע האָלצהעקערס און—
אַנדרא (ציטערט) מי דארף צולייגן נאָך אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ. (גייט אַרויס, ברענגט האָלץ, מאַכט פייער, לייגט עטלעכע שטיקלעך האָלץ אָן אַ זייט) און דאָס דאָ וועלן מיר איבערלאָזן, טאָמער וועלן אנדערע מענטשן פארבלאָנדזשען אהערצו, זאָלן זיי כאָטש טרעפן פייער־האָלץ.
וועניש: מענטשן דארפן שטענדיק זאָרגן פאר אַנדערע. איינמאָל האָט מען אַ פאַקל אָנגעצונדן, מוז מען עס געבן פון האַנט צו האַנט.
סארווי: מיין ערשטע ליבע האָט געגעבן דעם טאָן צו מיין גאַנצן לעבן. זינט דעמאָלט אָן האָב איך שטענדיק געוויינט, ווען איך בין געווען פארליבט.
אַנדרא (באַם פייער): ליבע איז טרערן.
וועניש: דאָס מענטשלעכע גליק איז אזוי שוואך, ווי אַ פליגל פון אַ פייגל, סארווי. (ווי צו זיך) איך האָב ליב פייער, פייער. איידער איך וועל שטאַרבן, סארווי, וועל איך אָנזאָגן, אז מי זאָל מיך פארברענען און צעוואָרפן מיין אש אַף אַלע זיבן ימען.
סארווי: איז בין אזוי מיד און הונגעריק. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געבלאָנדזשעט דורכן וואלד אין שטורם און גאָרנישט געגעסן.
וועניש: איך בין אויך זייער הונגעריק. איך וואָלט געוואָלט עפּעס עסן, אָבער מער ווי טרוקן ברויט האָבן מיר נישט. איצט דארפן מיר עסן און פאררויכערן, וועלן מיר קענען געמיטלעך פלוידערן וועגן אונזערע וואנדערונגען.

סארווי: און וועגן די אָרימע פייגעלעך (קושט די פייגעלעך).
אַנדרא: און וועגן די מענטשן.
וועניש: האָט איר עפּעס אַ סאַך מענטשן געהאָלפן היינט, אַלטער?

אַנדרא (שטאָלץ): נו, געוויס, וועמען מיט אַ מאַטבייע, וועמען מיט אַ שטיקל ברויט. אָבער דאָס ראָוו האָב איך געהאָלפן די אָרימע דאַמיט, וואָס איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין אַליין אויך אָרעם, און די קראַנקע דאַמיט, וואָס איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין אַליין אויך אַ קראַנקער.

וועניש: דאָס קאָסט נישט טייער.

סארווי: אין ערגעץ וואוינט נישט דאָס גליק אַזוי באַקוועם ווי אינעם האַרצן פון אומגליק.

וועניש: דאָ איז וואַרים און גוט, און אין דרויסן בלאָזט אַ קאַלטער צאָפן־ווינט אין דער ריכטונג פון קלויסטערבערג. די שטרויענע דעכלעך טילן זיך איינס צו ס'אַנדערע, זיי האָבן מוירע פאַר אַ פונק.

סארווי (זערשראָקן, שטיל. ער וואָלט נישט וועלן, אַז זיינע אייגענע אויערן זאָלן הערן): דורך אונזער קוימען גייט שוין אַ רויך, און סי פליען פונקען.

וועניש: שאַ, זאָגט דאָס נישט. דער אַלטער קען דערהערן און אויסלעשן.

אַנדרא (וואַרימט זיך): ס'אַ וואויל פייער. אַ געשמאַק פייער. איצט ווען ס'זאָל נאָך זיין עפּעס צום עסן. עפּעס וואַרימס. וואָסער קאָן מען צעלאָזן פון שניי. (גייט אַרויס, ברענגט פולע הענט מיט שניי און וואַרפט עס אין קעסל) אָך, ווען ס'זאָל זיין עפּעס צו קאָכן. מיר האָבן בלויז האַרט ברויט (קייעט אַ שטיק ברויט).

וועניש (צו סארווי): דו האָסט דאָך אין בוזעם עטלעכע פייגל. וואָס פאַר אַ פייגל זענען זיי?

סארווי: זעלטענע פייגל, מיט רויטע שטרייפעלעך אויפן האַלז און איין יונגע טויב מיט גרין־גאָלדענע פיסלעך.

וועניש: גאַנץ גוט.

סארווי: וואָס איז גאַנץ גוט?

וועניש: די פייגעלעך. איך האָב זיי ליב. מי קען פון זיי מאַכן אַ געשמאַקע זופּ.

אַנדרא: דאָס פלייש פון יונגע טויבן איז זייער זיס.

סארווי (דערשראָקן): וואָס? וואָס מיינט איר?

וועניש: איך מיין גאָר פראָסט. (מאַכט אַ זשעסט פון אָפּצו־דרייען אַ העלזל פון אַ פייגל).

סאַרווי (צעטראָגן, דערמאָנט זיך אָן זיין ליבעס־געשיכטע): און איך בין געלאָפן דורכן וואַלד און געשריען: גינאַ! גינאַ! און קיינער האָט אַף מיר קיין ראַכמאָנעס נישט געהאַט, קיינער נישט. (מאַכט צו די אויגן).

וועניש (רירט אים אָן באַם אַקסל): טו עס! (מאַכט דעם זעלביקן זשעסט נאָכאַמאָל).

סאַרווי: מיר איז איצט פינצטער פאַר די אויגן. מיינע פייגע־לעך! (קושט זיי).

וועניש (נעמט אים אָן באַם האַנט): אין דרויסן וועט דיר זיין גרינגער. מאַך צו די אויגן, וועסטו נישט זען. (שטילער) זאָלסט דיר נישט פאַרשפּריצן די קליידער מיט בלוט. גיב אַכטונג!

סאַרווי (מיט פאַרמאַכטע אויגן): איך האָב אַזוי ליב דעם וואַלד, איך האָב אַזוי ליב די פייגל. דאַריבער וואַנדער איך אַרום. (גייט אַרויס, קומט קריק מיט פאַרבלוטיקטע הענט, אין וועלכע ער טראָגט אַ רויט פייגעלע).

אַנדרא (צו זיך): דאָס פייער ברענט אַזוי וואַרים און סי קנאַקט אַזוי אנגענעם. (צו זיי) קומט אַהער!

(זיי גייען צו, זעצן זיך לעבן פייער)

וועניש (צו סאַרווי): דאָס ווינטער־נאַכט־פייער איז געשמאַק.

אַנדרא: אין דרויסן גייט דער ווינט פון זינען אַראָפּ.

וועניש: אונזער פייער וועט אים איינשלינגען און אים באַ־רואיקן. (צו סאַרווי) גיב אַהער דאָס—

סאַרווי (צעטומלט): גי־נאַ־אַ! האָב איך גערופן דורכן וואַלד און קיינער האָט מיך נישט געהערט. (גיט ווענישן דאָס טויטע פייגע־לע. יענער וואַרפט עס אין טאָפּ איבערן פייער).

וועניש: באַלד וועט זיין עפּעס צו עסן.

אַנדנרא (צופרידן): אַ וואויל פייער, אַ געשמאַק פייער.

וועניש: די פונקען שלאָגן אַרויף צום קוימען.

סאַרווי (שטיל): די קלויסטערבערגער דעכער זענען פון שטרוי.

אַנדרא: ווי וואַרים דאָ איז!

וועניש: און באַלד וועלן מיר האָבן אַ גוטן ביסן און הייסע זופּ.

אַנדרא (מישט דעם טאָפּ): אָט איז עס, שוין פאַרטיק. איצט וועלן מיר אויסהוילן דעם ברויט און די האַרטע זייט וועלן מיר נוצן פאַר טעלער. (גיט יעדן זופּ פון אַ טעלער, געמאַכט פון האַרטן ברויט). עסט, קינדער, די זופּ און דאָס פלייש. און איר קענט עסן די טעלערלעך אויך. זיי זענען פון האַרטן ברויט.

וועניש (עסט): ווי וואַרעם דאָס איז!

סאַרווי: ווי סי קריִעפּטיקט.

אַנדרא: ווי סי קוויקט די אינגעווייד. (אַלע עסן שטיל און גע־שמאַק) און איצט קענען מיר זיך פּאַררויכערן און דערציילן מאַיסעס.

סאַרווי (קוקט אַף זיינע הענט און רייבט זיי אָן די קליידער): לאָז מען אויסלעשן דעם לאַמטערן. דאָס פייער אין קאַמין אין גענוג לעכטיק.

וועניש: איין פייער פאַרטונקלט דאָס אַנדערע. לאָז מען אויס־לעשן דעם לאַמטערן.

(סאַרווי לעשט אויס דאָס לאַמטערן. אַלע דריי בלייבן זיצן אינם צייכן פון פייער פון קוימען. פאַררויכערן זיך לאַנגזאַם די ליולקעס).

סאַרווי: נו, דערציילט עפּעס אַ שיינע געשיכטע. איר קענט דאָך אַזעלכע שיינע מאַיסעלעך.

וועניש: דערציילט, דערציילט. ס'איז שוין באַלד צוועלף באַנאַכט, די שאָ, ווען מי גלויבט אַלצדינג.

אַנדרא: נו, גוט, קינדערלעך, רוקט זיך צו נעענטער, וועל איך אייך דערציילן. הערט. (דערציילט) אַמאָל איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ. האָט ער נישט געקענט צוזען די לײדן פון זיינע אָרימע ברידער, איז ער אַוועק אין ברעג שטאָט לעבן דער גרעבליע און זיך אַביידל אויסגעבויט און זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן, מיט וואָס ער קען העלפן זיינע מיט־מענטשן. און קעדיי צו קענען רואיק טראַכטן פון זיין הויכן אידעאַל, האָט ער פייער צעלייגט אין קאַמין און אין דער צייט וואָס ער איז געזעסן אין דער איינזאַמקייט און געקלערט, ווי אַזוי צו ראַטעווען די וועלט, זענען דערווייל די פונקען געפלויגן און אונטערגעצונדן ס'גאַנצע שטעטל. און מענטשן זענען ווי פאַרסאַמטע מייז אַרויס פון די שטיבער, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געשריגן געוואַלד. און קינדער־ביינער האָבן גע־קנאַקט אינם פייער און מעשוגע־געוואָרענע אויגן האָבן די סרייפע אויפגעכאַפּט און מיט איר אַרומגעלאָפן איבער די וועלדער. אָבער דער מענטש מיטן גרויסן האַרץ, וואָס האָט געוואָלט ראַטעווען די וועלט, איז זיך רואיק געזעסן באַם קאַמין און געוואָרפן אַ שייט האָלץ נאָך אַ שייט האָלץ.

וועניש: שאַ. עפּשער טאַקע צוואַוואַרפן נאָך אַ פּאָר שייטלעך האָלץ? דאָס פייער קען נאָך אויסגיין.

סאַרווי: נישט איצט. נישט איצט. שלאָגט נישט איבער. דערציילט וויטער, אַנדרא. אין דרויסן ווילדעוועט דער ווינט. און דאָ איז אַזוי גוט און וואַרעם.

(פון דרויסן שלאָגט אַרויף אַ פייער צום פענצטער.
טיהערן זיך ווייטער געשרייען: „סיברענט!" „קלויס־
טערבער ברענט!").

אַנדרא: און דער מענטש מיטן הויכן אידעאַל איז זיך געזעסן באַם פייער און זיך געוואַרימט די פּלייצע. אָבער וואָס ווייס אַ מענטש?

סארווי: אַ מענטש ווייס גאָר נישט.

וועניש: גאָר נישט ווייסט דער מענטש.

אַנדרא: אונזערע אויגן זענען זעהעדיק, אָבער דער וואָס זעט אַרוים פון אונזערע אויגן, איז בלינד.

סארווי: מיר זענען אַלע בלינדע.

וועניש (זאָגט נאָך): בלינדע.

אַנדרא: מיר זעען נישט וואָס סי טוט זיך הינטער אונזערע פּלייצעס. —

(דאָס פייער אין דרויסן ווערט גרעסער. סיקומען נעענ־
טער די געשרייען: „סי ברענט! קלויסטערבערג
ברענט!).

(פאָרהאַנג)

# דער ליגן־כאַפּער

באָכער. מיידל.
איינער פון אוילעם.

די בינע איז צוגעגרייט פאַר אַ לייכטן אינטימען שפּיל. אַ צימערל, אַ סאַמאָוואַר, שטובישע אַטמאָספער און אַ גרויסער איבערטריבענער מאָדנער זייגער.

באָכער (פּאָרעט זיך מיטן זייגער און זינגט):

אוי, צוועלף שלאָגט דאָך שוין דער זייגער,
אוי, פיר מיך שוין אָפּ אַהיים.
אוי, וואָס פאַר אַ טערעץ וועל איך זאָגן
באַ מיין מאַמען אינדערהיים?

דעם ערשטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אַז דו האָסט געבלאָנדזשעט אין וועג.
דעם צווייטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אַז ס'איז שוין סיי ווי סיי צו שפּעט.

אָט דעם זייגער האָט מיר מיין פעטער לייזערעליע געשיקט אַ מאַטאָנע צו מיין געבורטסטאָג. אַ קלוגער מענטש, מיין פעטער לייזער־עליע. צו וואָס, זאָגט ער, דאַרף מען זייגערס, זיי זאָלן ווייזן דער צייט וואוהין צו גיין? די צייט, זאָגט ער, קאָן אַליין טרעפן דעם וועג. זי איז שוין אַ אַלטע גייערקע, די צייט. דאַפאַר האָט ער אויס־געטראַכט אַנייעם זייגער, מיין פעטער לייזערליע. (צום אוילעם) איר ווילט וויסן וואָס פאַר אַ זייגער דאָס איז? דאָס איז אַ זייגער, וואָס קלינגט אַפּן ליגן. אַז עמיצער זאָגט אַ ליגן, קלינגט ער. וואָס גרע־סער דער ליגן, אַלץ מער און העכער קלינגט ער. אַ־נו, לאָז עמיצער פון אייך פּריוון זאָגן אַ ליגן, וועט איר הערן. נו. שעמט אייך נישט, קינדער. מיר אַלע זאָגן ליגן. ביפראַט ווען מיר קומען אַהיים שפּעט באַנאַכט פון טעאַטער, וואו מיר זענען געווען מיט אַ פרעמדער פרוי, דעמאָלט זענען מיר פּאַשעט געצוואונגען צו זאָגן ליגן, צוליב שאָלעם־באַאיס. פאַרשטייט זיך, נישט איך. איך גיי שטענדיק אין טעאַטער מיט מיין אייגענער פרוי. (זייגער קלינגט).

איינער פון אוילעם (רעדט פון טעאַטער אַרויס): ס'איז באַ־לייִדיקונג צו זאָגן, אַז אַלע מענטשן דאָ אין טעאַטער זענען ליגנער. מיר צאָלן פאַר בילעטן און מ'רופט אונז ליגנער. דאָס איז אַ סקאַנ־דאַל! מיר זענען אַלע ערלעכע מענטשן. (זייגער קלינגט) איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז אין גאַנצן טעאַטער וועט איר נישט געפינען קיין איין פרוי, וואָס איז געקומען מיט אַ פרעמדן מאַן, אָדער איין מאַן וואָס איז געקומען מיט אַ פרעמדער פרוי. (זייגער קלינגט הויך).

(אויפטריט מיידל אין נעגליזשע)

מיידל: אוי, אַנטשולדיקט. איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמדן צימער. איך וואוין דאָ די צווייטע טיר. (זייגער קלינגט. זי וויל גיין).

באָכער: נו, וואָס לויפט איר? בלייבט דאָ. איך פאַרזיכער אייך, אַז איך בין נישט אויסן קיין שלעכטס. (זייגער קלינגט) נאָר גלאַט אַזוי, אומעטיק איז און אַ שכיינע זענט איר, טאָ לאָמיר זיצן אַ ווייל. און אַ ביסל פלוידערן. כ'וועל אייך כאָלילע נישט טשעפּען, האָט נישט קיין מוירע, איך בין נישט פון דעם סאָרט מענטשן. (זייגער קלינגט).

מיידל: ווי קומט עס, וואָס איך האָב אייך פריער קיינמאָל נישט געזען? (זייגער קלינגט).

באָכער: דאָס איז דאַפאַר, ווייל איך... בין שטענדיק פאַרנו־מען מיט מיינע שטודיעס. איך לערן שטענדיק. טאָג און נאַכט זיץ איך און לערן מיך. (זייגער קלינגט שוואַך).

מיידל: איך לערן אויך שטענדיק. אַנדערע מיידלעך האָבן ליב צו פוצן זיך, אָבער איך האַלט נישט פון דעם, איך האָב פיינט צו קאָקעטירן. (קאָקעטירט און פאַררויכט די פריזור אין אַ שפּיגעלע, וואָס זי נעמט אַרויס פון טאַש) איך זוך אין מאַן בלויז די נעשאָמע. דאָס גייסטיקע (זייגער קלינגט אַ סאַך).

באָכער: און איך זוך אין דער פרוי אויך בלויז דאָס גייסטיקע. דער קערפּער, וואָס איז דער קערפּער... גאָרנישט... אָבער נעשאָמע, אָט־וואָס איך זוך באַ אַ פרוי. (דערנענטערט זיך צו איר, וויל זי אַרומ־נעמען. זייגער קלינגט).

מיידל: נאָר דאָס נישט. איך האָב דאָס נישט ליב. (זייגער קלינגט).

באָכער: טאָ גיט מיר אַ קוש. איין קוש. איך פאַרזיכער אייך, אַז ס'איז באַ מיר בלויז אַ גייסטיקער פאַרלאַנג. ווען איך זאָל קאָנען קושן אייער נעשאָמע אָן אייך. (זיפצט. זייגער קלינגט) אָבער דאָס איז נישט מעגלעך. (גיט איר אַ קוש, זי דערשרעקט זיך) זעט, ווי

איר זענט איבערגעשראָקן. די נעשאָמע איז בא אייך אָפּן שפּיץ נאָז. דערלויבט מיר אַ קוש צו טאָן אייער נעשאָמע. (קושט איר נאָז).

מיידל: און איר מיינט ווירקלעך בלויז מיין נעשאָמע?

באָכער: אַזוי עמעס ווי איך היים יאָסעף. (זייגער קלינגט. פּויזע) איר געפעלט מיר.

מיידל: איר געפעלט מיר אויך. דאָס הייסט אייער גייסט געפעלט מיר. (זייגער קלינגט שטיל) אָבער קושן זיך האָט איר נישט באַדאַרפט אַזוי שנעל.

באָכער: פאַרוואָס?

מיידל: ווייל די מאַמע הייסט נישט. (זייגער קלינגט העכער).

באָכער: פאַרוואָס הייסט נישט די מאַמע?

מיידל: ווייל די מאַמע האָט אויך מיידלווייז קיינעם נישט געקושט. (זייגער קלינגט.ביידע זעצן זיך און קוקן זיך אָן. ער רויכערט).

באָכער: פון וואָס טראַכט איר?

מיידל: איך טראַכט פון מיין טויטער באָבען. און איר?

באָכער: איך טראַכט פון... פון די באַלקאַנען. (זייגער קלינגט הויך). אַ שווערע לאַגע אַף די באַלקאַנען. אוף... היים. (ווישט דעם שטערן).

מיידל: יאָ, ס'איז היים. (וויל גיין).

באָכער: וואוהין גייט איר?

מיידל: צו זיך אין צימער. איך שעם מיך צו זיצן אַזוי. איך בין נישט אָנגעטאָן.

באָכער: וואָס מאַכט עס אויס? די נעשאָמע איז סיי ווי סיי נאַקעט. עפשער באַגלייטן אייך? איר ווילט איך זאָל מיטגיין מיט אייך אין אייער צימערל?

מיידל: איר שטעלט מיך, כ'לעבן, אין אַ פאַרלעגנהייט. איך ווייס נישט ווי אַנדערע, נאָר איך פיל מיך עפּעס פּריקרע צו פאַרברענגן מיט אַ מאַן. (קלינגט).

באָכער: סי מאַכט נישט אויס. פאַרגעסט, אַז איך בין אַ מאַן און איר זענט אַ פרוי. מיר וועלן אַריינגיין צו אייך אין צימער און פאַרברענגן ווי פריינט. פּלוידערן אַ ביסל וועגן ליטעראַטור. רויכערן. דאָס אַלעס. (קלינגט).

מיידל: איך ווייס? דער עמעס איז, אַז ס'איז טאַקע אומעטיק צו זיין אַליין אין אַ צימער בא פרעמדע מענטשן. און די נעכט זענען אַזוי לאַנג. אָבער איר מוזט מיר צוזאָגן, אַז מיר וועלן בלויז פאַרברענגן אַזוי... אָ.

באָכער: וואָס מיינט איר אַזוי...אָ?

מיידל: איך מיין, מירן זיצן...איך אַף איין בענקל און איר אַף אַ צווייטן בענקל און מירן טרינקען טיי און מירן רעדן.

באָכער: מער גאָרנישט?

מיידל: מער גאָרנישט. (זייגער קלינגט און קלינגט הויך און אַ סאַך פון פייערלעש־מאַשינען, ביז ביידע אָפּ).

פאָרהאַנג

# דאָס הילצערנע פּאָר־פאָלק*)

כאַראַקטערן:

ער — אַ טערק. זי — אַן אינדיאַנערקע.

דער גאַנצער אַקט איז בלויז אַ „ראַם", וואָס גיט אַ געלעגנהייט פאַר טערקישע און אינדיאַנישע מוזיק און טענץ.

דעקאָראַציע: עקסטעריער. פון ווייטן זעען זיך הויכע הייזער, ניו יאָרקער, און אַ טורעם־שפּיץ.

ער: שאַכנטע!

זי: וואָס איז, שאַכן?

ער: גיב אַ קוק אַפן טורעם וואו דער זייגער איז און זאָג מיר צי ס'איז שוין 12.

זי: כ'קען נישט זען.

ער: פאַרוואָס?

זי: מיין באַלעבאָס האָט מיך היינט אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו מאַירעוו. די געשעפטן, זאָגט ער, קומען פון מאַירעוו־זייט.

ער: איצט קענסטו נישט זען דעם טורעם מיטן זייגער?

זי: ניין.

ער: דאָס איז אַ שאָד. באַטאָג קען מען נאָך עפּעס וויסן לויט די לענג פון די שאָטנס. אָבער באַנאַכט —

זי: כ'האָב צוויי אָנגעפּאַרבטע שוואַרצאַפּלען. קען מען דען מיט דעם זען?

ער: אונזער באַלעבאָס מיינט, אַז דאַפאַר וויל מיר זענען פון האָלץ, האָבן מיר קיין נשאָמעס נישט.

זי: נעכטן האָט עפּעס אַ מענטש אָנגעריבן אַ שוועבעלע אָן מיינע ליפּן, אָבער איך האָב עס אים אויסגעלאָשן. ער האָט געמיינט, אַז דאָס האָט געטאָן דער ווינט. כאַ־כאַ, האָט ער נאָכאַמאָל אָנגע־ריבן, האָב איך ווידער פאַרלאָשן.

ער: מיך האָט אַ שיקער מיידל אַנומעלט ארומגענומען און צוגעלייגט איר באַק צו מיינער. איך בין אַזש רויט געוואָרן.

---

*) בא די אַמעריקאַנישע טאַבאַק־געשעפטן שטעלט מען אַפט אַרויס אין דרויסן אַ הילצערנע פיגור פון אַ „טערק", אַדער פון אַן „אינדיאַנער" — אַ מין סימבאָל אַפּאָנים פון די ערשטע טאַבאַק־אַנטדעקער

זי: דאָס איז געווען נישט פון דיין מענלעכער בושע, שאָכן, נאָר פון איר ווייבערישער פאַרב.

ער: דאָס קאָן זיין. מיר זענען פרעמדע — אין אַ פרעמד לאַנד. פאַרשטייען די מינהאָגים נישט.

זי: איך בין נישט קיין פרעמדע. מיינע זענען געווען די ערשטע דאָ אין לאַנד, נאָר די ווייסע האָבן עס באַ זיי אָוועקגערויבט.

ער: אַלע שוואַכע זענען פרעמדע, אפילע אַף דער ערד וואו זיי זענען געבוירן געוואָרן. (שטילער) אַזוי האָט מיר דער אויטאָר גע־הייסן זאָגן.

זי: שוין אַכט יאָר, אַז איך שטיי דאָ און הער די מאָדנע קוילעס פון דער גאַס, זע דעם נאַרישן געלאַף פון די מענטשן און איך קען נישט פאַרשטיין פאַרוואָס זיי שרייען אַזוי און פאַרוואָס זיי לויפן אַזוי. דאָס לעבן איז דאָך אַזוי נאָענט און דער טויט אַזוי שטיל.

ער: שווער צו פאַרשטיין זיי. אַפילע די ערד האָבן זיי צוגע־דעקט מיט שטיינער, גראָז זאָל נישט קענען וואַקסן.

זי: ס'איז נאָך אַ כידעש, וואָס זיי באַשמירן נישט דעם הימל מיט אַספאַלט, ס'זאָל נישט דורכרעגענען.

ער: ווי אומעטיק דאָ איז אין מענטשלאַנד! דאָ רעדט מען נאָר פון ברויט און פון ליבע.

זי: און פון גאָלד. פון פייער רעדן זיי קיינמאָל נישט. און פייער איז דאָך מער ווי גאָלד. און רויך איז דאָך שענער פון זילבער. נישט אַזוי?

ער: דאָס איז עמעס.

זי: איך פאַרשטיי נישט צו וואָס דאַרפן זיי לויפן, אַז דער פרימאָרגן קומט סיי־ווי־סיי אַנטקעגן, אַפילע אַז מי שטייט אַף איין אָרט.

ער: אין מיין לאַנד לויפט מען קיינמאָל נישט אַנטקעגן דער זון. זי קומט אַליין.

זי: אַמאָל באַנאַכט, ווען ס'ווערט שטיל, דערמאָן איך מיך און איך בענק. אַנומעלטן פאַרטאָג האָב איך געזען, ווי אַ גרויסע שטילקייט קוקט אַ קליין מייזל אין די אויגן אַריין.

ער: מיר פאַרשטייען די מייז.

זי: און די מענטשן—

ער: מיר פאַרשטייען אַלעמען, ווייל מיר פאַרשטייען גאָרנישט.

זי: זע, אַף מיין פּאָנים איז די לעוואָנע.

ער: דו ביזט שיין.

זי: די לעוואָנע קומט פון די פריירים. דאָרט טאַנצט מען

איצט אַרום די פייערן.

ער: און מיינע זינגען איצט אומעטיקע לידער צו גאָט און צו זיין נאָווי.

זי: אונזער גאָט איז פייער... און וואסער... און דונער. (באַרימעריש) אָ, מיר האָבן אַלצדינג אַ סאַך. אַ סאַך קוקורוז, אַ סאַך אויבס, אַ סאַך געטער. אייער לאַנד איז אָרים.

ער (זיפצט): יאָ, מיר זענען אָרים, מיר האָבן בלויז איין גאָט.

זי: און איצט איז די לעוואָנע אַף ד י ר, שאָכן. און דער שטויב אַף דיין קאָפּ איז ווי שניי. אָדער ווי אַלטקייט.

ער: ווער איך זאָל האָבן אַ קאָל, וואָלט איך געזונגען אָט אזוי. (זינגט עפּעס אַן אָריענטאַליש, פאַרביינקט ליד).

זי: און ווען איך זאָל האָבן אַ קאָל, וואָלט איך געזונגען אָט אזוי. (זינגט אַן אינדיאַנישן מאָטיוו).

ער: ווען איך זאָל האָבן טרערן, וואָלט איך געוויינט.

זי: מיר האָבן נישט קיין טרערן, מוזן מיר וואַרטן ביז דער רעגן וויינט אַרויף אַף אונזערע אויגן.

ער: אונזער באַלעבאָס איז פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג מיט ציילן שטיקלעך קופּער, און אונזער טרויער און אונזער בענקען גייט אים נישט אָן.

זי: אַז איך קוק אַמאָל אַריין דורכן פענצטער, זע איך, ווי ער ציילט די רענדלעך מיט פאַרוויאַגנעטע הענט, און איך האָב אַף אים ראַכמאָנעס.

ער: אונז פרעסט אויף דער מאָל. זיי אויך. אָבער זיי פאַר־שרייען זייער געוויין מיט געלעכטערס.

(ס׳הערט זיך קלינגען 12).

זי: אָט שלאָגט שוין אונזער שאָ. די שאָ פון דער טויטער וועלט.

ער: טרייסל איך אַראָפּ דעם שטויב פון מיינע האָר (זי טוט עס).

זי: אַף מיין אויג האָט אַ גאַנצן טאָג אַ שפּין איר האָפנונג געוועבט. איצט צערייס איך זי.

ער: נעבעך אַ ראַכמאָנעס אַף דער שפּין, אַזוי שווער געאַרבעט.

זי: די שפּין וועט אַן אַנדער היים געפינען.

ער: אַלע זענען נאָווענאַד, אַפילע שפּינען.

זי: אַלע.

ער: קום צו מיר, מיין זיסע, דער לעצטער קלונג האָט שוין אויסגעשלאָגן, די נאַכט איז קורץ.

זי: איך גיי צו דיר, מיין טייערער.

ער: וואָרף דיין האַק אַוועק. דו דאַרפסט זי נישט.
זי (טוט עס): און דו וואָרף דיין שפּיז, מיר זענען זיך נישט קיין סאָנים.
ער (טוט עס): און די פרעמדע קליידער וואָרף פון זיך אַראָפּ אַזוי ווי איך. (טוט עס). מיר וועלן זיך מיט די הערצער איבערבייטן און יעדער וועט אַ גרעסער האַרץ באַקומען.
זי: אַזוי ווי באַ מענטשן.
ער: די לעוואָנע איז הויך אין הימל.
זי: און געל איז זי.
ער: פון דער וועלטס צאַאַר איז זי קראַנק.
זי: און עפּשער פון בענקען.
ער: די זון פאַרטרייבט זי אַלע אינדערפרי, ווייל זי איז לעכטיקער.
זי: און איך האָב ליב די לעוואָנע, ווייל צו איר קען מען אַרויפקוקן ווי לאַנג מ׳וויל—קיינער קען נישט קוקן לאַנג אין דער זון אַריין.
ער: אין דער היים פלעג איך ליגן אָפט באַנאַכט מיטן פּאָנים אַרויף און רעדן צום מענטשעלע אויף דער לעוואָנע.
זי: געדענקסטו דיין היים?
ער: איך געדענק.
זי: דיין מאַמען?
ער: אויך.
זי: די פעלדער?
ער: אויך.
זי: דעם טייטלבוים?
ער: איך זע זיין קילן שאָטן. און איך הער די קאַראַוואַנען. דער דופט פון נאַרד און פון מירר איז אין מיינע נאָזלעכער, פון אימבער און פון זאַפראַן.
זי: און איך פיל דעם רייאַך פון קוקורוז געבראָטן אויפן פעלדפייער.
ער: דאָס געזאַנג פון יונגער ליבע.
זי: דאָס געזאַנג פון פליסנדיקן לעבן.
ער: מיר ביידע—
זי: אונזער אייביקייט איז ווי אַ פליג אויף די פליגלען פון אַ פליענדיקן אָדלער.
ער: לאָז די ווערטער פאַר מענטשן, געליבטע. פאַר אונז איז דער טאַנץ—און די נאַכט. און די ליבע.
זי: יאָ, מיר׳ן טאַנצן. קעגן דער לעוואָנע.

ער: ווי אין דער מידבאָר. ווען דער הייסער שטורם הייבט זיך אויף.

זי: ווי אין דער פּריירי—ווען די נאַכט־פייערן ברענען.

(טאַנץ).

זי: דער באַלעבאָס!

ער: ס'מוז שוין זיין טאָג. (ביידע גייען קריק אַרויף אַף די פּיעדעסטאַלן. סיקומט אָן אַ מענטש, פּריפּט אָנרייבן אַ שוועבעלע אָן איִם. ער לעשט עס אויס. דער מענטש פּריפּט נאָכאַמאָל— ווידער דאָס אייגענע. מיזעט ווי ער לעשט אויס. דער מענטש גיט אַ שפּיי און אַ זאָג: „טייוול!" די הילצערנע פיגורן לאַכן. מענטש דערשראָקן, לויפט אַוועק).

פּאָרהאַנג.

# „האָטענטאָטן“

בערנאַרד. אַנאַ.

אַ צימערל לויט בירגערלעכן שטאַנד. דער טיש איז געגרייט. גייט־אויף דער פאָרהאַנג, זעט מען אַנאַן שטיין באַם שפּיגל. זי פּוצט זיך ווי צו עפּעס אַ יאָנטעף.

אַנאַ (צום שפּיגל): אז איכ'ל אַלט ווערן, וועל איך אויסקוקן אזוי־אַ. (מאַכט נאָך אַן אַלטער באַביצע) אוי, אוי, די קריזשעס. (אַנדערש) וואו ביזשטו, מיין מאַן? צי הערשטו? דערלאַנג מיר מ'פּייערטאָפּ. שי מיר קאַלט. (פּויזע) איך וואָלט שוין אומיסנע גע־וואָלט זיין אַלט, קעדיי צו וויסן, ווי מ'פילט, אז מ'איז אַלט. (נעמט עפּעס פון טיש צום נאַשן) אז איך בין געווען אַ קינד פון 5 יאָר, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אז צוואַנציק־יעריקע זענען שוין שרעקלעך אַלט. טאַ'פּאָנים, אז יעדער עלטער האָט זיך איר באַזונדערע שיינקייט, איר באַזונדערן טאַאַם. (עסט) געשמאַקע וויינטרויבן. (כראָסטעט זיך מיט האַנאָע) ס'איז אזוי געשמאַק צו לעבן! אַ מענטש דאַרף לעבן און לעבן און לעבן, ווי מיין מאַמעלע זאָגט: וואָס מער מי לעבט אַלץ מער וויל מען. מיין טייערע מאַמע! אַ שאַד וואָס זי איז נישטאָ מיט אונז היינט—מיט מיר און מיט מיין בערנאַרדן. פּונקט היינט וואָלט איך געוואָלט זי זאָל זיין דאָ באַ אונזער סימכע, באַם ערשטן יאָר־יאָנטעף פון אונזער כאַסענע. (צום שפּיגל) זיי רופן דאָס שטרויע־נע כאַסענע און געוויינטלעך פאַרבעט מען געסט, מי טומלט, מי מאַכט זיך נאַריש. איך וויל מ'היינטיקן יאָנטעף—דעם יאָנטעף פון אונזער כאַסענע־טאָג—פייערן איינער אַליין זאַלבעצווייט, מיט אים, מיט מיין בערנאַרדן. ס'אַ ליגן וואָס מענטשן זאָגן, אז געטיילטע פרייד איז טאָפּעלטע פרייד. פרייד קען מען בלויז טיילן מיט דעם, באַ וועמען מ'האָט די פרייד גענומען. (קלינגט סיטיר־גלעקל) ס'מוז זיין ער.

בערנאַרד (מיט בלומען און אַנדערע מאַטאָנעס): איך האָב דיר געבראַכט אַ בעזימל בלומען, מיין זיסלעבן. נישט דאַפאַר ווייל איך האָב ליב בלומען. ד. ה. פיינט האָב איך נישט קיין בלומען. זאָלסט נישט מיינען! נאָר כ'האָב זיי ליבערשט אפן פעלד, אין גאָרטן. דאָרטן וואו זיי קערן. אַן אַפּאַרטמענט־הויז און בלומען

זענען זיך אזוי א פּאָר, ווי לעמאָשל (טראַכט) אַ שוויצבאָד מיט... קאַנאַריקלעך. נישט מער, איך גיי פאַרביי, זע איך בלומען, געלע אַזוינע ווי הינדל־פּיסקלעך, „דזשאַנקילס" רופט מען זיי, דאַכט זיך, אין ענגליש, און דאַכט זיך, אַז זיי מאַכן טאַקע קלאַ־קלאַ (אימיטירט אַ הינדל). טראַכט איך: כאַפּט זיי דער רואך! איכ'ל זיי מיט־נעמען אַהיים, לאָזן זיי זען וואָס פאַר אַ שיין ווייבל איך האָב. לאָזן זיי אויך זען, ווי מיר צוויי פראַוועון דעם ערשטן יאָר־יאָנטעף פון אונזער כאַסענע—שטילערהייט, און דאַווקע אינדערהיים, און אַז מיר זענען זיך נאָך נישט דערעסן. אַ־יאָ, ניין? נו, גיב אַ קוש. און עסן—ס'האַרץ פאַלט מיר אַרויס.

**אַנאַ** (פאַרלוירן): עפּעס דאַרף מען דאָך ענטפערן אַף דיין דראָשע און איך ווייס נישט וואָס. שאַ, איך ווייס שוין: איכ'ל מיך אַרויפשטעלן אַף אַ בענקל (טוט עס) און זאָגן: כאַשעווער מאַן מיינער, ס'איז מיר אַ גרויסער קאָוועד, וואָס איך האָב אַזאַ קלוגן און גוטן מאַן פאַר אַ... מאַן. (ביידע לאַכן) נאָך מער קאָוועד איז מיר, וואָס מיין מאַנס ווייב איז אויך נישט קיין נאַריש ווייבל. דאַריבער וויל איך זאָגן (שפּרינגט אַראָפּ פון בענקל) לאָמיר טאַקע גיין עסן וועטשערע. (דעקלאַמירט) דער וועג צום מאַנס האַרץ איז דורכן בויך. (ווייזט אַף זיין בויך, אַ ביסל צו נידעריק).

**בערנאַרד**: פאָרנאָגראַפיע?

**אַנאַ**: ניין, פּאָעזיע. כאָכמע. ווייסט דאָך, יעדע נאַרישקייט אַז מ'זאָגט ער אַף אַ הויך קאָל, דאַכט זיך אַף אַ מינוט אויס, אַז ס'איז אַ כאָכמע. ווי מיינסטו, בערנאַרד, ס'איז אַן אַפאָריזם? שאַ, מ'קען זאָגן דאָס אייגענע פאַרקערט אויך: יעדע כאָכמע, וואָס מ'זאָגט אַף אַ הויך קאָל, ווערט אַ... נאַרישקייט.

**בערנאַרד**: וואָס־טעביע אַפאָריזמען אין מיטן דערינען. און איך בין הונגעריק ווי אַ בער. (דערמאָנט זיך) ס'איז גוט וואָס איך בין נישט אַבערגלויבעריש, אַז נישט וואָלט איך מיך געשראָקן, וואָס אונזער יאָנטעף פאַלט אויס אין אַ נישט־מאַזלדיקן טאָג—דעם 13טן.

**אַנאַ** (גיט אַ ציטער): דעם דרייצענטן? אוי ווי איז מיר... נאָך אַלעמען, אַז אַ גאַנצע וועלט גלויבט, אַז דרייצן איז אַ שלימאַזל־דיקער נומער, מוז דאָך עפּעס זיין אין דעם.

**בערנאַרד**: גיי, ביזט אַ נאַרעלע. (גיט איר גוטמוטיק אַ פּעטשל) איך וואָלט נאָך געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס איִדן זאָלן האַלטן 13 פאַר אַ שלימאַזלדיקע צאָל—באַ דרייצן יאָר הייבט מען אָן לייגן טפילין און שלעפּן אַף זיך אַ באַרג מיט מיצוועס און אַנדערע כאַזע־רייען. אָבער פאַרוואָס אַמעריקאַנישע קריסטן זאָלן גלויבן אין דעם—

הייב איך נישט אָן צו פאַרשטיין. נאָר מאַלע, קנאַפּ אַבערגלויבנס פאַראַן אַף דער וועלט? אָט גלויבט מען, אַשטייגער, אַז אַ מיניסטער האָט אַ שאַרפן קאָפּ, אַז ראָקעפעלער האָט מער זאָרג ווי אַן אָרימער אַרבעטער, אַז אַ ריכטער איז ערלעכער ווי אַ גאַנעוו, אַז אַ רויבער איז נישט קיין טרוס, אַז אַ דאָקטאָר איז אַ געבילדעטער מענטש... דו ווייסט, אַנאַ, אין אַמעריקע איז פאַראַן אַ גרעסערע צאָל געבילדעטע אַמעראַצים ווי אומעטום. נאָר לאָמיר גיין צום טיש.

(ביידע טוען עס. אַנאַ טוט־אָן אַ פּאַרטוך)

בערנאַרד: וואו איז אונזער שטובמיידל?

אַנאַ: אוועקגעשיקט זי. היינט האָב איך געוואָלט, מיר זאָלן זיין אַליין. אַפילו דעם מאָלצייט האָב איך אויך אַליין צוגעגרייט. און טאָמער שמעקט עס דיר נישט, זאָלסטו סיי ווי סיי זאָגן, אַז סי געפעלט דיר. די זופּ איז אַ ביסל צוגעברענט. מיין מאַמעלע זאָל דאָ זיין, וואָלט זי שוין אויסגעטייטשט, אַז ס'איז כאָלילע אַ שלעכטער סימען.

בערנאַרד: דו ווייסט, אַנעלע, דיין מאַן, ווי דו קוקסט אים אָן, איז אַזאַ ביטערער אַפּיקוירעס, אַז אַפילן אין דעם מיף וועגן שוויגערס גלויבט ער אויך נישט. איך דענק, אַז ס'איז איינע פון יענע נאַרישע באַיקעס, וואָס מענטשן נעמען אָן פאַר קוראַנטער סכוירע—דער רואך ווייסט פאַרוואָס. אַ שוויגער איז דאָך אַ כוץ אַ שוויגער אויך אַ מאַמע, צי ניין? אַ שוועסטער, אַ קינד, אַ פרוי, אַ געליבטע, נאָר אַז מ'רעדט פון שוויגערס שטעלט מען זיך געוויינטלעך פאָר עפּעס אַ מאַכשייפע מיט וואָנטשעס און מיט האָר־ווערצעלעך אַפן פּאָנים.

אַנאַ: נישט מיין מאַמע.

בערנאַרד: עי, נעמסטעך עס טאַקע ערנסט. ווער זאָגט דען, כאָלילע, עפּעס אַף דיין מאַמען, אַף מיין שוויגער? פאַרקערט, איך זאָג בלויז, אַז די וועלט איז פול מיט נאַרישע מאַיסעס. אַ סייכלדיקער מענטש טאָר נישט גלויבן אַלצדינג, וואָס די וועלט זאָגט. (נעמט זי אַרום און צערטלט זי) אָט זאָגט די וועלט, לעמאָשל, אַז וואָס מער מאַן־און־ווייב זענען צוזאַמען, אַלץ מער דערעסן זיי זיך. שעקספּיר אַליין זאָגט—וואָס קען שוין זיין מער ווי שעקספּיר?—שעקספּיר אַליין זאָגט: In propinquity lies dsicontentment.

איז דאָך'ס שעקספּיר—אַ־יאָ? לאָזט זיך אויס ווי מיט יענעם אַפּטייקער: דער סאַם איז טאַקי גוט, נאָר די מייז טויגן נישט, ד. ה. דער אַפּאָריזם איז זיך אַ גאַנץ וואוילער אַפּאָריזם פאַר זיך, נאָר צו אונז

האָט עס נישט. ווי מיינסטו, אַנעלע, מיר זענען זיך שוין דערעסן אַף
טויט? צי נאָך נישט?

**אַנאַ** (אַף קלוימערשט): אַף טויט. אָנקוקן קען איך דיך
נישט. גיי אַוועק פון מיר. (שפּילט טעאַטער) אַהאַ, איך ווייס פאַר־
וואָס דו האָסט מיט מיר כאַסענע געהאַט: צוליב 'מיין געלט, צוליב
דער ירושע. (אַנדערש) צוליב די 2,000 דאָלאַר כויוועס, וואָס דער טאַטע
האָט מיר איבערגעלאָזט—דו זאָלסט באַצאָלן. (ווייַנט קלוימערשט)
איך ווייס, אַז דו ליבסט נישט מיך, נאָר מיין רייכטום. (אַנדערש) שאַ,
האָסט כאָטש פאַרדינט אַ זעכציק דאָלאַר היינטיקע וואָך? גרויסער
לאָיער מיינער. איך האָב שוין באַלד פאַרדינט אַזוי פיל ווי דו.
(זיס) גיב מיר אַ קוש, טייערינקער. אָט־אַזוי. אַז דו וועסט קושן,
וועסטו כאָטש נישט פילן ווי די זופּ איז פאַרברענט. (לויפט אַוועק.
קומט באַלד קריק) די זופּ האָט איין מאַילע: זי איז ווייך. וועגן
פלייש קען מען דאָס שוין נישט זאָגן, זעסטו. (לאָזט אַראָפּ אַ מעסער.
גיט אַ ציטער) אוי, ווי איז מיר.

**בערנאַרד**: וואָס איז?

**אַנאַ**: איך האָב אַראָפּגעלאָזט אַ מעסער.

**בערנאַרד**: אַ נייער אומגליק אַף אידן—זי האָט אַראָפּגעלאָזט
אַ מעסער. (הויבט עס אויף) אָט האָב איך שוין אויפגעהויבן ס'מעסער
און שוין א ו י ס אומגליק.

**אַנאַ**: ניין, דו פאַרשטייסט נישט. סי גייט נישט אין דעם.
איך האָב מוירע, אַז מירן זיך מוזן קריגן.

**בערנאַרד** (שפּאַסיק): טאַ־קע? מירן זיך מוזן? ווער'ט
אונז נייטן? מ'עט אונז שיקן אַן עקזעקוציע מיר זאָלן זיך קריגן?

**אַנאַ**: דו לאַכסט. אָבער בא מיר איז'ס נישט קיין געלעכטער.
מער פעלט אונז נישט, נאָר אַז מיר זאָלן זיך היינט כאַלילע קריגן.
אַ יאָר האָבן מיר אָפּגעלעבט צעזאַמען און זיך קיינמאָל אַפילע
נישט דורכגעווערטלט, און אַקוראַט היינט צום שלימאַזל. נישט אומ־
זיסט איז היינט דער דרייצענטער.

**בערנאַרד**: ממאָנעפשעך, אויב ס'איז נישט געווען קיין אומ־
גליק מיט מיר כאַסענע צו האָבן דעם דרייצענטן, איז דאָך אַוואַדע
נישט קיין אומגליק צו פּראַווען דעם יאָנטעף פונקט מ'דרייצענטן.

**אַנאַ** (אומרואיק): ווער זאָגט דען? דו הייבסט שוין אָן!
איך זאָג דען עפּעס וועגן דרייצענטן? איך זאָג בלויז וועגן מעסער.

**בערנאַרד** (הערט־אויף עסן): וואָסי דען מיטן מעסער? שוין
אויך עפּעס אַן אַבערגלויבן?

אַנאַ (אַלע מאָל ערנסטער): דאָס איז שוין גאָר נישט קיין אַבערגלויבן, מיין טייערער. די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז מ'לאָזט אַראָפּ אַ מעסער באַם עסן, מוז מען זיך קריגן.

בערנאַרד: אַזוי? די גאַנצע וועלט ווייסט? אָט בין איך אויך אַ טייל פון דער וועלט און איך הייב נישט אָן צו וויסן דאָפון. איך הער עס ס'ערשטע מאָל.

אַנאַ (וויל זיך מאַכן האַרץ): מיילע. סי דאָך נאַריש גערעדט. איך ווייס דען נישט, אַז מיר האָבן זיך נישט צוליב וואָס צו קריגן? ווי לאַנג קענען מיר זיך שוין? פיר יאָר? און אַז מיר האָבן זיך שוין ביז היינט נישט געקריגט, וועלן מיר זיך שוין ווייטער אַוואַדע נישט קריגן. נאָר די וועלט זאָגט אָבער פאָרט—

בערנאַרד (דענערווירט): די וועלט זאָגט! די וועלט זאָגן! ווער איז עס די וועלט, וואָס טראַכט אויס אַזוינע נאַרישקייטן? האָ־טענטאָטן מיסטאָמע.

אַנאַ: איז שוין מיין מאַמע, הייסט דאָס, אַ האָטענטאָטקע?

בערנאַרד (ווייסט נישט וואָס סיאיז געפאַלן אַף אים): ווער האָט דען געזאָגט, אַז דיין מאַמע איז אַן האָטענטאָטקע?

אַנאַ: ווער סי זאָגט? דו זאָגסט! דו זאָגסט דאָך, אַז נאָר האָטענטאָטן קענען דאָס זאָגן. ווי זשע איז דען דין, אַז איך האָב דאָס אַליין געהערט פון מיין מאַמעלעס מויל? וואָס'ט איצט זאָגן?

בערנאַרד (פילט, אַז סי דערנענטערט זיך אַ קאַטאַסטראָפע): וואָס זאָל איך זאָגן, וואָס? איך זאָג בלויז, אַז מ'דאַרף טאַקע עפּעס זיין עפּעס מיט הערנער צו גלויבן, אַז אַ מעסער איז אַ נאָווי. מיר האָבן גענוג נוויאים אין שטריימלעך, אין ספּאָדיקעס, אין גאַלאָכישע היטלעך. אָבער אַ פּראָסטער בלעכן מעסער זאָל זיין אַ נאָווי, דאָס הער איך ס'ערשטע מאָל.

אַנאַ: ווידער דאָס הערט ער ס'ערשטע מאָל. איך זאָג דאָך דיר, אַז מיין מאַמע האָט עס מיר געזאָגט.

בערנאַרד: אַי, כ'בעט דיך, לאָמיך געמאַך מיט דיין מאַמען. כ'האָב כאָלילע גאָרנישט צו איר—זאָלסט נישט מיינען. כ'האָב זי ליב ווי מיין לעבן. נאָר אַז זי רעדט נאַרישקייטן, זאָלסטו מיר מוילל זיין.

אַנאַ: ווער רעדט נאַרישקייטן?

בערנאַרד: נו, ווער רעדט נאַרישקייטן? אַלטע ווייבער רעדן נאַרישקייטן.

אַנאַ: מיין מאַמע איז נישט קיין אַלטע פרוי. זי איז נאָך נישט קיין פּופּציק.

בערנאַרד: אָלרייט. איז רעדן יונגע ווייבער נאַרישקייטן.
אַנאַ: דאָס מיינסטו מיך?
בערנאַרד: כ'בעטיך זייער, וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט? ווער האָט דען צו דיר עפּעס? איך רעד בלויז פון דיין מאַמען.

אַנאַ: איז זאָגסטו טאַקע, הייסט עס, נאָכאַמאָל, אַז מיין מאַמע איז אַ האָטענטאָטקע?

בערנאַרד: האָטענטאָטקע, שמאָטקע. טאָמער האָב איך מיך ארויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט האָטענטאָט — זע נאָר וואָס דאָ טוט זיך. זע נאָר ווי מ'האָט זיך צעיאַכמערט.

אַנאַ: בין איך דיר, הייסט דאָס, שוין אַ יאַכנע אויך? דאָס געפעלט מיר. איך בין אַ יאַכנע, נאָר ער איז אַ פּערפעקטער דזשענטל־מאַן.

בערנאַרד (דרייט זיך ווי אַ וואָרעם): געוואַלט, וואָס וויל פון מיר דאָס מענטש? איך האָב נישט געזאָגט יאַכנע—איך האָב געזאָגט צעיאַכמערט, ניש צעיאַכנעט. אַז דו קענסט קיין אידיש נישט. אַבי זי גלויבט אין אַלע נאַרישקייטן, וואָס איר מאַמע זאָגט.

אַנאַ: מיין מאַמע איז צו יעדער צייט נאָך אַזאַ כאַכיימעס ווי דיין מאַמע.

בערנאַרד: דו הייבסט שוין אָן אריינצומישן מיין מאַמען. הייבסט שוין אָן טאַקע מיט יאַכנישע שטיק.

אַנאַ: דיין מאַמע איז אַליין אַ יאַכנע, און נישט נאָר אַ יאַכנע, נאָר אַ קושעניר׳קע. מיינסט איך וויים נישט, וואָס דער גראָסערימאַן זאָגט אַף דיין מאַמען?

בערנאַרד (מיט צעפּלאָמטע אויגן): וואָס זאָגט ער אַזוינס, ד'ער גראָסערימאַן?

אַנאַ: וואָס ער זאָגט זאָגט ער. און ער איז נישט איינער, דער בוטשער זאָגט דאָס אייגענע.

בערנאַרד: וואָס זאָגט אַזוינס דער בוטשער?

אַנאַ: דער בוטשער איז נישט דער איינציקער. דער לאָנדריי־מאַן זאָגט אויך דאָס אייגענע.

בערנאַרד (מיטן מעסער אין האַנט): הער־זשע וואָס איכ'ל דיר זאָגן, מיין ווייבעלע. ס'וואָלט זיך מיר זייער נישט געוואָלט צוליב טאָן דעם־אַ כאַזערשן בלעכענעם מעסער און זיך קריגן צוליב אים. נאָר זאָגן מוז איך דיר, מיין טייער ווייבעלע, אַז אויב דיין מאַמע האָט דיר אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אריין אַזוינע נאַרישקייטן—

קען מען טאַקע אַנדערש נישט טראַכטן וועגן איר נאָר אַז זי איז אַן אַלטע בעהיימע.

**אַנאַ:** און דיין מאַמע איז אַ — גאַנעוווּטע.

**בערנאַרד:** מיין מאַמע אַ גאַנעוווּטע? שלעפּל וואָס דו ביזט! פאַרשיווע צויג. איך שפּאַלט דיר מ׳קאָפּ.

(שאַרט אין גאַנג אַראָפּ דאָס טישטוך. סיהערט זיך אַ בראָך פון טעלער. ער נעמט זי וערגן).

**אַנאַ:** אוי־ מאַ־מאַ־לעך!

פאָרהאַנג

# לאַכן איז געזונט

העשל.
בערל.
דר. קובעבי.
דר. לאַקריץ.

אַ שפּיטאָל. אויפשריפט: „ניוראָלאָגישע אָפּטיילונג".
(ביידע דאָקטוירים אין קאָנסולטאַציע)

קובעבי: וואָס מאַכט דער פּאַציענט אין צימער נומער 16?

לאַקריץ: זייער קראַנק... נאַטירלעך... די הויפּט־זאַך איז, וויסנזי, אַ נאָמען פאַר דער קראַנקהייט. עפּעס אַ שיינער נאָמען, וויסנזי. ס'איז אַ רייכער פּאַציענט.

קובעבי: וואָסאַראַ נאָמען! צוערשט דאַרף מען וויסן וואָס דאָס איז.

לאַקריץ: נון, נאַטירלעך. דיאַגנאָזע. אָבער איך האָב אַ זייער פיינעם נאָמען. מאַסטאַניאַ גראַוויס. געפעלט עס איהנען? מאַסטאַניאַ גראַוויס. קאָלאָסאַל.

קובעבי: וואָס פאַר אַ מאַסטאַניאַ גראַוויס, אַז יענער ליידט גאָר פון אַ האַרצקראַנקהייט.

לאַקריץ: אויב אַזוי, דאַרף מען אָפּערירן. הערנזי, וויפיל האָט דער פּאַציענט?

קובעבי: 102½.

לאַקריץ: איך מיין... וויסנזי.

קובעבי: אָ, דאָס מיינט איר? מי זאָגט, אַז ער איז אָנגע־שטאָפּט מיט געלט.

לאַקריץ: קאָלאָסאַל! אויב אַזוי, אָפּערירן וויר אים... (טראַכט) מינדעסטנס אויף אַפּענדיסיט.

קובעבי: ער האָט דען אַפּענדיסיט?

לאַקריץ (בייזלעך): וואָס ווייס איך? מ'עט אויפשניידן, וועט'ן זען.

קובעבי: איך ווייס? ווי איר ווילט. נאָר מיין מיינונג איז, אַז ער ליידט פון אַ האַרצקראַנקהייט.

לאַקריץ: מיינונג, שמיינונג! איר, רוסישע יודן, קומט באַלד צוגיין מיט מיינונגען. דאָ איז אַ האָספּיטאַל—נישט קיין פּאַרטיי.
קובעבי: כ'דענק אָבער...
לאַקריץ: אַלזאָ אָפּערירן וויר אים. מינדעסטנס אַף אַפּענדי־סיט. (טראַכט) אַף קאַנסער וואָלט געווען בעסער,—נאַטירלעך קאַנ־סער איז אַ סאַך טייערער. אָבער ס'איז אַ ביסל אַ ריזיקע.
קובעבי: אַז ער לײדט גאָר פון אַ הארצקראַנקהייט.
לאַקריץ: הערסטו, דאָס איז יאָ זיין מאַזל, ווען ער זאָל נישט ליידן פון הארצקראַנקהייט, וואָלט איך אים שוין לאַנג אָפּערירט אַף 800 דאָלאַר—כ'מיין אַף קאַנסער. (טעלעפאָן קלינגט) וואָס? האָ? טאָט? דער פּאַציענט פון צימער נומער 16 איז טאָט? וואָס? געשטאָרבן פון הארצקראַנקהייט. אַך זאָ! קאָלאָסאַל! (צו קובעבין) אַלזאָ גוט. דער פּאַציענט איז טאָט. נון, גייען וויר וויטער. אַלזאָ. (זוכט. דערזעט די צוויי פּאַציענטן): אימער פון דעם פּיער?
קובעבי: יעס, שטאַרק איבערגעשראָקן. מעלאַנכאָליש.
לאַקריץ: אַך זאָ, קאָלאָסאַל! (צו העשלען) נון, אויסציהען!
העשל (ציט זיך אויס).
לאַקריץ: אויסציהען!
העשל: איך קען מיך נישט לענגער אויסציען, הער דאָקטאָר.
לאַקריץ: ציהען זי זיך אויס. זאָ. (ווייזט ער זאָל זיך אויס־טאָן) אויסציהען!
העשל (טוט עס): אַז איר זאָגט אויסציהען, דאָקטאָר מיינט איר דאָך אויסטאָן—טאָ וואָס־זשע זאָגט איר אויסציהען? האָ? (טוט זיך אויס).
לאַקריץ: אָטעמען זי דורך דער נאַזע.
העשל: איך קען נישט אָטעמען דורך דער נאָז, ווייל איך האָב אַ קאַטאַר.
לאַקריץ: אָטעמען זי אַלזאָ דורכן מונד!
העשל: דורכן מויל קען איך אויך נישט, הער דאָקטאָר, ווייל איך האָב אַ לעכל אין אַ צאָן.
לאַקריץ: קענען זי איבערהויפּט ניכט אָטעמען?
העשל: איבערהויפּט — ק ע ן איך, נאָר נישט דורך דער נאָז. דורכן מויל איז מיר אויך שווער.
לאַקריץ: אַלזאָ גוט. אָטעמען זי אינגאַנצן ניכט!
העשל: אינגאַנצן נישט אָטעמען, קען איך אויך נישט, הער דאָקטאָר. ווייל—
לאַקריץ: אַלזאָ אָטעמען זי.

העשל: אָלרייט.
לאַקריץ: ציילן זי איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי.
העשל: ס'איז אַ טו־סטעפּ?
לאַקריץ (טאַפּט ים אין די קעשענעס): וואָס האָבן זי היר?
העשל: גאָרנישט. אַ טייסטערל.
לאַקריץ: מיט געלט?
העשל: מיט וואָדען?
לאַקריץ: קאָלאָסאַל!
העשל (כאַפּט זיך בײַ דער זייט): אוי, סי שטעכט! (טרויעריק) שוין איבער אַ וואָך אַז איך האָב נישט צוגעמאַכט קיין אויג, דאָקטאָר. באַנאַכט זע איך שרעקלעכע כאַלוימעס. און אַלצדינג טוט מיר וויי...
לאַקריץ: לאַכן זי!
קובעבי (וועלכער האָט די גאַנצע צייט אונטערזוכט בערלען, זאָגט קימאַט אין דער זעלביקער צייט): איר מוזט לאַכן.
בערל: אָבער ווי אַזוי קען איך לאַכן, דאָקטאָר? אַז איך לייד נישט פאַר אייך געדאַכט, אַזוינע יסורים.
קובעבי: מיין פריינט, דאָס איז די איינציקע רפוא. לאַכן זי! לאַכן איז געזונט.
העשל (צו לאַקריץ): גיי לאַך, אַז איך האָב איבערגעלאָזט אינדערהיים אַ קראַנק ווייב, מיט פיר קליינע קינדער. און איך בין שולדיק דריי כאַדאָשים דירע־געלט.
לאַקריץ (גרינג): דאָס מאַכט ניכט. דאָס מאַכט ניכט. נור אימער לאַכן, וויסנזי.
העשל: (פּריפּט לאַכן מיט גרויס אָנשטרענג).
בערל (זייער פּאַטעטיש): נו, מיילע, אַז דער דאָקטאָר הייסט.
(פּריפּט לאַכן, ווי מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלז)
קובעבי: נו, גודביי... און פאַרגעסט נישט לאַכן.
לאַקריץ: אַדיע! אונד לאַכן זי.
העשל (לאַכט־אויף קימאַט ווילד).
לאַקריץ: ניכט זאָ. וויסענזי. אַ ביסעלע זאָ... (ווייזט אים ווי אַזוי).

(ביידע דאָקטוירים אָפּ)

העשל: איז מוז מען, הייסט דאָס, לאַכן. אוי וויי איז מיר... דער אָטעם... דער אָטעם... (קרימט זיך) קען נישט כאַפּן דעם אָטעם.
בערל: כ'פיל עפּעס אַזאַ נישט־גוטקייט, אַזוי ווי צום כאַלעשן. אוי! עפּשער אַ לאַך טוען? האַ?
העשל: מיר'ן פּרוּוון.

(ביידע זעצן זיך אויף. אָטעמען שווער. עמיצער ברענגט אַריין צייטונגען)

העשל: א היינטיקע צייטונג?

בערל: וואָסערע היינטיקע צייטונגען? היינטיקע צייטונגען לייענען די שפּיטאָל־באַאמטע אַליין. אונז גיט מען צייטונגען פון פאר צוואַנציק יאָרן.

בערל: אַלץ איינס, וואָס איז דער כילעק? אבי נייעס.

העשל (לייענט): קעפּטען דרייפוס פארשיקט אָפן טייוולס אינזל. (צו בערלען) ער האָט זיך נישט ארויסגעדרייט.

בערל: ווער?

העשל: דרייפוס, נעבעך.

בערל: ס'איז מוז שוין זיין אַן עלטערע צייטונג.

העשל: וואָס איז דער כילעק? די צאָרע, צי אַן אנדערע? א צייטונג איז דאָך בלויז געמאַכט געוואָרן אָף ארויסצונעמען מענטשן די נעשאָמע. גיסט א קוק אין צייטונג: געשאָסן, געשטאָכן, געהאַר־געט. קיין גוטע נייעס הערט מען קיינמאָל נישט. (טראַכט) מ'זאָל אַמאָל געבן א שטיקל נייעס, לעמאָשל, אַז א איד איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי, זיך אָנגעטאָן, אָפּגעטרונקען קאווע, אוועק אין שאָפּ אריין, א געזונטער, א פרישער. און קיין זאַך האָט נישט פּאַסירט מיט איס. דאָס נישט! כאָטש דער סייכל איז מיסכאַיעוו, אַז דאָס איז אויך א נייעס! ווארום אַז מי גייט פארביי, אַשטייגער, בראָדוויי און צוויי־און־פערציקסטע גאַס און מי ווערט נישט איבערגעפאָרן, איז מער כידעש, ווי אַז מי ווערט יאָ איבערגעפאָרן. ווי מיינסטו, בערל?

בערל: זע נאָר דאָ, כ'בעט דיך. א מאָדנע שטיקל נייעס! כאַנע אויערבאַך, פון 33 וועסטערן פּאַרקוויי, האַלט אין פאַלן פון 18טן שטאָק. ווען מיר שרייבן דיזע נייעס, האַלט זי נאָך אין פאַלן. אונזער רעפּאָרטער האָט נישט געקענט וואַרטן ביז זי וועט זיין אינ־גאַנצן אונטן, ווייל אונזער צייטונג האָט זיך געאיילט צו גיין צום דרוק. לויט ווי אונזער רעפּאָרטער גיט איבער, פאַלט זי נאָך דערווייל זייער גוט. און אויב זי וועט זיך נאָר נישט שעדיקן, ווען זי וועט ארונטערקומען העט־אונטן, איז נישטאָ קיין שום געפאַר".

העשל (וויל לאַכן, כאַפּט זיך באַם זייט): אוי וויי איז מיר. סי שטעכט.

בערל: און מיך איבלט אַזוי. נישט פאַר דיר געדאַכט, נאָר צום כאַלעשן.

**העשל:** לאך א ביסל, עפשער וועט דיר ווערן א ביסל בעסער.

**בערל:** כ'ל פּרוּוון. (טוט עס. פויזע).

**העשל** (לייענט): א גרויס פייער אין עסעקס סטריט, דרייצן מענטשן פאַרברענט. קינדער געוואָרפן פון די פענצטער... (צו בערלען) אוי ווי איז מיר. קינדערלעך נעבעך! (לאַכט) כאַ־כאַ... אוי, כאַ־כאַ. נו, לאַך!

**בערל:** וואָס קען מען זיך העלפן?

**העשל:** א מעשוגענער הונט בייסט זעקס מענטשן. א פּאָליסמאַן וויל שיסן דעם הונט און טרעפט א פאַרבייגייער. א קאַר פאָרט איבער א פרויס האַנט. זי איז טויט, נאָר איר בראַנזלעט־זייגערל גייט אַף דער טויטער האַנט... כאַ־כאַ־כאַ...

**בערל:** אוי, ווי, אַלץ אַף דעם מענטשן נעבעך. כאַ־כאַ־כאַ.

**העשל:** א מעשוגענער הונט בייסט זעקס מענטשן, אַלע זענען אין גרויס געפאַר. א פּאָליסמאַן וויל שיסן דעם הונט און טרעפט א מענטשן. כאַ־כאַ־כאַ. נאָר מעשוגע צו ווערן וואָס דאָ טוט זיך!

**בערל:** כאַ־כאַ. ס'איז א שיינער אומגליק!

**העשל** (לייענט ווייטער): א פּאָגראָם אַף אידן אין רומעניע. הונדערטער אידן אויסגעשאָכטן. די כוליגאַנעס האָבן אויפגעשניטן די בייכער בא שוואַנגערע פרויען און אריינגעשלאָגן טשוועקעס אין די אויגן. בא אַן אַלטן סטאָליר האָבן זיי ארויסגעריסן די צונג. (היסטעריש) אוי, אוי... כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ.

**בערל** (אין נישט־גוטקייט): אוי, אוי, כאַ־כאַ־כאַ... ריבוינע־שעלוילעם! כאַ־כאַ. ווי אַזוי לעבט מען דאָס איבער? גוואַלד... גוואַלד... ג וו א ל ד... ווי אַזוי לעבט מען דאָס איבער! (שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט) כאַ־כאַ־כאַ... כאַ־כאַ־כאַ...

**לאַקריץ** (קומט אַריין, הערט זיך אונטער): אך זאָ, די לאַיטע לאַכן. אויב אַזוי איז גוט. לאַכן איז געזונט.

פ אָ ר ה אַ נ ג

# נ י ש ט אָ  י אָ ס ל

(אַ אידענע דערציילט)

.... האַקיצער, ס'איז דאָך אַמעריקע! מ'ווייסט עפּעס? דאָ בויעט מען דאָך אויף אין דריי טעג ס'גרעסטע הויז פון זעכציק שטאָק. און אַז אַ מענטש לעבט נאָך, באַגראָבט מען אים שוין און מ'פּאַרט שוין צו דער לעוואַיע. ס'איז דאָך אַמעריקע! האַקלאַל, גיב איך אַ קוק, נישטאָ יאָסל, נישטאָ! אויסגערונען געוואָרן.

וואוהין האָט געקענט אַהינקומען מיין יאָסל? אָט ערשט איז ער דאָך געווען—דער ווייסערבעוורעניק. האָט געשלעפּט די קאָץ פאַרן עק, און אונטער די הענט! אונטער די הענט!

פאַלט מיר איין, כ'וועל אַרויפגיין צו מיין שלוימען אין נאָרפאָלק סטריט, אַפן דריטן פלאָר, עפּשער איז ער דאָרטן. איך קריך אַזוי אַף די טרעפּ. און פינצטער איז און די גאָז ברענט נישט — זע איך, ווי עמיצער קומט אַנטקעגן, גייט אַזוי שטיל איך זאָל נישט דערהערן—וויל זיך אַפּאָנים אַרויסמאַכן. איך צינד אָן אַ שוועבעלע און גיב אַ קוק—נישטאָ יאָסל.

נישטאָ יאָסל! — שלעכט. וואָס טוט מען? פאַלט מיר איין, איכ'ל אַרויסגיין אין סטריט, עפּשער, איך ווייס — אַ לויפער, אַ וואַגאַבונדיק. עפּשער מיט אַנדערע אינגלעך. איך קום נאָר אַראָפּ אונטן — איך זע עפּעס אַ געשלעג צישן צוויי באָיטשיקלעך און מענטשן שטייען אַרום און אין אַ רעדל און מ'האָט האַנאָיע. איינער פון זיי איז גוט צעקיילט, סי רינט אים בלוט פון דער נאָז, נאָר אָפּטרעטן וויל ער נישט.

זאָג איך: אידן, וואָס שווייגט איר? וואָס שטייט איר און קוקט צו, ווי קינדער שלאָגן זיך? זאָגן זיי: וואָס דען זאָלן מיר טאָן? מיר האָבן דען בענקלעך זיך אַנידערצוזעצן? אַזוי־אָ, מיט די רייד. לויף איך שוין אַליין צו און וויל זיי צערייסן, איך גיב מיר אַזוי אַ קוק אַף דעם אינגל מיטן צעבלוטיקטן נעזל — ס'איז נישט יאָסל.

שלעכט! וואָס טוט מען? זאָגט מען מיר, איך זאָל אַריינגיין אַדווערטייזן אין אַ פּייפּער. גיי איך אַריין אַדווערטייזן אין אַ פּייפּער. כ'גיב אַ קוק, עפּעס אַ באָיטשיקל פליט אַרויס מיט אַ פּאַק פּייפּערס

אונטערן אָרעם און שרייט: „עקסטרא״ — פאַלט מיר איין, איך זאָל אים נאָכלויפן. לויף איך. אָבער ווי אַזוי קען איך לויפן אַזוי שנעל ווי ער? דערזע איך אַ טעקסי־קעב, כאַפּ איך מיך אריין און זאָג צום דרייווער: מיסטער, לויפט נאָך דעם באָיטשיקל. זאָגט ער: וואָס איז? זאָג איך: איך׳ל דיר שפּעטער זאָגן וואָס ס׳איז, דערווייל, זאָג איך, לויף, איידער דאָס באָיטשיקל אַנטלויפט.

האַקלאַל, מיר פליען הענדום־פּענדום, שיר איבערגעפאָרן אַ מענטשן צום גוטן יאָר. שטעלט ער זיך אַוועק קריגן: „וואָס פליט איר ווי משוגאָאים?״ אַזוי־אָ. זאָג איך: מיסטאָם אַז מי פליט דאַרף מען פליען. וואַרטס דאָ אויס אַ פּאָר מינוט, זאָג איך, וועל איך קריקקומען זיך קריגן מיט אייך. איצט, זאָג איך, האָב איך קיין צייט נישט. האַקלאַל, דאָס באָיטשיקל לויפט דערווייל און באַיטש אף אַ בערגל קאַלך, וואָס ליגט לעבן אַ הויז וואָס מ׳האַלט איז בויען, און פאַרשמירט זיך און צעשיט די פּייפּערס. לויפט — און מיר נאָך אים — מיטן אָטאָמאָביל. קוים מיט צאָרעס אים געכאַפּט, אים אריימגענומען אין שטוב אריין און ארומגעוואַשן — ערשט איך גיב אַ קוק — ס׳איז נישט יאָסל.

(דערזעט עמיצן אין פּובליקום)

אָט איז ער, מיין יאָסל. אין טעאַטער גאָר. אַזוי ווי ס׳האַרץ וואָלט מיר געזאָגט. (וויל זיך לאָזן אַראָפּ פון בינע. הערט זיך אַ געשריי: „איך וועט אַראָפּפאַלן, מיסעס, וואוהין קריכט איר?״) האַלט אים צו, כבעטייך, ער׳ט נאָך אַנטלויפן, ווי איז מיר. אַזאַ שייגעץ, ערשט געשלעפּט די קאַץ פאַרן עק און—ברענגט אים אַהערצו.

(מיברענגט אים)

ניין... ס׳איז נישט יאָסל...

פּ אָ ר ה אַ נ ג

# אַ מאַמעס אַ קינד

(לויט אַווערטשענקאָס אַ מאַיסע)

הער ליבערמאַן — ביידע עלטערע בורזשויען.
פרוי
עני, זייער דינסט.
סעמי (די „בייבי״).

עני (גרייט אַ טישל): מ׳קען דאָ מעשוגע ווערן. נישט קיין קינד, נישט קיין רינד.

פרוי ליבערמאַן: ביזט שוין ווידער בייז, עני?

עני: ווען בין איך דען געווען נ י ש ט בייז?

פרוי ליבערמאַן: סי געפעלט דיר נישט בא אונז?

עני: עץ געפעלט מיר. נאָר וואָס קומט ארויס — ס׳איז דאָ סקוטשנע.

פרוי ליבערמאַן: און א ו נ ז איז דאָ פריילעך?

עני: מיילע, עץ מוזץ! עץ זענץ רייך, מוזט עץ זיין אין קאָנטרי, און האָבן אַ שיינע היים, מוז ענק זיין סקיטשנע. אָבער ע ך מוז מיך דאָ נישט מוטשען. עך בין, דאַנקען גאָט, אַ דינסט־מיידל.

פרוי ליבערמאַן: באַלד־באַלד, עני, וועט דאָ ווערן פריילעך.

עני (קוקט אַף איר): טאַקע?

פרוי ליבערמאַן: ניין, נישט דאָס וואָס דו מיינסט. (פויזע) מיר וועלן צונעמען אַ פרעמד קינד. מיר האָבן שוין אריינגעשטעלט אַן אַנאָנס אין צייטונג.

עני: נו, געלויבט איז גאָט. טאַקע, וויפיל איז דער שיר נישט צו האָבן קיין קינדער?

פרוי ליבערמאַן: נו, ריר זיך שוין, עני, מר. ליבערמאַן וועט באַלד קומען פון שטאָט.

עני (געניצט): אָט גאַי עך.

פרוי ליבערמאַן: אַ ביסל שנעלער.

עני (געניצט): סי ברענט דען?

הער ליבערמאַן (דערשיינט): סי ברענט נישט? דו וואַרטסט סי זאָל ברענען? דאָס דערמאָנט מיך אָן אַ געשיכטע. (צו דער פרוי) העלאָ, מאַמעלע, וואָס מאַכסטו?

ענני (שטעכט זיך אַ צאָן) : עץ האָצעך עפּעס געוואָלט דערציילן אַ געשיכטע.

הער ליבערמאַן : קעגן דעם, וואָס זי זאָגט ברענען. אַנומלט איז צו אונז אין אָפּיס אַריינגעלאָפּן אַ מאַן אַ פאַרסאַפּעטער, קוים וואָס ער האָט געאָטעמט. „דאָ איז דער ריעל עסטייט און אינשורענס־אָפּיס?" „דאָ". „איר גיט פייער אינשורענס פּאָליסים? גיט זשע מיר, מאַכט ער, אַ פייער אינשורענס פּאָליסי אויף פופצן טויזנט דאָלאַר. אָבער האַרי־אַפּ, איך האָב קיין צייט נישט". קוק איך אים אָן און גיב אַ מאַך, „וואָס איז אַזוי די אייַלעניש אויף אייך, מיסטער, סי ברענט דען?" „אוואדע", מאַכט ער, „ברענט. וואָס־זשע דען", זאָגט ער, „בין איך געקומען צולויפן?" כאַ־כאַ.

פרוי ליבערמאַן : כאַ־כאַ. דאָס איז קאָמיש. (צו עניין) נו, גיי שוין, ענני, גרייט צו נאַכטמאָל. וואָס שטייסטו?

ענני : סי ברענט דען? (אָפּ. לאַנגזאַם).

(פּויזע. ליבערמאַן זעצט זיך צום טיש. טרינקט טיי)

פרוי ליבערמאַן : האָסט אַריינגעשטעלט דעם אַנאָנס?

ליבערמאַן : אַריינגעשטעלט. אָט איז ער (לייענט פון אַ צייטונג).

פרוי ליבערמאַן : אַנו, לייען איבער.

ליבערמאַן (לייענט) : אַן עלטער פּאָר פאָלק, אָן קינדער, רייך, באַוואוינען אַ שיין הויז אויפן לאַנד, זוכן צו אַדאָפּטירן אַ קינד. גוטע היים געזיכערט. שרייבט אָדער טעלעגראַפירט. ליבערמאַן און אַזוי ווייטער.

פרוי ליבערמאַן : סי זאָל זיך כאָטש עמיצער אָפּרופן.

ליבערמאַן : איך האָף אַזוי. (לידיש) מיט איין האַנט בענטשט גאָט, מיט דער אַנדערער שטראָפט ער. וואָס קומט אַרויס, וואָס מיר זענען רייך, האָבן אַ גרויסן נאָמען, בין פּרעזידענט פון אַ שול, אָנגעזען בא מענטשן—אַז קיין קינד איז נישטאָ.

פרוי ליבערמאַן : וואָס קען מען טאָן, אַז גאָט וויל נישט. אוואדע ווען גאָט זאָל אונז געוועזן געבן אַ קינד...

ליבערמאַן : אַ שטוב אָן קינדער איז ווי אַ וואַלד אָן פייגל. סי גרינט דער וואַלד און קיינער פרייט זיך נישט. סי וויאַנעט דער וואַלד און קיינער טרויערט נישט.

פרוי ליבערמאַן : וועסט זען, עמיצער וועט זיך אָפּרופן אויף אונזער „עד". ס'האַרץ זאָגט מיר.

ליבערמאַן : גיי, נאַרעלע. דו מיינסט ס'איז אַזוי גרינג פאַר אַ מאַמען אוועקצוגעבן אַ קינד?

ענִי: דער מעסענדזשער־בּאָי האָט געבּראַכט אַ דעפּעשע פאַר אייך.

ליבּערמאַן: אַ טעלעגראַמע? פון וועמען קען דאָס זיין? איך האָב דאָך אָנגעזאָגט אין אָפיס, אַז מי זאָל מיך נישט באַלעסטיקן מיט געשעפט־זאַכן. (לייענט, אַנטציקט) ס'איז פון אַ מאַמען, וואָס שיקט אהער איר קינד.

פרוי ליבּערמאַן (לייענט): איך האָב געלייענט אייער עד. איך שיק אייך מיין קינד. פליז, גיט אַף אים אַכטונג. ער ליידט אַף די ציין.—מרס. באָבראָווסקי.

ליבּערמאַן (נאַכעסדיק): נו?

פרוי ליבּערמאַן: ס'איז עפּעס צו גוט, סי זאָל זיין עמעס.

ליבּערמאַן: זעסט דאָך אָבער.

פרוי ליבּערמאַן: ס'קינד ליידט נעבעך אַף די ציינדלעך, סי קען זיין, אַז ס'שניידן זיך אים ערשט ציין, ווי איז מיר! (וויינט קימאַט).

ליבּערמאַן: נו, ס'איז גאָרנישט. ס'איז גאָרנישט. יעדן קינד שניידן זיך ציינדלעך. ס'וועט אַריבּערגיין, נאַרישע מאַמע וואָס דו ביזט. (צעטומלט פון פרייד, וויל טאָן איין זאַך, טוט אַן אַנדערע). נו, איז ע... שאַ, האַ? מ'דאַרף גאָר אַריבּערשיקן צו מילערן אין סטאָר אַריין איינקויפן זאַכן פאַרן קינד—

פרוי ליבּערמאַן: פאַרגעס נישט אַ בעטעלע.

ליבּערמאַן: מיר'ן מאַכן אַ צעטל. (פאַרשרייבּט) אַ בעטעלע.

פרוי ליבּערמאַן: און אַ זיידן קאָלדרעלע.

ליבּערמאַן (פאַרשרייטב): זיידן קאָלדרעלע.

פרוי ליבּערמאַן: ווער ווייסט, צי ס'איז אַ אינגעלע צי אַ מיידל?

ליבּערמאַן: מיסטאָמע אַ מיידעלע.

פרוי ליבּערמאַן: פון וואַנעט ווייסטו, אַז אַ מיידעלע?

ליבּערמאַן: איך ווייס? אויב נישט קיין מיידעלע, איז מיס־טאָמע אַ אינגעלע. וואָס איז דער בילעק? אַ קינד איז אַ קינד.

פרוי ליבּערמאַן: און איך וואָלט בעסער געוואָלט סי זאָל זיין אַ מיידעלע.

ליבּערמאַן: נו, גוט, דיר צוליב וועט עס זיין אַ מיידעלע. שאַ, וואָס נאָך דאַרף מען?

פרוי ליבּערמאַן: איך ווייס? אַ ביינערן רינגעלע פאַר די ציינדלעך.

ליבּערמאַן (פאַרשרייבּט): אַ ביינערן רינגעלע.

פרוי ליבערמאַן: און אַ קלאַפּערל.

ליבערמאַן (פאַרשרייבט): און אַ קלאַפּערל.

פרוי ליבערמאַן: און אַ ליאַלקעלע.

ליבערמאַן (פאַרשרייבט): און אַ ליאַלקעלע. נו, לאָז זיין דערווייל גענוג. (רופט) עני!

עני (דערשיינט, גענצט): איר ווילט עפּעס?

ליבערמאַן: לויף אַריבער, עני, צו מילערן אין סטאָר אריין און ברענג די אַלע זאַכן, וואָס זענען דאָ פאַרשריבן (גיט איר ס׳צעטל).

עני: וואָס איז דאָ פאַרשריבן?

ליבערמאַן: גיי שנעלער, פרעג נישט.

עני: סי ברענט דען?

פרוי ליבערמאַן: זאַכן פאַרן קינד—וואָס דאַרף באַלד קומען.

עני: עץ מאַכץ נישט קיין שפּאַס? עץ נעמץ טאַקע צו אַ קינד? אויב אַזוי—לויף איך. (אָפּ, מיט עפּעס אַ לידל).

(פּויזע)

(פרוי ליבערמאַן און ליבערמאַן זעצן זיך)

פרוי ליבערמאַן: ס׳האַרץ קלאַפּט מיר אַזוי. איך וואָלט שוין געוואָלט וואָס גיכער זען ס׳קינד.

ליבערמאַן (קלוימערשט קילער): ס׳עט קומען, האָב נישט קיין מוירע.

פרוי ליבערמאַן: עפּשער וועט זי כאַראָטע האָבן?

ליבערמאַן: ווער?

פרוי ליבערמאַן: די מאַמע פון קינד?

ליבערמאַן: זיי נישט קיין נאַר—פאַרוואָס זאָל זי כאַראָטע האָבן?

פרוי ליבערמאַן: כ׳וויים... (אַנדערש) זאָג נאָר, כ׳בעט דיך, ווי אַזוי שטעלסטו דיר פאָר וועט אויסזען ס׳קינדעלע אונזערס?

ליבערמאַן: כ׳וויים? כ׳שטעל מיר פאָר אַ קליין אינגעלע.

פרוי ליבערמאַן: אַ קליין מיידעלע.

ליבערמאַן: ריכטיק. אַ קליין מיידעלע מיט אַ פּענימל פון אַ מאַלאַך — בלוט און מילך.

פרוי ליבערמאַן: און בלאָנדע לאָקן.

ליבערמאַן: און בלאָע אויגן.

פרוי ליבערמאַן: און קליינע, ווייכע הענטעלעך.

ליבערמאַן: און אַ געלעכטערל ווי זילבער. ניין, נישט ווי זילבער, נאָר ווי פּערל, וואָס פאַלן אַף אַ גאָלדענעם טאַץ.

פרוי ליבערמאַן: צו מיין ברוסט וועל איך עס צודריקן אזוי־אָ. ווי א מאמע.

ליבערמאַן: אַף אונזערע הענט וועלן מיר עס ארומטראָגן.

פרוי ליבערמאַן: איך וועל זיצן באַם קינדס וויגעלע און עס וויגן און פילן זיין אָטעם אַף מיינע באַקן, און זיינע קליינע הענטעלעך אַף מיין—

סעמי (דערשיינט. גרויס, הויך, שטאַרק, רויכערט אַ ליולקע, טראָגט אַ „פּאָנטשינג־בעג"): סעי, דאָ וואוינט עס דער מיסטער, וואטשומעיקאָלים... דער וואָס האָט אריינגעשטעלט אין די פּייפּערס?

ליבערמאַן (געפּלעפט): דאָ. וואָס איז דען? (צו פרוי ליבערמאַן) איך האָב מוירע, אויב דאָס איז נישט דער פּאָטער.

סעמי: איז עס הייסט עס דאָ, צי נישט דאָ? סעיליסן, וואטי־העל... וואָס שטייט איר און קוקט מיך אָן?

ליבערמאַן: ווער זענט איר?

סעמי: עס, עי, עם, וואָאי — סעמי, דאַט'ס מי. (הענגט אויף עס פּאָנטשינג בעג, הויבט אָן אַרבעטן).

פרוי ליבערמאַן: וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש?

ליבערמאַן (צו פרוי ליבערמאַן): ששש. (צו סעמין) איר זענט דער פּאָטער פון קינד?

סעמי: פּאָטער מאַי אַי! די אָלד לידי האָט מיך אהער גע־שיקט. גיי, זאָגט זי, קינד מיינס, מ'דאַרף האָבן אַ קינד. בין איך געקוּמען זיין אַ קינד. דאַצאָל. (קוקט זיך אַרום) סעי, ליסן—שנאַפּס איז דאָ?

פרוי ליבערמאַן: באַ אונז טרינקט מען נישט קיין שנאַפּס.

סעמי: וואָס דען 'עמיר טרינקען? וואַסער? אַ שיינע שטוב. נישטאָ וואָס צו רעדן. שאַ, און אין „קרעפּ" שפּילט איר? (ווייזט ווי „מישיסט קרעפּ").

ליבערמאַן: וואָס פאַר אַ קרעפּ, באַ אונז איז אַן אָנשטענדיק הויז.

סעמי: און אין אַזאַ שטוב וועל איך מיך מוזן אָפּמוטשען אַלע מיינע יאָרן, כע־כע.. וועיט, אַי'ל גיוו איט טו די אָלד לידי. נעמט און שיקט מיך אַוועק. „גיי", זאָגט זי, „קינד מיינס און זיי אַ קינד באַ—"

ליבערמאַן: מ'האָט שוין געהערט!

פרוי ליבערמאַן (צו ליבערמאַנען): וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק?

**ליבערמאַן** (הויבט די אַקסלען): האָסט דאָך אים געוואָלט דריקן צו דיין ברוסט—נו, נעם און דריק אים!

**פרוי ליבערמאַן**: און דו האָסט דאָך אים געוואָלט וויגן אַף די הענט — נו, וויג אים.

**סעמי**: איכ׳ל אייך דערלאַנגען אַ וויג, אַז דער רואַך וועט אייך ביידע נעמען. סעי, ווען גייט׳ן באַ אייך עסן?

**ליבערמאַן**: נעם, גיב אים עפּעס עסן — עפּשער האָסטו אַ פּאָר צוויבאַקלעך? כאַ־כאַ. (צו סעמין) אַ ביסעלע גרישיק פאַרן קינד, האַ?

**סעמי**: וואַדוויומין גרישיק? גרישיק יורסעלף, יו אָלד באָגער. איך וויל אַ סטייק געדישעט אין ציבעלעס, און אַ גרויסן, נישט קיי און שפּיי (שפּייט).

**ענִי** (קומט אַריין, ברענגט אַ קאָלדרעלע און די אַנדערע קלאַפּער־געצייג).

**סעמי** (באַטראַכט זי): סעי, שי איז אַ פּיטש. (צו ענין) סעי, קיד... יעפּ? (ווייזט איר, ווי מישפּילט אין „ביינדלעך").

**ענִי**: וואָסידועס?

**סעמי**: אַר יו ע גילי?

**ענִי**: איך ווייס נישט וואָס עץ מיינץ מיט דעם וואָרט „גילי".

**סעמי**: דאָנטשעננאָו „גילי"? גאַליציאַנער איז „גילי" פאָר שאָרט. סעי, גילי... וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן אייערע באַלע־באַטים?

**ענִי**: וואָס גייט עס אייך אָן?

**פרוי ליבערמאַן**: דאָס איז דאָך אונזער בייבי — קענסט אים נאָך נישט — אָט וועל איך דיר אים פאָרשטעלן: „סעמי די בייבי".

**סעמי**: דערלאַנג אַ האַנט, גילי, און אַ קוש, אַז דער רואַך זאָל עס נעמען! (שלעפּט זי, וויל זי קושן).

**ענִי**: גייצאַוועק—(שטופּט אים אָפּ) דאָס זענט עץ די בייבי? אי, עך שטעך מעך! אי, גוואַלד, אַ שיינע בייבי! סי שניידן זיך אייך ציינדלעך? כאַ־כאַ...

**פרוי ליבערמאַן** (רופט נאָך): ענִי, ברענג עפּעס עסן פאַר דעם מאַן — פאַר דער בייבי, הייסט דאָס.

(סעמי מאַכט אַלץ גימנאַסטיקע, קאָזשילקעס, א. אַז.

וו. פרוי ליבערמאַן און ליבערמאַן שטייען געפּלעפּט)

**ליבערמאַן**: נו, וואָס זאָגסטו?

פרוי ליבערמאַן: וואָס טוט'ן מיטן בעטעלע? ער'ט דאָך נישט אריין אהין אפילע מ'זאָל אים צענויפליינגן אין צווייען.

ליבערמאַן: און דאָס קאָלדרעלע וועט אים פונקט קלעקן אַף א נאָזטיכל.

פרוי ליבערמאַן: אַ ליאַלקע האָסטו אים געקויפט.

ליבערמאַן: דאָס קינד וויל אַ ליאַלקעלע? (צו סעמין, אַף שפּאַס) דאָס קינדעניו וויל עפּעס עסן?

סעמי (בייז, מיט אַ געשריי): יעס, איך וויל עסן. דעם קאָפּ וועל איך אייך אָפּעסן—גאָדעמיט! (מאַכט אויף אַ מויל ווי צום עסן) און דער מאַמעלע מיינס וועל איך ברעכן די ביינער אז איכ'ל אהיים קומען. „גיי", זאָגט זי, „קינד מיינס, מ'דאַרף האָבן אַ קינד, גיי זיי אַ קינד—"

ליבערמאַן און פרוי ליבערמאַן (האַלטן זיך צו די אויערן): שוין געהערט! שוין געהערט!

עני (ברענגט עסן, לאַכט, שטעלט צום טיש).

סעמי: סי זידט אין מיר די רעציכע... וואורר... איך וואָלט געוואָלט עפּעס אַזוי רייסן, בייסן —

עני (לויפט אַרויס): וויי איז מיר!

פרוי ליבערמאַן און ליבערמאַן: עפּעס אַ ווילדע כאַיע, נישט קיין מענטש. (דערשראָקן, קוקן צו).

סעמי (כאַפּט זיך צום ברויט, פרעסט, שיפּעט ווי אַ כאַיע, וואָס באַפאַלט אַ קאָרבן).

פרוי ליבערמאַן (צו ליבערמאַנען): נעם שרייב אָן אַ בריוו צו דער מרס. באַבראָווסקי, זי זאָל גלייך קומען אָפּנעמען איר קינד.

סעמי: „גיי", זאָגט זי צו מיר, „קינד מיינס, און זיי אַ קינד בא אַנדערע, וואָס דאַרפן האָבן אַ קינד. זיי וועלן דיר זיין", זאָגט זי, „ווי אַן איינענע טאַטע־מאַמע". וואָס איז דאָס פאַר אַן עסכין? טפוי, כאַזערשע עסכין. (פרעסט) פע. איך עס נישט אַזא עסכין... (פרעסט נאָך מער) נו, און אַ ביסל ביר איז דאָ, צי אויך נישט?

עני: אַ דעפּעש!

עני: אַ דעפּעש!

ליבערמאַן (לייענט): „פּליז, לאָזט וויסן וואָס טוט ס'קינד, צי עסט עס עפּעס? ער האָט נעבעך נישט קיין אַפּעטיט. ווי דער מאַמען. מיט גרוס, מרס. באַבראָווסקי".

עני: כאַ־כאַ. ער האָט נעבעך נישט קיין אַפּעטיט.

סעמי: וואָדען, כ'האָב יאָ אַפּעטיט? אַז איכ'ל זיך אַ ביסל

אויסרועז און זיך אַ ביסל דורכשלאָפן, וועט איר זען וואָס סי הייסט אַפּעטיט.

ליבערמאַן: ווײ איז מיר, מיר זענען אומגליקלעך.

פרוי ליבערמאַן (ווישט זיך די אויגן): אומגליקלעך.

(ביידע גייען אַף אינעווייניג)

ענדי (וויל גיין).

סעמי (רופט זי): סעי, גילי, אַ ביקס איז דאָ בא אייך?

ענדי (דערשראָקן): וואָס דאַרפט איר אַ ביקס?

סעמי: מ'קען נישט וויסן ווי אַזוי אַ זאַך מאַכט זיך. נו, און אַ דאָס אַף צו כאַפּן פיש איז דאָ בא אייך?

ענדי: איר האָט ליב כאַפּן פיש?

סעמי: יעפּ. איך האָב ליב כאַפּן מיידלעך, וואָס גייען כאַפּן פיש. סעי, און וואָס הערט זיך וועגן אַ ביסל ליבע, גאַדעמיט?

ענדי: וואָס מיינט עיר, בין איך?

סעמי: האָב מיך ליב, דו, אַז נישט דערלאַנג איך דיר אַ פּראַסק, אַז דער רואַך וועט דיך נעמען. זעסט דאָס־אָ (ווייזט אַ רע־וואָלווער).

ענדי (וויל שרייען).

סעמי: ששש... נו! האָסט מיך ליב?

ענדי (אין ציטערניש): כ'האָב...

סעמי: טו נעם מיך אַרום.

ענדי (טוט עס): קום צו צום פענצטער, סעמעלע, ס'איז דאָ זייער הייס. (זי נעמט אים צו לעבן פענצטער). ס'איז טאַקע אַן עמעסער רעוואָלווער?

סעמי: שור!

ענדי: אַנו, לאָמיר זען, סעמעלע.

סעמי: נעם־זשע מיך שטאַרק אַרום. אָט אַזוי־אָ.

ענדי (נעמט אים פעסט אַרום און שרייט אַרויס דורך פענצטער): גע־וואַ־לט!

(ליבער און פרוי ליבערמאַן קומען צעלויפן)

פרוי ליבערמאַן: וואָס איז דאָ?

ליבערמאַן: אַרויס פון מיין שטוב, דו שאַרלאַטאַן.

סעמי (מאַיסע „טאָף־גאַיי"): דאָנט געט עקסייטעד, יו אָלד באָגער. דאָנט געט עקסייטעד.

פרוי ליבערמאַן: אַרויס פון מיין שטוב!

ליבערמאַן: שוין זאָל דיין פוס דאָ נישט זיין.

סעמי: און אַז נישט?

ליבערמאַן: אז נישט וועל איך שיקן נאָך פּאָלים.
פרוי ליבערמאַן (שרייט קלוימערשט): פּאָלים!
סעמי: שאַ, איכ'ל איך פאַרשפּאָרן אַן ארבעט. (פּאַקט זיך איין זייער רואיק. גייט צו צום ברעג בינע, גיט אַ געשריי „פּאָליס" און גיט ליבערמאַנען אַ זעץ מיטן פויסט, גייט ווידער צו צום ברעג בינע און גיט אַ פּאַטש דער פרוי ליבערמאַן. שרייט „פּאָליס". ליבערמאַן שרייט „פּאָליס" פון אַן אַן אַנדער זייט. פרוי ליבערמאַן שרייט „ראַטעוועט" דורך אַן אַנדער זייט. עני שרייט: „גוואַלד, מ'האַרגעט!).
פאָרהאַנג

# ליימענע גוילאָמס

אַ דריט־קלאַסיקער „דעפּאַרטמענט־סטאָר" פון קליי־
דער און אַנדערע זאַכן ערגעץ באַם ניו יאָרקער האַפן.
אַפן אייגנטימערס שרייבטיש עטלעכע טעלעפאָנען.
איינער קלינגט, ער רעדט זייער שטרענג וועגן געלט.
קלינגט אַ צווייטער—שטעלט ער אָוועק דעם ערשטן,
צעשמייכלט זיך „יעס, עסטערל", רעדט צו זיין געליב־
טער. טייפּיסטין אַרבעט אַף אַ שרייבמאַשין, וואָס
איז אַ טייפּרייטער און אַ מין פּאָרטעפּיאַנדל. אין
פענצטער שטייען—

אַ כאָסן.
אַ קאַלע.
אַ מויד (אָן אַ קאָפּ).
אַ מאַטראָז (שטייט אין דרויסן,
האָט שפּינוועבס אַפן אויער).

אַ אינגעלע (אָן אַ קאָפּ).
אַ קאָפּ (אַף אַ געשטעל, מיט
בלאָנדע לאָקן, טראָגט אַ פּאַר־
שטויבטן הוט).
אַ קערפּער אָן אַ קאָפּ.

אין צווייטן פענצטער פון אַן אַנדער געשעפט, וויז־
אַ־ווי זעט זיך אַ הילצערנער **אינדיאַנער** מיט אַ העקל
אין האַנט. אַ גרויסער אויפשריפט „פייער סייל"
און אַ הילצערנער **פייערמאַן**.

**אייגנטימער פון געשעפט** (צום מיידל, וואָס זיצט באַ דער
קאַסע און פון אַלע זייטן „פליען" אויף אַזוינע דראָטן קעסטלעך מיט
געלט) : **אַ פיינער טאָג היינט.**

**מיידל:** יע, אַ פיינער טאָג היינט. ס'טוט מיר ווי אַ צאָן
(קלינגט און שיקט קריק סיקעסטעלע מיט געלט).

**אייגנטימער:** אַ צאָן? אויב אַ צאָן דאַרף מען... (צעטומלט)
שאַ, מ'דאַרף באַשטעלן די דאָס, די רויטע אונטערוועש, ווי הייסט
עס... סי ווערט קאַלט. סעי, פריילין עקס, די דאָזיקע אונטערוועש,
ווי הייסט עס.

**פריילין** (פון דער ווייטן) : **פלאַנעלענע?**

**אייגנטימער:** יעס. 66 טוץ.

**פריילין:** מענערשע צי ווייבערשע?

**אייגנטימער** (קוקט זי אָן און טראַכט אין דער לופט אַריין): יעס. (לויפט ערגעץ אַנדערש).

**אַ הער** (קומט אַריינצעפליען, אָן אַ ראָק): סעי, וואו איז ער— ווי הייסט ער? איך האָב געוואָלט א־דאָס (לויפט ערגעץ אַנדערש). גיט מיר א דאָס—א... סעי, כ'האָב אייך געוואָלט בעטן, טאָמער קומט דאָ אַריין עמיצער און מ'פרעגט—שאַ, אָט איז ברימזע. סעי, ברימזע... איך בין אַריינגעלאָפן אַף אַ מינוט— סי פעלט מיר אויס... עפשער האָסטו אַ דריי טויז — שאַ. גיב מיר שוין בעסער אַ דאָס... א... שאַ, איך מוז שוין לויפן—דער אויטאָמאָביל... נעווערמיינד.

(אַ פייף פון אַן אויטאָמאָביל, דער הער לויפט אַרויס)

**אייגנטימער** (צום מיידל בײַ דער קאַסע): אַ שיינער טאָג הײַנט. האַ?

**מיידל**: ס'טוט מיר ווי אַ צאָן.

**אייגנטימער**: דעם 26טן איז אַ יאָנטעף. וועסטו קענען אַרויסנעמען מ'צאָן.

**מיידל** (זיפצט): נאָך 18 טעג צו וואַרטן.

**אייגנטימער** (דערמאָנט זיך): שאַ... שוועבעלעך איז פאַראַן. (לויפט און שרײַט) העי, מעטשעס. עלף קאַסטנס מיט מעטשעס.

(דאָס וואָרט „מעטשעס" (שוועבעלעך) ווערט איבערגעטראָגן פון איינעם צום אַנדערן ווי אַ כאָר).

**מיידל בײַ דער קאַסע** (ליריש): אַלוואַי איז שוין יאָנטעף, וועל איך מיר קענען אַרויסנעמען דעם צאָן.

**בוכהאַלטערין** (דערמאָנט זיך און ווערט ליריש): פאַראַיאָרן יאָמקיפּער האָב איך מיר געמאַכט אַן אָפּעראַציע אַף אַפּענדיציט.

**מיידל בײַ דער קאַסע**: און פאַראַיאָרן קריסטמעס האָב איך זיך געלאָזט שנײַדן די נאָז.

**אייגנטימער** (קומט צעלויפן): אַ פיינער טאָג הײַנט.

**קאַסירערין**: יעס, נאָר—

**אייגנטימער**: בלויז אַכצן טעג. ס'איז אָלרייט. (קוקט אַף איר פאַרהאַלטענעם פוס, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנען). שאַ, זאָקנבענדלעך. העי, עלף טויז זאָקנבענדלעך.

**שטימע**: פון די בעסערע?

**אייגנטימער**: ניין.

**שטימע**: פון די ערגע—

**אייגנטימער**: פּסט...

(אַלע ווײַלע לויפט דער אייגנטימער צום טעלעפאָן און זאָגט זייער שנעל: „ווער? וואָס? ווען?

„וואָס דרייסטו אַ היטל?“ און לויפט ווייטער).

(קומט אַריינצעלויפן אַ איד. רעדט גאַליציַשן דיאַלעקט מוירעדיק שנעל, מ׳הערט נאָר „כ׳האָניש קיין צאַהט“)

איד: כ׳האַב ענק געוואָלט בעטן עפּעס, הערנזי—געצמיר אַף האַריאָפּ נאָר שנעל — ווייל כ׳האָניש קאַ צאַט. געצמיר דאָס־אַ, ווי הייסט דאָס, איך דאַרף לויפן... קויפן... ס׳איז נישט ווי אין דער היים — כ׳האָניש קאַ צאַט. אין יוראָפּ איז אַנדערש. אין יוראָפּ האָט׳ן צאַהט, דאָ האָט׳ן ניש קאַ צאַהט. ס׳איז נישט יוראָפּ. יאָ, ביזנעס, נישט ביזנעס, ביזז... ביזז... ביזנעס. דערווייל שטאַיט׳ן אין ביזנעס און אַז מ׳שטאַיט אין ביזנעס האָט׳ן ניש קאַ צאַהט... געץ זשע מיר, כ׳בעט אייך—האַריאָפּ, ווייל די הויט ברענט אַף מיר—איך שטיי ווי אַף שפּילקעס. איבערגעלאָזט אַליין די סטאָר. כ׳האָניש קאַ צאַהט!

אייגנטימער: איך האָב נאָר געהערט. אַז איר האָט נישט קיין ציַיט, אָבער וואָס איר ווילט ווייס איך נאָך אַלץ נישט.

איד (באַלעבאָטשעט עפּעס זייער שנעל, לויפט אַרויס אַ באַליידיק־טער): כ׳האָניש קאַ צאַהט!

פרוי (מיט אַ קליין קינד, קוקט זיך אַרום, ווי אַ גאַנעוועטע).

אייגנטימער: יעס?

פרוי (אָפּן אויער).

אייגנטימער (איבערראַשט): טאַקע?

פרוי (אָפּן אויער).

אייגנטימער: נאָוועמבער? סעפּטעמבער? נאָוועמבער בין איך דאָך גאָר געווען אין פלאָרידאַ.

פרוי (אָפּן אויער).

אייגנטימער: סיידן אַזוי. אָבער?— (זאָגט איר עפּעס אָפּן אויער).

(לאַכט).

אייגנטימער: וואָס לאַכט איר?

פרוי: גאָרנישט. ס׳אַמעריקע! איר געדענקט אַפּילע נישט.

אייגנטימער (נעמט אַראָפּ די פענסנע, זייער סאָליד): מיין ליבע פרוי — דער קאָפּ איז פאַרנומען מיט אַזוי פיל געשעפטן, ביזנעס, ביזז... פליכטן — אַ, מיין ליבע פרוי, מ׳קען נישט געדענקען. איבערי־געגנס זיצט (זוכט אַ בענקל) נישטאָ קיין בענקל. זייער ביזי היינט. שאַ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? (קוקט אָפּן קינד) יעס, ווינדעלעך, (שרייט) 85 טוץ ווינדעלעך. (צו איר) אַנו, לאָמיר זען. (טוט אָן די ברילן. קוקט אָפּן קינד, טראַכט אַ ווײַלע) שאַ, איכ׳ל אייך זאָגן

וואָס איכ'ל טאָן — איכ'ל אייך געבן אַ פּאָר רויטע שיכעלעך פאַרן קינד. (גיט איר רויטע קינדער־שיכעלעך).

פרוי: דאָס אַלעס? פאַר מיין רואינירטער ערע? (וויינט).

אייגנטימער: וויינט נישט, ליבע פרוי. מיין געשעפט קען נאָך ליידן דאפון. אויב איר ווילט וויינען, קומט נאָך זעקס, ווען קיינער איז נשטאָ, דעמאָלט איז באַ מיר וויין־שטונדן. שאַ, נאט אייך נאָך עפּעס (גיט איר אַ ביינדל מיט אַ קלינגערל) אַ קלינגערל.

פרוי: פאַר אָט דעם־אָ האָב איך געגעבן מיין ערע?

אייגנטימער: ווער האָט אייך געהייסן?

פרוי (וויינענדיק): ווער ס'האָט מיר געהייסן... קיינער האָט מיר נישט געהייסן. אָבער איר האָט נישט געהאַט קיין רעכט עס צו טאָן אָן מיין וויסן.

אייגנטימער: אָן אייער וויסן?

פרוי: איך מיין אָן מיין. אָן מיין—

אייגנטימער: איר ווייסט נישט וואָס איר רעדט, ליבע פרוי, קומט אַן אנדערש מאָל.

פרוי (צעגאָסן): ווען?

אייגנטימער: קומט מאָרגן, קומט איבערמאָרגן—

פרוי: עפשער קען איך נאָך קומען היינט באַנאַכט? אדאָלף טייערער.

אייגנטימער: וואָס פאר אַ אדאָלף, איך הייס גאָר יאַקאָב.

פרוי: יאַקאָב? נישט אדאָלף? אויב אַזוי — איז דאָס אַ טאָעס. ס'מוז זיין דער מאַן פון דעם אַנדערן געוועלב, דאָ לעבן אייך. (גוט־מוטיק) קען איך האַלטן ס'קלינגערל, מיסטער, און די רויטע שיכעלעך?

אייגנטימער: איר קענט האַלטן. אָבער ס'אַנדערע מאָל זאָלט איר זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון... מיין קאָנקורענט. איך האָב דאָס נישט ליב. פאַרשטאַנען? (שטרענג) צ'מיר אַ דאָס, אַ... גוטן טאָג, הייסטעס.

---

אויפטריט

אַן איטאַליענערקע. איר מאַנצביל.
אַ צוויי־דריי קינדער.

איטאַליענערקע: פּאַשיוּלאַ... מיסטער?

אייגנטימער: וואָס?

איטאַליענערקע: פּאַשיולאַ. מי וואָנע בייע אַ פּאַשיולאַ. פּאַר מי האַזבאַנד.

אייגנטימער (ווייזט איר אונטערוועש, שיך, קליידלעך, האַק־מעסערס, שיסלען, היטעלעך זי זאָגט אַלץ „נאָ וואָנטע דיס". ער פאַרשטייט נישט. סאָפּקאָלסאָף נעמט זי שנייצן די נאָז און ווייזן וואָס זי מיינט. אייגנטימער פאַרשטייט, ברענגט עס).

אייגנטימער: ע הענדקערטשיף?

איטאַליענער: יעס, יעס.

איטאַליענערקע: האו מאָטש?

אייגנטימער: טען סענטס.

איטאַליענערקע (באַראַט זיך מיטן מאַן און קינדער. אַלע רעדן, טומלען, שרייען, קאָכן זיך. צום אייגנטימער): סיקס סענטס. נאָ? הע?

אייגנטימער: נאָו.

איטאַליענערקע (ווידער ווערט געהאַלטן אַ באַראַטונג אַזוי ווי פריער, קינדער ווילן טאַפּן די פּאַטשיילקע. זי לאָזט נישט): סעווען סענטס—נאָו?

אייגנטימער: נאָו.

(דאָס כאַזערט זיך איבער, ביז זי גיט די צען סענט. אַלע גייען אַוועק אין גרויס טומלעניש.

אויפטריט

## פּוילישע מוטער, טאָכטער און איר כאָסן.

מוטער: איך וויל כאַסענע־קלייד פאַר יאַדוויגאַ. איך זייער רייך. איך מיין קינד נישט זשאַלעווע, פּראָשענפּאַנאַ.

אייגנטימער: יעס. (ער נעמט אַראָפּ די „קאַלעי", ווייזט די קליידער).

פרוי (קוקט אַלע מאָל אונטערן קלייד צו זען ווי ס'איז פון אינעווייניג. צו דער טאָכטער): נו, טאָכטערל, דיר געפעלן?

טאָכטער: ניין, איך וויל מאָדערן קלייד, נישט אַזאַ.

מוטער: אָט אַזאַ קלייד האָב א י ך געטראָגן צו מיין כאַסענע מיט 35 יאָר קריק אין וואַרשאַווע. עך, פּאַן בוג! ס'איז אַ גוט קלייד, סי ברענגט גליק, טאָכטערל. אָט דיין פאָטער מיר אויך גע־קויפט אַזאַ קלייד און ס'איז געוועזן מאַזלדיק—געהאַט עלף קינדער.

כאָסן (צעשראָקן): איך וויל נישט דאָס קלייד.

אייגנטימער: סי מאַכט נישט אויס. איך קען אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט פונקט אַזאַ כופּע־קלייד און האָט גאָר קיין קינדער נישט.

כאָסן: נו, טו קויף.

פרוי: מ׳קען אָנמעסטן? מעסט אָן, טעכטערל. און דו, אַנטאָן, מעסט אויך אָן.

כאָסן: אַ הויכער צילינדער, אַ גלאַנצעדיקער, פאַראַן?

אייגנטימער: פאַראַן.

כאָסן: און ווייסע הענטשקעס פאַראַן?

אייגנטימער: פאַראַן.

כאָסן: נו, גוט. גיט אָנמעסטן.

(אייגנטימער ברענגטביידע מאַניקענען. טוט זיי אויס. כאָסן גייט אין אַ באַזונדער זייט הינטערן ווענטל, קאַלע אין אַ באַזונדער זייט הינטערן ווענטל. קומען קריק אַרויס אָנגעטאָן).

(סיפּליט אַריין דערזעלביקער גאַליציאַנער וואָס פריער)

גאַליציאַנער: עפּשער דאַרפט איר אַ מסאַדער־קידושן? פאַר־ בייגעלאָפן מ׳סטאָר, טראַכט איך, אַריינלויפן אַ קיק טון. עפּשער— ביזנעס... כאָטש כ׳האָנישט קאַ צאַהט. פונדעסטוועגן אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן ביזנעס—נעמט׳ן זיך צאַהט. וויסנזי, ס׳ע ניש יוראָפּ. (נעמט אַרויס אַ כופּע פון אונטערן ראָק) אָט איז אַ כופּע אויך. (רעדט שוין לאַנגזאַמער) מ׳קען שוין שטעלן אַ כופּע (האַלב־זינגענדיק) און לאָז זיין אין אַ גוטער שאָ. איר זאָלט דערלעבן מעגאַדל זיין באָנים אואוונייי באָנים לטוירע אולכופּע אולמאַיסים טויווים, אָ־מיין. נו. שנעלער, כ׳האָניש קאַ צאַהט. אָט דאָס איז די קאַלע? ווי הייסטו, קאַלע לעבן? (טוט איר אַ קניפּ אין באַק).

כאָסן: סעי, מיסטער, הערט אויף מיט אייערע כאַזערשע שטיק—איכ׳ל אייך צעפּראַסקען די פּיסקעס. זשיד, פּשאַקרעוו! צאָ טאָ יעסט טאַקעגאָ?

גאַליציאַנער (צום אייגנטימער): אַריילים גאָר, און פריצים נאָך דאַצו? זאָל דער אויבערשטער אָפּהיטן. כ׳האָניש קאַ צאַהט. (לויפט אַרויס).

אייגנטימער: וואוהין ווילט איר זאָלן מיר עס צושיקן?

כאָסן: נעווערמיינד, מיר׳ן אַליין קומען שפּעטער. מיר דאַרפן נאָך צוגיין צום גאַלעך.

אייגנטימער: מיר פאַרמאַכן זעקס אַזייגער. נאָר טאָמער וועט איר קומען שפּעטער, קענט איר אַ קלונג טאָן מיין גלעקל. איך

וואוין דאָ אין אַנדערן הויז—וועל איך ארונטערקומען. (ער טוט קריק אָן די מאַניקענען).

(פוילישער כאַסן, קאַלע, מוטער גייען אָפּ. מ׳הערט ווי זיי רעדן וועגן „בראַנפּן״, „גוטער בראַנפּן״, „שטאַרקער בראַנפּן״, עטצ.).

**אייגנטימער** (צום מיידל בא דער קאַסע): א פיינער טאַג היינט.

**מיידל:** יעס, נאָר... (ווייזט אָף דער באַק).

**אייגנטימער** (האַלט זיך באַם שטערן, טראַכט, דערמאָנט זיך מיטאַמאָל): שאַ, דער קאָפּ!

**מיידל:** דער קאָפּ טוט איך וויי?

**אייגנטימער** (שרייט): דער קאָפּ—וואו איז דער קאָפּ? גע־פיקסט דעם קאָפּ? (ער גייט צו צום פענצטער, ווייזט אָף א פיגור פון אַ מיידל, זייער אַ שיינע, נאָר אָן אַ קאָפּ). מ׳וואָלט זי נאָך געקענט נוצן—זי איז א שיינע... נאָר דער קאָפּ...

**אַן אָנגעשטעלטער:** וואָס דאַרפט איר דעם קאָפּ? מ׳קען זי אזוי אויך „יוזן״. פאַרקערט, אזוי זעט מען זי בעסער ארויס. אז ס׳איז פאַראַן א קאָפּ, קוקט מען אַפן קאָפּ. אָבער אזוי—

**אייגנטימער:** דאָס איז אויך עמעס. מ׳קען זי עפּשער „יוזן״ פאַר נאַכטוועש, פאַר נעגליזשע, אָדער פאַר זאָקן. (טראַכט אַ ווײַלע) פונדעסטוועגן מיין איך, אז מיטן קאָפּ וואָלט געווען בעסער.

**אָנגעשטעלטער:** ווי איר ווילט, מר. ברימזע. אויב איר ווילט מיט א קאָפּ, איז מיט א קאָפּ. (וויל גיין).

**אייגנטימער:** וואוהין לויפסטו?

**אָנגעשטעלטער:** איך לויף „פיקסן״ דעם קאָפּ.

**אייגנטימער:** לאָז שוין זיין. מ׳עצאַך באַגיין. מ׳קען זי דערווייל אזוי א ו י ך „יוזן״. איבערהויפּט איצט אין דער ביזי.

**אָנגעשטעלטער:** ווי איר ווילט — (אַנדערש) מ׳דאַרף שוין באַלד פאַרמאַכן. (גייט צו צום קאָפּ, וואָס שטייט אָף אַ הויך געשטעל, די גרויס פון אַ מענטשן) אָט דער־אַ הוט פּאַסט נישט צו קיין בלאָנדע האָר — מ׳דאַרף איר אָנטאָן אַן אַנדערן (טוט עס). איך מיין, אַז מ׳דאַרף אריינגעמען דעם מאַטראַז—מיטן אינגל—ס׳לאָזט זיך אַ רעגן אין דרויסן. וואָס זאָגט איר, מר. ברימזע?

**אייגנטימער:** אוואַדע אריינגעמען. זיי וועלן נאַס ווערן. (דער אָנגעשטעלטער ברענגט אַריין מאַטראַז און אינגל).

**אייגנטימער:** נו, צומאַכן! (ס׳הערט זיך אַ פאַרמאַכן פון לאַדנס, אַ צופאַלן פון קלאַפּשלעסער, א. אַז. וו.) **כ׳שטיי אָף שפּילקעס...**

שאַ, ענגלישע שפּילקעס, „דייפּערפּינס”, האָבן מיר געגוג אַף מאָרגן?

מיידל: גענוג.

אייגנטימער (אינטים, צום מיידל): זאָרג נישט, מיידל. אַט באַלד איז יאַנטעף.

מיידל (מיט אַ קוויטש): מאַמעלעך, סי רייסט!

(אַלע אָפּ, מיט דזשאַז־מעלאָדיען, ווי צ. ב. „יעס, ווי העוו נאָ באַנאַנאַס טודעי” און „באַרני גוגל”).

(פּויזע. סירעדט דער ראַדיאָ אַף צעריבענע טשיקאַווע (קוילעס. סירעדט שטיל. סיגיסט אַ רעגן).

די ראַדיאָ: ...אַ מאַן דאַרף זיך נישט שרעקן. אַ מאַן דאַרף קיינמאָל נישט פאַרצווייפלען, זרר, גרר, טרר. אזוי לאַנג ווי דער מענטש איז געזונט איז איינס פון דיביידע, אָדער ער מאַכט לעבן, אָדער עס מאַכט נישט קיין לעבן—זרר, טרר, גרר. איז אויב ער מאַכט אַ לעבן, איז דאָך נישטאָ וואָס צו זאָרגן. אויב ווידער ער מאַכט נישט קיין לעבן, איז איינס פון די ביידע, אָדער ער וועט שפּעטער מאַכן, אָדער ער וועט שפּעטער אויך נישט מאַכן. איז אזוי, אויב ער וועט שפּעטער מאַכן אַ לעבן, איז דאָך נישטאָ וואָס צו זאָרגן. אויב ווידער ער וועט שפּעטער אויך נישט מאַכן קיין לעבן, איז זרר, גרר. טרר. איז איינס פון די ביידע, אָדער ער וועט כאַסענע האָבן מיט אַ פרוי, וואָס וועט אים סופּאָרטן, אָדער זי וועט אים נישט סופּאָרטן. אויב די פרוי וועט אים סופּאָרטן, איז דאָך נישטאָ וואָס צו זאָרגן. אויב ווידער די פרוי וועט אים נישט סופּאָרטן איז טררר... זזז... גםם... מלל...

מאַטראָז: גאַדעמיט! מ׳קען דאָ שטאַרבן פון לאַנגווייל!

אינגל: רעדט נישט אזוי, מיסטער, ס׳איז נישט שיין. די קאַלע קען נאָך דערהערן, און איך אַליין בין נאָך אַ קליין אינגל—כ׳קען מיך פאַרשעמען.

מאַטראָז: Kalle me eye! סעי, דאָס איז אַ לעבן, דאָס? שטיין אָט־דאָ־אָ און זיך לאָזן אַרומטאַפּן פון יאָלדן. שוין בעסער צו שטיין אָפן דעק פון אַ שיף און זען, ווי זי שניידט ס׳וואַסער און לאָזט נאָך זיך אַ גרינעם פלעק פון שוים. און די לונגען אָטעמען שטאַרק, און די אויגן קוקן ווייט, און דער קאַפּיטאַן, דער סאַנאַווע...

אינגל: ששש. די קאַלע גייט.

(קאַלע קומט אַרונטער פון די פענצטער־טרעפּ, געפירט פון כאָסן)

קאַלע: די צייט איז געקומען דו זאָלסט מיט מיר כאַסענע האָבן, געליבטער, און געניסן פון גליק. (ביידע זעצן זיך).

מאַטראָז: גליק!

כאַסן: גליק!

קאַלע: שוין עלף יאָר, אַז איך שטיי אַזוי אין פענצטער. שוין עלף יאָר, אַז איך בין אַ קאַלע, אָבער מיין כאָסן קוקט אַפילע נישט אַף מיר (זיפצט).

כאָסן: איך קוק נישט אַף דיר, ווייל דו ביזט מיר שוין דערעסן. אַלע טאָג די זעלבע, די זעלבע. די ליבע האָט ליב געהיימניש. אָבער דו ביזט אַזאַ עפנטלעכע.

מאַטראָז (צום אינגל): Listen to that!

אינגל: זיי ווען באַלד רעדן נאָך שענערע רייד. וועסט זען.

מאַטראָז: I don't give a god damn! ליבע?—דהער עינט נאָ ליבע.. איט'ס ע פעיק.

אינגל: איך גלויב אין דעם.

מאַטראָז: דו? ווער ביזטו? אַ צוציק! אַ סמאַרק!

אינגל: אָלרייט, בין איך אַ סמאַרק, אָבער איך גלויב אין ליבע.

קאַלע: און דו שטייסט שטענדיק אָן אויסגעפּוצטער מיט אַ צילענדער, און דיין פּאָנים איז געל ווי וואַקס. האָב כאַסענע און לאָמיר בויען אַ היים.

כאָסן: מיט דיינע גלאַטע ריידעלעך וועסטו גאָרנישט פּויעלן.. (אויפגערעגט) זאָג מיר בעסער, וואָס האָסטו זיך געלאָזט אויסטאָן נאַקעט, האַ? ווי האָט מען נישט אין זיך אַ פונק בושע, האַ?

קאַלע: מ'האָט דיך אויך אויסגעטאָן.

מאַטראָז: כאַ־כאַ.. Good stuff!

אינגל: מ'טאָר נישט לאַכן פון ליבע. ליבע איז נישט קיין קליינינקייט.

מאַטראָז: פון וואַנעט ווייסטו דאָס אַלצדינג, דו ראָצער?

אינגל: אין איינער פון די קעשענעס פון מיין טאַנדעטנעם רעקל האָט עמיצער פאַרגעסן אַ ביכל, האָב איך עס איבערגע־לייענט — ווייס איך.

מאַטראָז: כאַ־כאַ.

כאָסן: מיילע, איך בין אַ מאַן—מאַכט נישט אויס, אָבער די ביזט אַ פרוי, און אַ פרוי דאַרף זיך נישט לאָזן אויסטאָן פאַר יענעם אין די אויגן — און פאַר ווען? פאַר אַ פּאָליאַק, פאַר אַ גרינהאָרן.

קאַלע (וויינט): ס'איז דען געווענדט אין מיר? איך קען מיר דען העלפן?

כאָסן: איך ווייס דיינע טירוצים. נו, און מיטן אינדיאַנער?

**מאַטראָז** (קומט נענטער): איצט הייבט עס אָן ווערן אינטערע־סאַנט. (שפּייט און פאַררויכערט).

**אינגל**: עפּשער טאָר איך נישט הערן, הא? עפּשער בין איך נאָך צו קליין? עפּשער קען דאָס שאַטן צו מיין מאָראַל?

**מאַטראָז**: וואָס דו יו מין מאָראַל? שאַראַפּ! רעד נישט קיין פּאַסקודנע רייד.

**אינגל**: ווער רעדט דען פּאַסקודנע רייד?

**כאָסן** (הויבט זיך אויף, שטעלט זיך לעבן טיש, וואו סי שטייט דער מיידל־קאָפּ אַף אַ געשטעל. לענט זיך אָן קימאַט אָן קאָפּ): דו מיינסט איך זע נישט, אז דו קוקסט שטענדיק אַפן אינדיאַנער—נו, גוט, אויב דיר געפעלט בעסער דער אינדיאַנער, טו זאָג מיר אָפן. אָבער באַטריגן מיך, הע? (וויל זי כאַפּן באַם האַלז).

**קאַלע**: איך שווער דיר, אז דו באַשולדיקסט מיך אומזיסט.

**כאָסן**: אומזיסט, הא? אומזיסט! (שיפּעט) מיר׳ן שוין זען.

**מאַטראָז** (זינגט):

Love is a foolish thing,
A foolish thing is love—
It's a hell of a godamn
Foolish thing.

**אינגל** (צום מאַטראָז): זאָל איך מיך פאַרשעמען און רויט ווערן?

**מאַטראָז**: ווער רויט, ווער גרין, ווער געל—דו קליינער פּענדריק, נאָר הער אויף נודיען—

**אינגל**: ליבע איז געטליך!

**מאַטראָז**: שאַראַפּ!

**כאָסן**: אומזיסט. דו מיינסט איך האָב נישט געזען פּאַראַכטאָגן שאַבעס, הא? דו מיינסט כ׳בין בלינד, כ׳האָב קיין אויגן נישט? (באַ די ווערטער האָט ער אומבאַוואוסטערהייט געגלעט דעם קאָפּ מיטן הוט. זי שמייכלט צו אים. ער ווייזט מיט אַ פינגער אַף די ליפּן, זי זאָל שווייגן. נאָר ווען קיינער זעט ער נישט, גיט ער איר פלינק אַ קוש אַף די ליפּן).

**קאַלע**: איך שווער דיר באַ אַלץ, וואָס איז מיר הייליק, אַז איך האָב נישט באַגאַנגען קיין שום זינד און אַז איך ליב דיך מיטן גאַנצן פייער פון מיין ריינער נעשאָמע, און ווען מיר זאָל אַפילע אויסקומען צו שטיין נאָך עלף יאָר אין פענצטער, וועל איך דיר אויך בלייבן טריי און איבערגעגעבן. איך שווער עס דיר באַ אַלץ, וואָס מיר איז הייליק

און טייער. נאָר קער דיך נישט אָפּ פון מיר, קער דיך נישט אָפּ.
(לאַשטשעט זיך צו אים).

שטימע פון פענצטער: קערט זיך נישט אָפּ פון איר. זי איז אייך געטריי מיטן גאַנצן לעבן.

(מאַטראַז און אינגל פאַראינטערעסירט)

כאָסן: ווער רעדט דאָס?

שטימע: איך, דאָס מיידל אָנ׳ם קאָפּ, וואָס שטייט אין פענצ־טער.

כאָסן: קום אַראָפּ, מיידל אָנ׳ם קאָפּ, וואָס שטייסטו דאָרטן אַליין?

שטימע: איך שעם מיך. ערשטנס בין איך נאַקעט. צווייטנס האָב איך נישט קיין קאָפּ.

מאַטראַז (ציניש): דאָס וואָס דו האָסט נישט קיין קאָפּ איז קיין כּעסאָרן נישט, און דאָס וואָס דו ביזט נאַקעט איז אוואדע קיין כּעסאָרן נישט. (גיט אַ שטאָרקע סיאינגל מיטן עלנבויגן) וואדוויוסעי?

אינגל: קום אַראָפּ, מיידל אָנ׳ם קאָפּ, און דערציילּ מיר וואָס דו ווייסט וועגן דער קאַלע און דעם אינדיאַנער.

מיידל: עפשער שפּעטער. איצט קען איך נישט. איך ווייס בלויז, אַז זי איז אומשולדיק.

כאָסן: אומשולדיק—כאַ־כאַ—אומשולדיק. נו, און יענע נאַכט, ווען זי איז געלעגן אין זיינע אָרעמס—איז זי אויך געווען אומ־שולדיק, האַ?

קאַלע: פאַרגיב מיר, טייערער, איך האָב גאָרנישט געמיינט.

כאָסן: גאָרנישט געמיינט? — עלעף לאַנגע יאָר שוין אַז מיר שטייען אַף איין פענצטער—

קאַלע: דאַפאַר בין איך דיר טאַקע דערעסן. און דאַפאַר קוקסטו טאַקע אַף יענער מער ווי אַף מיר. (ווייזט אַפן קאָפּ) מיינסט איך ווייס נישט? איך בין נישט בלינד. ע, ווען איך זאָל זיין לעבן דיר בלויז באַנאַכט, און ווען דו זאָלסט מיך נישט זען אַזוי אָפט אַן אויסגעטאָנענע, אַ נאַקעטע—וואָלסטו מיך אויך ליב געהאַט (ווייזט) אַזוי ווי יענע.

קאָפּ: דו באַשולדיקסט מיך אומזיסט, שאָכנטע. גאָט ווייסט דעם עמעס.

קאַלע: איך האָב צו דיר גאָרנישט, מיידל, דאַרפסט זיך נישט פאַרענטפערן. פאַרקערט. פאַר מיר איז גלייכער, ער זאָל דיך ליב האָבן, ווי אַן אַנדערע, וואָס האָט אַ קערפּער.

קאָפּ (באַליידיקט): מיין גייסט איז פול מיט קערפּער.

קאַלע: רעג זיך נישט אויף, מיידל. אָבער איך וויל בעסער, אַז מיין כאָסן זאָל זיך פאַרליבן אין אַ גייסט, וואָס איז פול מיט קערפּער, ווי אין אַ קערפּער וואָס איז פול מיט גייסט.

מאַטראָז: כאַ־כאַ. דהאַט׳ס וועל סעד! כאַ־כאַ.

אינגל: די ליבע איז בלויז גייסט.

מאַטראָז: די קניידלעך זענען בלויז נעשאָמע — כאַ־כאַ! דהאַט׳ס ע גוד וואָן.

כאָסן (צום מאַטראָז): דו מיש זיך נישט אריין—דו! דו קענסט בלויז קריכן אַף שטריק־לייטערס.

מאַטראָז (וויציק): און דו ביזט גלאַט אַ קריכער—עלף יאָר אַ כאָסן—כאַ־כאַ. און אַן אומשולדיקע קאַלע (לאַכט ציניש).

כאָסן: דו! דו! הער אויף! דו ביזט איצט נישט אַף קיין שיף. דו ביזט איצט אין אָנשטענדיקער געזעלשאַפט.

מאַטראָז: ווי וואָלט געווען ווען איך זאָל דיר, אשטייגער, אונטערשלאָגן אַן אויג, הע?

כאָסן: דו מיר?

מאַטראָז: וואָס דען, דו מיר—דו כאָסן מיט פאַרשטויבטע וואָנצעס?

כאָסן: איך האָב טאַקע פאַרשטויבטע וואָנצעס. אָבער באַ דיר איז שפּינוועבס אַפן אויער. זעסטו שוין?

מאַטראָז (צו דער קאַלע): אַנטשולדיקט, מאַדאַם, איך מוז אייער כאָסן אונטערהאַקן אַ ריפּ. (גיט זיך אַ לאָז צו אים.ביידע שלאָגן זיך. אינגל דערשראָקן. די קאַלע און דער קאָפּ קוויטשען, איבערהויפּט דער קאָפּ. סיהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר).

אינגל: ווער איז דאָס?

אינדיאַנער: איך.

אינגל: ווער „איך"?

אינדיאַנער: איך, דער אינדיאַנער פון אַנדערן סטאָר.

אינגל: פון ציגאַר־סטאָר?

אינדיאַנער: יעס.

אינגל: דער פּייערמאַן אויך דאָ?

אינדיאַנער (אַריינקומענדיק): ניין. ער קען נישט אַוועקגיין. ייַר היט דעם פּייער־סייל. (צו אַלע) גוד איוונינג, דזשענטלמען, גוד איוונינג, לידים!

כאָסן (ברויגעזלעך און גרייט צום שלאָגן): ערשטנס זאָגט מען נישט גוד איוונינג דזשענטלמען און גוד איוונינג לידים, נאָר מ׳זאָגט פאַרקערט: גוד איוונינג לידים, און גוד איוונינג, דזשענטל־

מען, ווייל אין אמעריקע איז ליידים פוירסט. צוווייטנס אז מי קומט אריין אין אן אנשטענדיקער שטוב, אריין, קומט מען נישט אריין ווי א ווילדער אינדיאנער—פארשטייט איר מיך?

**מאטראז** (גייט צו צום קאפ, גלעט אים, שעפטשעט איר עפעס אין אויער. זי לאכט. ער ווייזט איר אלערליי האָרנאָדלען, קעמלעך און אנדערע קאפ־צירונגען. גיט איר צום סאף א פאפיראס. זי פאר־רויכערט. ביידע שמועסן געמיטלעך. ער ווייזט אלץ אף דעם „כאסן" הינטער זיך און ביידע כיכיקען געשמאק).

**אינדיאנער**: ערשטנס מיינט נישט, מר. כאסן, אז איר באליי־דיקט מיך מיט דעם, וואס איר רופט מיך אינדיאנער. איך בין שטאלץ צו זיין אן עמעסער אמעריקאנער. יעס, סיר, איך בין הונ־דערט פראצענט מער אמעריקאנער ווי איר. איר זענט אלע אויסלענ־דער, גרינהארנס.

**מאטראז** (האט דערהערט סילעצטע וואָרט): שאראפ!

**אינגל**: לאז מען בעסער רעדן פון ליבע.

**אינדיאנער**: ווער האט דיך אויסגעלערנט רעדן פון ליבע, אינגעלע? יענע דארטן? (ווייזט אפן קאפ) וואס רויכערט די פלאנץ, וואס מיר, אינדיאנער, האבן אנטדעקט? נו, יא. זי מאכט זיך נישט דאפון, אז נישט ער (ווייזט אפן כאסן) אדער ער. (ווייזט אפן מאטראז) ביזט דו אויך א סכוירע.

**אינגל**: איך ווער רויט פון בושע.

**כאסן**: מיין ליבע צו איר איז א פלאטאנישע. איך ליב בלויז איר קאפ. אבער דו, (דערנענטערט זיך) דו, געמיינער, נידעריקער, ווילדער אינדיאנער, דו ווינקסט צו מיין קאלע פון דיין פענצטער ארויס. מיינסט, איך זע נישט. איך זע גאנץ גוט, נאר איך מאך מיך נישט וויסנדיק. נישט ווייל איך שרעק מיך, כאלילע, פאר דיין העקל, נאר גלאט אזוי, ווייל איך ווייס, אז דו ביזט א ליגנער, א שווינדלער. אלע אינדיאנער זענען ליגנער און שווינדלער. (גיט זיך א דריי) יעס, און גאנאווים.

**אינגל**: דאס האט איר נישט באדארפט זאגן, מיסטער.

**כאסן**: נישט דיין אייסעק, מיש זיך נישט.

**אינדיאנער**: א סאך האב איך בא דיר געגאנוועט, הא? איך פארדין מיין לעבן אזוי ערלעך ווי דו.

**כאסן** (אויפגערעגט): דו האסט געגאנוועט מיין גליק, מיין ליבע, מיין האפנונג—אבער איצט איז געקומען די צייט צו באווייזן פאר דער וועלט, אז דו ביזט א געמיינער שווינדלער, (גיט זיך א דריי) יעס, און א ליגנער.

**אינגל:** דאָס האָט איר נישט באַדאַרפט זאָגן, מיסטער.

**אינדיאַנער** (הויבט סיהעקל): פּאָס אויף ווי דו רעדסט!

**אינגל:** לאָז מען בעסער רעדן פון ליבע. וואָס דאַרף מען זיך קריגן?

**מאַטראָז** (צום קאָפּ): יו סי... דהי טהינג איז דיס (גיט איר אַ קוש).

**כאָסן** (קוקט צום קאָפּ. אויפגערעגט, צו דער קאַלע. נעמט זי אָן באַסהאַנט־געלענק): איז עמעס, אַז דער אינדיאַנער איז געלעגן אין דיינע אָרעמס?

**קאַלע** (וויינענדיק): ער איז נישט שולדיק. מ'האָט אים אַ שטופּ געטאָן.

**כאָסן:** איך פרעג דיך נישט, זאָלסט מיר דערקלערן. איך פרעג דיך בלויז, צי ס'איז עמעס, צי נישט?

**קאַלע:** עמעס.

**כאָסן:** און איז דאָס עמעס, אַז אין דער צייט ווען ער איז געלעגן אין דיינע אָרעמס, האָט ער געשוואוירן מיט דיר כאַסענע צו האָבן?

**קאַלע** (וויינענדיק): כ'געדענק נישט.

**כאָסן** (קוקט אַלץ צום קאָפּ וואָס פלירטעוועט מיטן מאַטראָז): דו געדענקסט נישט. האַ? און וואָס איז דאָס־אַ? (נעמט אַרויס אַ שיינעם אינדיאַנישן בלענקעט) וואו האָסטו גענומען דעם־אַ בלענקעט?

**קאַלע:** איך ווייס נישט.

**אינדיאַנער:** ס'איז מיין בלענקעט—מיין מאַמע האָט עס מיר געשיקט.

**כאָסן:** איך פאַרשטיי. און דו האָסט גענומען דיין מאַמעס מאַטאָנע און עס אַוועקגעגעבן איר? האַ? דאָס הייסט, אַז דו האָסט זי ליבערשט ווי דיין מאַמען? דאָס הייסט, אַז אין דער צייט, וואָס דיין אַלטע מאַמע איז געלעגן ערגעץ אָפן פעלד און געציטערט פון קעלט, ווייל זי האָט דיר אַוועקגעגעבן דעם בלענקעט, אין דער זעלביקער צייט האָט איר ביידע גענוצט דעם בלענקעט אַף—כאַ־כאַ. דאָס איז זייער אָנשטענדיק.

**אינדיאַנער:** איך בין אַזוי אנשטענדיק ווי דו צו י ע ד ע ר צייט. און נאָך אַ ביסל אנשטענדיקער.

**אינגל:** דאָס האָט איר נישט באַדאַרפט זאָגן, מיסטער.

**כאָסן:** אויב אַזוי, איז געבליבן איין אויסוועג: זאָלסט מיט איר כאַסענע האָבן געזעצלעך.

אינדיאַנער (געפּלעפּט) : דאָס קען איך נישט. אז דער הויפּט־לינג פון מיין שייוועט וועט זיך דערוויסן, אז איך האָב געהייראַט מיט א בלאַס־הויטיקער, וועט ער פון מיר נעמען נעקאָמע.

כאָסן : אהאַ, דו האָסט מוירע. דו ציטערסט אין די הויזן. (וויל זיך געבן אַ לאָז).

(פייערמאַן קלאַפּט אין טיר)

אינגל : ווער איז דאָס?

פייערמאַן : איך, דער פייערמאַן פון אַנדערן פענצטער. עפן אויף!

אינגל (דערפרייט) : אָ, פייערמאַן, פייערמאַן, גיב מיר דיין היטל. כ'בעט דיך!

פייערמאַן : כ'קען נישט. איך דאַרף עס אַליין האָבן—אין פאַל פון א פייער.

אינגל : אָבער דאָ ברענט דאָך נישט.

פייערמאַן (דעקלאַמירט) : דאָ ברענט יאָ. ס'ברענט דער האַס פונעם אינדיאַנער צום כאָסן, די ליבע פון דעם מאַטראָז צום „קאָפּ" אָן א קערפּער, און די ליבע פון כאָסן—נאָר דאָס טאָר מען שוין נישט אויסזאָגן, ווייל ס'וועט הייסן רכילעס.

קאַלע (וויינענדיק) : איך ווייס, אז ער האָט ליב דעם בלאָנדן קאָפּ. איך ווייס!

כאָסן : נו, איז וואָס? איז וואָס? איך האָב כאָטש ליב א שיין, בלאָנד מיידל פון דער ווייסער ראַסע. אָבער דו וועמען האָסטו ליב? א ווילדן אינדיאַנער, א „באָם".

אינגל : דאָס האָט איר נישט באַדאַרפט זאָגן, מיסטער.

אינדיאַנער : (וואַרפט זיך אַף אים מיטן העקל).

פייערמאַן (לאָזט נישט) : וואָס טויג אייך ס'שלאָגן? שלאָגן זך פאַרשפּעטיקט מען קיינמאָל נישט.

מאַטראָז (קושט דעם קאָפּ) : דאַטסרייט!

פייערמאַן : איך גיב אייך נישט א פּעני פאַר דער גאַנצער ליבע.

אינגל : זאָגט עס נישט, מר. פייערמאַן! ליבע איז א גרויסע זאַך.

פייערמאַן : יעס, אָבער צו בראַנפן קומט עס נישט, און צו קיין טאַנץ אויך נישט. הערט, קינדער, לאָמיר בעסער אויסטרינקען. (נעמט אַרויס אַ פלעשל, אַלע טרינקען פון גרויסע גלעזער).

פייערמאַן : לעכאַיעם, קינדער!

אינגל: גיט מיר אויך אַ קליין ביסל בראנפן. איך וויל טרינקען אַף דער גרויסער ליבע.

פייערמאַן (גיט איט אויך אַ גרויס גלאָז): אויב דו ווילסט טרינקען אַף דער גרויסער ליבע, אינגעלע, מוזטו טרינקען אַ גרויס גלאָז בראנפן.. פארשטייסטו מיך?

קאַלע: לאָמיר זיין געזונט!

כאָסן: לעכאַיעם!

מאַטראָז: Let her go! (גיט דעם קאָפּ אַ ביסל פון זיין בראנפן. קושט זי) עך, גוט... ביי גאָט!

פייערמאַן: שאַ, וואו איז דאָס מיידל אָנ'ם קאָפּ? מ'דאַרף איר אויך געבן אַ ביסל בראנפן.

אינגל: ווי אַזוי וועט זי טרינקען?

מאַטראָז: שאַראַפּ, נישט דיין אייסעק!

פייערמאַן: ווער ווייסט פון וואָס זי האָט פארלוירן דעם קאָפּ?

מאַטראָז: פון אַ ליבע מיסטאָמע. אָבער סי מאַכט נישט אוים, צו ליבע דאַרף מען נישט האָבן קיין קאָפּ.

פייערמאַן: און איצט קען מען זי נישט יוזן?

מאַטראָז: פאַרוואָס נישט? (צום קאָפּ) סעי, עפּשער וואָלט געוועזן אַ פּלאַן, דו זאָלסט זיך אַרויפשטעלן אַף אירע פּלייצעס? וועסטו קענען כאַסענע האָבן און אַלצדינג.

קאָפּ: ניין, אַ דאַנק. מיר איז אַזוי גרינגער. און אויב עמיצער וויל כאַסענע האָבן מיט מיר צוליב מיינע גייסטיקע מאַילעס, איז גוט. אויב נישט—איז נישט. (אַ טרייסל מיטן קאָפּ).

מאַטראָז: כאַ־כאַ, דהאָט'ס ע דזשאָוק! (קושט זי) סיי־ווי־סיי האַלט זיך בעסער אַלע צו באַ די קעפּ, איר זאָלט זיי נישט פארלירן. אונזערע פארלירן די קעפּ זייער שנעל.

פייערמאַן: איצט אַז מיר זענען שוין גוט שיקער, וויל איך זאָגן, אַז, אַז—מיר זאָלן גיין טאַנצן. לאָמיר גיין טאַנצן, קינדער, איידער סי ווערט צו שפּעט.

שטימען: טאַנצן! טאַנצן!

(די ראַדיאָ שפּילט)

מאַטראָז: היי, שיין מיידל אָנ'ם קאָפּ, קום אַרונטער.

שטימע: איך שעם מיך.

פייערמאַן: איצט דאַרפסטו זיך נישט שעמען, איצט זענען מיר אַלע נאַקעט, ווייל מיר זענען שיקער. קום, מיידל.

פייערמאַן (טאַנצט מיטן מאַטראָז).

כאָסן (טאַנצט מיט דער קאַלע).

**אינגל** (שטייט און שפּילט זיך מיט די לאָקן פונם קאָפּ).

**אינדיאַנער** (טאַנצט מיטן בלענקעט, וועלכן ער האָט פאַרוויקלט ווי אַ קינד. ס'הערן זיך שטימען פון דרויסן).

**אינדיאַנער** (אין שרעק): איך האָב'ן קאָפּ פאַרלוירן.

**כאָסן** (אויך אַזוי): וואו איז מיין קאָפּ?

(פויזע. ס'הערט זיך אַ רויש פון שליסלען אין שלאָס. אַלע בלייבן שטיין שטיל אין פּאָזן פון מאַנעקינען. קעפּ פאַרביטן. אינדיאַנער קוקט אויס ווי דער כאָסן, טראָגט אַ צילינדער. יענער זעט אויס ווי אַן אינדיאַנער).

**אינדיאַנער**: זעט מיין אומגליק, קינדער, איך האָב אין איילע־ניש געכאַפּט אַ פרעמדן קאָפּ—און נאָך דעם קאָפּ פון אַ סוינע דאַצו.

**כאָסן**: איך אויך.

**קאַלע**: ס'איז פון גאָט. איצט קען איך כאָסענע האָבן מיטביידע און ס'געזעץ וועט מיר גאָר נישט קענען טאָן.

**מאַטראָז**: כאַ־כאַ.

**אינגל**: נישטאָ קיין ליבע.

**קאָפּ** (צום אינגל): וויש מיר אויס אַ טרער פון אויג, אינגל. (אינגל טוט עס).

(ס'עפנט זיך די טיר. אייגנטימער קומט אַריין מיט פּוילישער כאָסן־קאַלע און איר מוטער)

**אייגנטימער**: וואָס איז דאָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר, וואָס טוט זיך דאָ? ווער האָט פאַרביטן די קעפּ? און ווער האָט אַריינגע־שלעפּט דעם אינדיאַנער מיטן פייערמאַן פון נעקסט־דאָר? פּטו זאָל עס ווערן. (צו די קונדן) איר ווילט טאַקע באַלד אָנטאָן?

**פּוילישער כאָסן**: יעס, פּראָשענפּאַנאַ.. ס'וואַרט דאָ אין דרויסן אַ טעקסי. מיר פאָרן גלייך צו דער כאַסענע.

**פּוילישע קאַלע** (פאַרשעמט): וואו קען איך מיך אָנטאָן?

**אייגנטימער**: אָט דאָרט (זי גייט מיט דער מוטער).

**פּוילישער כאָסן**: און איך, פּראָשענפּאַנאַ?

**אייגנטימער**: אָט דאָרט (ער גייט אָפּ).

(אייגנטימער טוט אויס דעם כאָסן־מאַנעקין נאַקעט און גיט די קליידער דער מאַמען, וואָס שטייט און וואַרט. יענע דערלאַנגט זיי דערנאָך אַריין צו דעם כאָסן, וואָס שטייט הינטערן שפּאַנישן ווענטל. צום סאָף טוט ער אויס די קאַלע און ווען די מאַמע נעמט די קליידער, פאַלט דער פאָרהאַנג).

# דער געלער קאַדריל

## (בופאָנאַדע)

(די סצענע שטעלט פאָר די גאַנצע כאָפּטע געלוואַרג: די וואָנצע לעקערס, די פּעדערווישערס, די טינטגיסערס, די מאַצעוואַלגערערס, די בנויס־צעלאָפּכאָד,—אַלע געל ווי דער „פּאָרוועטס". זיי טאַנצן דעם טאַנץ אַרום דעם אַלטן באָק, און זינגען זייער געזאַנג. שפּעטער אַביסל קומט דער געלער טשיף נאָענט צו דער ראַמפּע. עטלעכע פּלעדערווי־שערס און די בנויס־צעלאָפּכאָד טראָגן אים נאָך אַ ציבער מיט קאָ־ווער).

### די געלע פּעדערווישערס

מיר זענען די געלע פונם צענטן שטאָק.
מיר דינען צום ציג־ציג־ציגן־באָק!
מיר זענען די קריכער, די שמייכלער, די לעקער.
מיר זענען די כוורע פון „פּאָרווערטס" און „וועקער".
טאַנצן מיר, טאַנצן מיר דעם קאַדריל,
וואָס דער ציג־ציגיינער וויל.

(טאַנצן אַ קאַדריל).

### די מאַצעוואַלגערס:

מיר וואַלגערן די מאַצעס, די לאָקשנברעטער.
מיר וואַסערן דאָס וואַסער, און קנעטן די קנעטער.
אַ מאַירע אַראָפּ און אַ מאַירע אַרויף.
דאָס ליד איז געענדיקט און דאָס איז דער סאָף:
מיר זענען וואָס אין קאָרט און אַלץ וואָס איז מיעס
מיר לעקן בא באָסעס די שמוציקע פיס!

### די טינטגיסערס:

מיר גיסן די טינט ווי בלוט אף די גאַסן
מיר שמירן מיט הענט און מיט פיס און אָפּצאַסן.

מיר זענען די לומפּן, די הינקער, די קריכער,
מיר נעמען די וועלט אַפּן גאַנצן זיכער!

וואַנצעלעקערס:

מאַמע מאַמאָן און נישט קיין מעפּונעק,
א סימען, אַז קאַהאַן איז אירם א מיזיניק.
פאַרוואָשן פּאָנים און פאַרשטאָכענע אויגן
זיין יעדער שמיר איז מיט גאָלד געוואויגן.

אַלע:

מיר טאַנצן א טאַנץ צום ציגנבאָק.
(רופן אַרויף)
העי געלער רעדאַקטאָר פונם צענטן שטאָק!

(דערשיינט קאַהאַן, אין אַ קליידל פון אַ באַלערינע, אויסגעשניטן זייער טיף. אין איין האַנט האַלט ער אַ בלומענוויעכעטש, אין דער אַנדערער אַ פאַקל. ער דרייט אויס דעם קאָפּ אַף הינטן, און וויל זיך אַליין אַ קוש טאָן אַף אַ געוויסן אָרט, נאָר ער קען נישט. רופט ער צו די מאַצעוואַלגערס און די אַנדערע, זיי קושן אים אַלע אַרום, דערנאָך פּעכערן זיי אים מיט לולעוו־בלעטער, בעיס ער טאַנצט און זינגט מיט אַ כאַזאָנישער קאָלאָראַטורע).

סאָלאָ:

איך בין קאַקאַ־קאַהאַן,
וואָס איז רעדן צו פאַראַן?
איך בין פירער פון פאַרפירער,
געלער פריסט פון געלע שמירער.

נישט קיין פּראָסטע פּראָסטיטוטן,
נאָר קולטורנע אינסטיטוטן.
מיט סעקס־געבעקס און פרויענזאַכן.
טו איך מיין קריטיק פאַרבראַכן.

כאָר פון פעדערווישערס:

זעט נאָר זעט, און שטאָ טאַם טיצעך,
אַז ער שרייבט „רפאל נעריצעך".
(שרייבן שרייבט ער אַף טאַגדעט
דעם א שטאָך און דעם א גלעט).

קאַהאַן:

איך בין דום, און ווער אַלץ דומער
וואָס גאָט גיט אַ נייעם זומער—
ווער איך דומער, ווער איך פרומער.
איך ווייס נישט וואָס מי רעדט שוין צו מיר!
וואָס איך שרייב איז נישט געשטויגן,
נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.
בלינד בין איך אױף טויזנט אויגן
טויגן טויג איך נאָר צו זויגן.
זויג איך ווי אַ טייך־פּיאַווקע
פון די אַרבעט־מענטשן ד א ו ו ק ע.
פון די גלויביקע נאַראָנים,
פון די נארישע פּאַכדאָנים.
מיט וואַטע און מיט געלן צווירן
אָנגעפּילט איז מיין געהירן,
און מיין האַרץ, צי ווייסט איר כאָטשע?
איז אָנגעפּילט מיט קאַלטער קלאָטשע!

כאָר פון מאַצעוואַלגערם:

מיר גייען פאָרווערטס־קריקצעוועגס.
אולאַ, לאַלאַ, קריקצעוועגס,
ווי די ראַקעס קריקצעוועגס.

(גייען עטלעכע טריט קריקצעוועגס. די איבעריקע געלע שמויגערס טוען זיי נאָך)

איינס, צוויי, דריי און פינעף און זעקס,
מיר וואָס באַקן געל געבעקס,
ווייסע כאַלעס, שוואַרץ באַשמירט
באַקן מיר אױף געל פּאַפּיר!

די בנוים־צעלאָפּכאָד:

זעכצן „קווינס" און זיבן „טייזעס"
מיר גלויבן נאָר אין „סעקסערסייזעס"!

קאהאן:

בינען בין איך א רעדאקטאָר,
ווי א וואָרים א צעהאַקטער,
דריי איך מיך אַף אַלע זייטן—
נישט צו גאָט און נישט צו לייטן.

איינע פון די בנוים-צעלאָפּכאָד:

(אָנגעטאָן ווי אַ גאַנז, מיט אַ שוואַנס־פעדער הינטערן אויער)

איך גיי אום אין פייגנבלעטער
און א קוש דערפאַר מיר געט ער!
כאָטש איך בין א פּראָסטע גאַנז
איז מיין פעדער דאָך א שוואַנס.

כאָר פון אַלע געלע:

אולאַ, לאַלאַ, מיט שאַנד און שונד,
האָבן מיר געמאַכט א בונד.
מיר גייען פאָרווערטס־קריקצעוועגס.
אולאַ, לאַלאַ, קריקצעוועגס.
ווי די ראַקעס קריקצעוועגס.

קאהאן:

ווען איך גורט מיך אָן די לענדן
טו איך מיך צו אייזלען ווענדן.
בלינדע אויגן צו פאַרבלענדן
מיט מיין יענטע טעלעבענדען!

כאָר פון פעדערווישערס:

טעלע, טעלע, טעלעבענדע,
קום און שונדעווע און שענדע
געלער פּאַסקווילן־קלעפּער,
פון דעם פּיפּערנאָטער־פּעיפּער!

קאהאן:

ליב האָב איך נאָך די כאַזאָנים
און איך פּראָטעזשיר נאַראָנים,
און די לעקערס און די „גילים"

און די פרומע אידן־קעהילעס.
כ'בין א „פלעינער״ פלוין־בען־פלוני,
א מין סענדערל מוקדוני.
קאָוועד, קעש, און דאַנטשענאָו ?
אויך אמאָל א פעטע פרוי.

די בנוים־צעלאָפכאָד :

מיר שרייבן פלעין גאָר אָן שום באדער,
פון הויכע זאכן, ווי א... גארדער...
העלאָ, באָיעס, זאָגט, ווי גייט עס ?
צי גלייכט איר קאהאנס סוויטפּאָטייטעס ?

(הערט זיך אַ קלינגען פון קוני איילענדער גלעקער. אַלע פאַלן אַף די קניעס און עסן שטילערהייט „סוויטפּאָטייטעס״).

קאהאַן :

(מיט אַ געלן מאָגן־דאָוויד אַף אַ שטעקן, זייער פרום)

באָסעלעך פון אלע לענדער,
פאַראייניקט זיך,
פאַראייניקט זיך,
אַף גיך, אַף גיך !
מיט די שינדער און די שענדער—
—באָסעלעך פון אלע לענדער !

כאָר פון אַלע געלע :

(קריכן בעשאָס־מאַיסע ווי ראַקעס)

שפּילט־זשע אידן אונז א פריילעכס,
מיר גייען פאָרווערטס הינטערווייליעכס,
ווי די ראקעס, ראקעס, ראקעס,
סאָציאַלע דעמאָקראַקעס.

קאהאַן :

מיר גלויבן אין דעם באָס דעם זאטן,
מיר, די גאדעם דעמאָקראטן,
סאָשעל, גאדעם, דעמאָקראַטן.

אַרבעטער-אוילעם:

(פון אַלע זייטן פונם טעאַטער)

זאָל אַ רואך אין זייער טאַטן,
גאָדעם סאָשעל דעמאָקראַטן,
דעם יו —
דעם יו —
דעמיוקראַטן!!!

# די לעצטע מינוטן פון אַ זייגער

(לויט שאָלעם־אַלעיכיים, אין צוויי סצענעס)

## ערשטע סצענע

אַ ווינטעדדיקער פרייטיק־צונאַכטס. בענטשליכט האַלב אויסגעברענט. באַם טיש די מישפּאָכע—אַ כוץ די מומע יענטע און רעב לייביש כאַקרען.

**נאָכעם** (גייט אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב, זינגט שיר האַשירים. אַוורעמעלע גייט אים נאָך, זינגט אויך. רעב נאָכעמס ווייב זיצט באַם טיש, קוקט אַריין אין טייטש־כומעש).

**נאָכעם**: שיר האַשירים אַשר לישלוימע, יישאָקיינו מינשיקוים פּיהו (ווערט שטיל).

**אַווראָם**: קי טויווים דוידעכאָ מי־יאַין. (ווערט שטיל. זאָגט רעב נאָכעם ווייטער. אַזוי עטלעכע שורעס נאָך עטלעכע שורעס, אָן אַ כעשבן).

**נאָכעמס ווייב** (לייענט פון טייטש־כומעש).

**נאָכעם** (געענדיקט): גוט שאַבעס.

**נאָכעמס ווייב**: גוט שאַבעס, גוט שאַבעס.

**אַוורעמל**: גוט שאַבעס.

(זעצן זיך צום טיש. נאָכעם מאַכט אָפּ קידעש שטי־לערייט. אַוורעמל אויך. זעצן זיך עסן)

**נאָכעמס ווייב**: היינט שפּעט אַהיימגעקומען פון שול. (קוקט אַפן זייגער). שוין באַלד ניין דער זייגער.

**נאָכעם**: וויפיל? ניין דער זייגער? וואָס הייסט ניין דער זייגער? פונוואַנען האָט זיך גענומען אַזוי גיך ניין דער זייגער?

**נאָכעמס ווייב**: פונוואַנען ס'האָט זיך גענומען, פרעגסטו? סי האָט זיך גענומען פון דאָרטן וואו אַלע זאַכן נעמען זיך. איך האָב כאָלילע נישט אונטערגעוואָרפן.

נאָכעם (מיט כעס): כ'מיין... צי איז נישט אַמאָל דער זייגער?

אַוורעמל: רעב לייביש זאָגט, אַז אונזער זייגער איז . . . קענגן זיין זייגערל אַ גרויסע שמאַטע. אַזוי זאָגט ער. נישט ווערט קיין שמעק־טאַבאַק, זאָגט ער. נאָר ווערליג סי איז פאַראַן זייגערס, מאַכט ער, איז אונזער זייגער אַ זייגער.

נאָכעם (שיר פון די קיילים): לויט ווי ס'איז פאַראַן זייגערס איז אונזער זייגער אַ זייגער. איך האָב נאָך אַזאַ אידן נישט געזען! נאָר ער פאַרגינט מיר נישט דעם זייגער.

נאָכעמס ווייב: נו, נו, זאָג נישט, נאָכעם! רעב לייביש פאַרשטייט זיך זייער גוט אין זייגערס.

אַוורעמל: און אַפן לואַך אויך. ער קען טרעפן אַפן לואַך.

נאָכעם: פונוואַנען ווייסטו? דו רעדסט! ער רעדט. ער הערט זאָגן לואַך־שמואַך, רעדט ער נאָך. לואַך! דו האָסט אַמאָל געזען אַ לואַך? דו ווייסט וואָס אַ לואַך איז?

נאָכעמס ווייב: בייזער דיך נישט, נאָכעם, וואָס איז דאָס קינד שולדיק? ער הערט מי זאָגט, זאָגט ער אויך.

נאָכעם: מי זאָגט — זאָגט ער אויך. וואָס זאָגט מען? לאָמיך הערן. דאַכט זיך איך בין אויך אַ היגער, און איך הער נישט.

נאָכעמס ווייב: מיילע, באַ דיר איז דאָך אי י ן גאָט און לעהאַוודל אי י ן וואַנט־זייגער. מער קיין זייגערס איז נישטאָ, נאָר דיינער!

נאָכעם: זאָלסטו וויסן! זיי מעגן זיך אַפילע שטעלן אַף די קעפּ, די היינטיקע כאַכאָמים מיט די כראָנאָמעטערס און מיט די שווייצאַרישע ווערק — ס'האָט די ווערט אַ פּעטרישקע. שענערע זייגערס קענען זיי מאַכן. דאָס יאָ. ווייס איך אויך נישט. אָבער בעסערע? וואָס הייסט בעסערע? וואָס קען זיין בעסער? אַ זייגער גייט שוין 22 יאָר.

נאָכעמס ווייב: זאָגט כאָטש, קיין איינהאָרע נישט.

נאָכעם: איך זאָג דאָך: אַ זייגער גייט שוין קיין איינהאָרע נישט העכער 22 יאָר, און האַלוואַי ווייטער. באַ מיר איז רעכט, אַז ער הויבט זיך ערשט אָן צו פּאַרקאַטשען צו גיין, און צו גיין. און ווי אַזוי גייט ער! אַ גאַנג ווי אַ פּירל. עמעס, איינמאָל אין יאָר דאַרף מען אים אַ ביסל אויסרייניקן, אַרויסנעמען די שפּינוועבס מיט די געמיימיסטע פליגן, וואָס שפּינען האָבן אַהינצו פאַרנאַרט. אָבער אַז מי רייניקט אים אויס און מי הענגט אים אויף קריק, איז ער דער־זעלביקער זייגער, נאָר אַ שענערער. ער שיינט מאַמעש.

אַוורעמל: ווי אַן אויסגעצוואָגענער.

נאָכעמס ווייב: און אַז דו רעדסט וועגן זייגער וואָס שיינט— שיינסטו אַליין אויך. בראָש האַלטסטו פון דעם זייגער, ווער־ווייס־וואָס.

נאָכעם: וואָס הייסט איך האַלט פונם זייגער ווער־ווייס־וואָס? ס'איז דאָ באַ אונז אין קאַסרילעווקע אַ בעסערער זייגער? גלאַט זי רעדט.

אַוורעמל: נו, און רעב לייבישעס זייגערל? ער שטעלט עס דאָך אָן לויט דער זון. אַזוי זאָל איך זיין געזונט, טאַטע, ווי איך האָב אַליין געזען. אילע מיטוואָך קלעטערט ער אַרויף פון אויבן אַף דער ווייבערשער שול, אָדער אַפן שפּיץ באַרג, אין איין האַנט האַלט ער זיין זייגערל, אין דער אַנדערער האַנט—דעם לואָך, און ער טשאַטעוועט אַזוי לאַנג ביז ער כאַפּט די זון אין דער סאַמע רעגע, וואָס זי גייט אונטער, און אַז ער כאַפּט זי—די זון הייסט דאָס—גיט ער אַ מאַך „געכאַפּט”, אַזוי זאָל איך זיין געזונט, איך גאַר נישט אָפּ.

נאָכעמס ווייב (גלעט אַוורעמלען די פּייעלעך): מע גלויבט דיר, קינד; דאַרפסט דיך נישט שווערן.

נאָכעם: זי גלייבט אים שוין! „געכאַפּט!”—וואָס האָט ער געכאַפּט, רעב לייביש? די זון האָט ער געכאַפּט? ער האָט זי גע־כאַפּט באַם עק, האָט ער זי געכאַפּט? טיפּשים רעדן. (דער זייגער לאָזט אַרויס אַ קראַנקן פערטל קלונג) וואָס פעלט אונזער זייגער?

נאָכעמס ווייב: צון אַזאַ זייגער, אַז גאָט העלפט, אַז מ'איז געזונט, און מי האָט פּאַרנאָסע.

נאָכעם: בע־בע־בע, ווען סי זאָל זיין פּאַרנאָסע. (מיט אַ טיפן זיפץ). וואָס וואָלט אונז, קאַסרילעווקער אידן, געפעלט? (קומט אַריין דער שאַבעס־גוי). אַי, וואָס מיר זענען אין גאָלעס באַ אים־אָ (ווייזט אַפן שאַבעס־גוי) אויך די אייגענע מאַיסע, און אַז ער איז נישט אין גאָלעס, נעמט ער נישט אַראָפּ באַ אונז די לייכטער?

שאַבעס־גוי (מיט די לייכטער, אָפּ. פאַרשטייט נישט וואָס מע רעדט): בלאַגאָדאַריו!

נאָכעם: האַזאָן עס האָאוילאָם—פּע. באָרוך אַטאָ אַדאָנאָי— פּע. האַזאָן עס האַקויל. בכאָל יוים אוּאוּוכאָל איים, אוּאוּוכאָל שאָאָ. פּע... (בענטשט. באַ יעדן פרומען וואָרט גייט אים אויף, און ער מאַכט „פּע").

אַוורעמל (בענטשט אינדערשטיל).

נאָכעמס ווייב (בענטשט אַף איווריי־טייטש. פּויזע. רעב נאָכעם מיטן רוקן צום אוילאָם, לאָזט אַרויס אַ געניץ. אַוורעמל

כאַפּט אים אויף, דערנאָך נאָכעמס ווייב. דערנאָך גענױצט דער זייגער).

נאָכעם (באַם פענצטער): אַ היפּש פּרעסטל אין דרויסן. פון יענע פּרעסטלעך.

נאָכעמס ווייב: די נעכט זענען שוין היינט גרעסער.

אַורעמל: דו ווייסט פאַרוואָס די נעכט זענען איצט גרעסער, מאַמע?

נאָכעמס ווייב: פאַרוואָס, מיין קינד?

אַורעמל: ווייל די טעג זענען קלענער.

נאָכעם (מיט אומגעדולד): אַ נייס האָט ער אויסגעפונען! זומער זענען די טעג גרעסער, זענען די נעכט קלענער. ווינטער זענען די נעכט גרעסער, זענען די טעג קלענער. אָ־כאָ־כאָ (גענױצט און ענדיקט בענטשן).

נאָכעם: די פיש מיט כריין זענען היינט געווען זייער געשמאַק, מאַלקע. און דער פלוימענצימעס איז גאָר געווען כאַריפּעס.

נאָכעמס ווייב: כאַריפּעס, באַ דיר איז אַלצדינג כאַריפּעס.

נאָכעם: זאָלסטו וויסן, אַז כאַריפּעס. דאָס מאַרכביינדל אינם צימעס איז גאָר געווען כאַריפּעס. וואו האָסטו גענומען אַזאַ גוט מאַרכביינדל?

(אויפטריט מומע יענטע)

מומע יענטע: אַ גוט שאַבעס! איך האָב געהערט, אַז ס'איז באַ אייך דאָ פרישע סעמעטשקעס. דער כיסאָרן וואָס ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו קנאַקן. נישט מער זאָל מיין שלים־מאַזל לעבן וויפל איך האָב ציין אין מויל. ווי געפעלט דיר, מאַלקע, די היינטיקע פיש? וואָס סי האָט זיך אָפּגעטאָן באַ זיי! איך פרעג אים, מנאַשע דעם פיליער, וואָסי אַזאַ יאַקרעס אַף אייך? שפּרינגט אונטער סאָרע־פּערל די נגידעס: „גיט מיר גיכער, גיט מיר, וועגט מיר אָפּ דאָס העכטל!” וואָסי אַזאַ היץ אַף אייך, זאָג איך, גאָט איז מיט אייך, דער טייך ברענט נישט, און מנאַשע וועט די פיש קריק אין טייך נישט וואַרפן. באַ די נגידים, זאָג איך, איז אַפּאָנים—געלט וואָלוול און סיכל—טייער! נעמט זי דאָך מיסטאָמע און עפנט אַף מיר אַ מויל. „קאַב־צאָנים”, זאָגט זי, „האָבן דאָ נישט וואָס צו טאָן. אַן אָרימאַן”, זאָגט זי, „טאָר זיך נישט גלוסטן”. „וואָס דען”, זאָג איך, „נאָר אייך דאַרף זיך גלוסטן?” אַז גלוסטן זאָל זיך איר וואָס א י ך וויים! וואָס זאָגסטו אַף אַזאַ הולטאַיקע? אַזאַ גראָבע סטערווע. אַזאַ שטיק פלייש מיט אויגן. פונקט ווי פעסל־פּייסע־אַווראָמס

נעמט זיך איבער מיט איר טאָכטער, וואָס זי האָט כּאַסנעע געהאַט פּאַר אַ גוויר פון סטרישטש. אידישע גליקן! מי זאָגט, אַז זי ווערט באַ אים גוט פאַרשוואַרצט, סאַך־האַקל איז דער גוויר אַ קאַיסן אַ איד, וואָס אַז ער ווערט אין קאַאַס, איז באַ אים רעכט אָפּשרויפן אַ הענגלייכטער פון סטעליע און וואַרפן מ׳ווייב אין קאָפּ אַריין. אַכוץ וואָס ער האָט אַ פולע שטוב מיט קינדער, דאָס הייסט, נישט קיין קינדער, נאָר שטיף־קינדער. דאָס הייסט באַ אים זענען זיי קינדער, נאָר באַ איר זענען זיי שטיף־קינדער. איז דאָך שוין דאַכט זיך גענוג, אַז מי האָט כּאַסנעע פּאַר אַזאַ נאָגיד — איאָ? לאָזט זיך אויס, אַז דער וויסטער נאָגיד איז נאָך צו די אַלע צאָרעס אַן אָרימאַן אויך, אַ קאַבצן אין זיבן פּאָלעס. אַמאָל איז ער עפּשער יאָ געוועזן אַ שטיקל נאָגיד, אָבער היינט איז ער... שאַ, וויפיל האַלט באַ דיר דער זייגער, נאָכעם? איך האָב מיך פאַררעדט, פרעג וואָס, פרעג ווען. סי ווערט שוין היינט שפּעט נאַכט. אין דרויסן איז אַ פרעסטל — אָוואַ. אַ ווייס פרעסטל, אַ קרוכלע.

(אויפטריט רעב לייביש כּאַקרען)

לייביש: גוט שאַבעס, וויפיל האַלט באַ אייך דער זייגער? ס׳איז עפּעס היינט צוגעפאַלן די נאַכט פריער ווי טאָמיד. דערלאַנגט אַ פאַל־צו מיטאַמאָל. מ׳האָט אַפילע נישט געזען פונוואַנעט. (נעמט אַרויס ווי נישט אומיסנע זיין זייגערל).

נאָכעמס ווייב: איר זאָלט נישט וויסן אַקוראַט, רעב לייביש?

לייביש: וואָס בין איך?

נאָכעמס ווייב: איך ווייס, די וועלט זאָגט דאָך אַף אייך, רעב לייביש, אַז איר שטעלט אָן דאָס זייגערל אייערס לויט דער זון —

נאָכעם: איר זענט אַ באַלן, שמועסט מען, אַרויפקריכן אַפן שפּיץ באַרג, ווען די זון גייט־אונטער, און אַראָפּכאַפּן די צייט אַקוראַט אַף אַ האָר. אַ באַלאָנעם אַביסל. אַף דעם דאַרף מען צו זיין אַ באַלן. איך קען דאָס נישט.

לייביש (זעצט זיך): מאַלע... איינער קען, און איינער קען נישט. איינער איז אַ באַלן, איינער איז נישט קיין באַלן. איך האָב מיך פיינט צו פאַרלאָזן (מיט אַ שטאָך) אַף פרעמדע זייגערס, וואָס אַמאָל זאָגן זיי דעם עמעס, און אַמאָל — נישט. אין די זאַכן, רעב נאָכעם, האָב איך מיך ליב צו פאַרלאָזן אַף גאָט, אַף גאָטס זון. איר פאַרשטייט? אין דער זון כאַפּט זיך נישט אַריין קיין שפּינוועבס אינוויינעק, און קיין טאַראַקאַנעס מיט נעסטלעך אַוואַדע נישט. אַ זון

פאַרשטייט איר מיך איז אַ זון. און אַן אַלטע קיילי איז אַן אַלטע קיילי. ווי זאָגט עפּעס די וועלט אַ ווערטל, רעב נאָכעם: וואָס יונג איז נישט אַלט. מיט זייגערס איז אויך אַזוי. אַ יונגער זייגער איז נישט קיין אַלטער (ציט אָן זיין אייגן זייגערל).

מומע, ווייב, אַווערעמל (אין אַ ווינקל, קנאַקן דערווייל סעמעטשקעס).

נאָכעם (קוקט אים גלייך אין די אויגן): איז וואָס־זשע ווילט איר דאַמיט זאָגן, רעב לייביש?

לייביש: איך וויל זאָגן, אַז עפּעס געפעלט מיר נישט אייער זייגער די לעצטע צייט. עפּעס כריפּעט ער אונטער, ווי אַ דעכטעווויטשנער איד. איידער ער באַדאַרף זיך אויסהוסטן (גייט צו צום זייגער, לייגט צו אַן אויער) איר ווייסט וואָס איכ'ל אייך זאָגן, רעב נאָכעם?

נאָכעם וואָס?

לייביש: אייער זייגער וועט שוין, דאַכט זיך מיר, לאַנג קיין מיסט נישט מאַכן.

נאָכעם: עפּעס זייער גרינג זאָגט איר אים אָפּ ס'לעבן, רעב לייביש!

לייביש: איך זאָג אים אָפּ? וואָס בין איך פאַר אַן אָפּזאָגער? איר זאָלט האָבן אַ יעדיע אין דער כאָכמע פון זייגערמאַכעריי אַזוי ווי איך, וואָלט איר אַליין פאַרשטאַנען, אַז מיט אַזאַ גאַנג ווי אייער זייגער גייט, קען מען ווייט נישט איינגיין.

נאָכעם: פאַרוואָס? ווייל אַזוי גלוסט זיך אייך צו זאָגן! 22 יאָר איז ער יאָ געגאַנגען און אָפן 23טן יאָר וועט ער מיטאַמאָל כאַפּן און אויפהערן צו גיין! אַוואַדע שטעקט אין דעם אַ גרויסער סייכל, וואָדען.

לייביש: האָט קיין פאַריבל נישט, רעב נאָכעם, וואָס איך זאָג אייך, נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז אַזוי זענט איר דאַווקע אַ קלוגער איד, נאָר אַז סי קומט צום זייגער צו אייערן האָט איר טאַינעס, „געגאַנגען 22 יאָר און אָפן 23טן וועט פּלוצים דאַרינען אויפהערן גיין!” נו, למאַי אַ מענטש! אַ מענטש לעבט 90 יאָר, גאַנץ שיין, אַ יאָ? און אַפן 91טן יאָר שטאַרבט ער כאַס־וועשאָלעם. הייַנט אַז אַ מענטש לעבט נישט אייביק, מיקאָלשקען אַ זייגער.

נאָכעם: מיט אייך איז עפּעס ווי מיט יענעם ציגיינער מיט די פערד, להאַוודל, אַזוי זענט איר, דאַכט זיך, אַ גאַנץ קלוגער איד, נאָר אַז סי קומט צו מ י י ן זייגער, רעדט איר, האָט קיין פאַריבל נישט,

לויטער שטוסים. וואָרין וואָסיז? דער דויפּעק געפעלט אייך נישט. דער קלאַפּ איז נישט קיין גוטער.

לייביש: דאָס אויך. דאָס קלאַפּן איז טאַקע אַף אַלע מיינע סאָנים געזאָגט געוואָרן, נאָר נישט דאָס אַליין. איך האָב נאָך פאַראַכ־טאָג מעהאַדער געווען, אַז אייער זייגער לויפט אַף גאַנצע אַנדערהאַלבן מינוט.—דאָס הייסט 90 רעגעס.

נאָכעם: שוין? אָפּגערעדט? ווי־זשע איז דער דין, אַשטיי־נער, אַז מי זאָל זאָגן די אייגענע זאַך קריק?

לייביש: אַז וואָס?

נאָכעם: טאָמער וואָלטן מיר געלערנט דעם פשאַט פאַרקערט, אַז נישט מיין זייגער לויפט, נאָר, אַז אייער זייגערל גייט איינ־געהאַלטן מיט אַנדערהאַלבן מינוט. אַ קאַשיע אַף אַ מאַיסע? באַ אייך איז דאָך אַלצדינג מיטן קאָפּ אַראָפּ, רעב לייביש, אַפן בעסטן כאַזן זאָגט איר דאָך, אַז ער איז אַ קאַטשען, אַפן קליגסטן מענטשן זאָגט איר, אַז ער איז אַ בעהיימע בצוראַס פערד, אַפן גלייכסטן שידעך זאָגט איר, אַז סי איז קרום, ווי אַ קאָטשערע. כ׳וויים? איר זענט שוין אַזאַ מענטש. איר האָט האָלד צו רעדן אין דער גאַל אַריין, האָט קיין פאַריבל נישט.

לייביש: נו, לאָז זיין אַזוי! (הויבט מיט די אַקסלען) ווען סי זאָל זיין אַן אַנדער איד, רעב נאָכעם, נישט איר, וואָלט איך געגעבן אַ זעץ מיט דער טיר און — נישטאָ מיך! נאָר גאָרנישט איר זענט רעב נאָכעם. (ביטער) מיין זייגערל גייט איינגעהאַלטן? איר ווייסט וואָס איר רעדט, רעב נאָכעם? גלאַט גערעדט רעכילעס אַף אַ פרעמד זייגערל.

נאָכעם: און איר ווייסט וואָס איר רעדט, רעב לייביש? באַישער וואָס? מיין זייגער איז אַ וואַנטזייגער, דאַפאַר איז ער קיין זייגער נישט? כ׳מיין... גלאַט גערעדט! 22 יאָר אַז מיין זייגער וועקט קאַסרילעווקע צו סליכעס, צו כאַצאָס, צו ליכט־בענטשן, אוכדוי־מע! 22 יאָר אַז אַ שטעטל פאַרלאָזט זיך אַף אַ זייגער, 22 יאָר אַז אַ זייגער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אַפילע אַף אַ מעס־לעס, נישט פאַרזוכט דעם טאַאַם פון אַ זייגערמאַכער, קומט איר צו גיין און זאָגט: סי געפעלט אייך נישט דער גאַנג זיינער!

לייביש: סי געפעלט מיר טאַקע נישט. סי איז להאַוודל, כאַלילע, אַ מענטש מיט אַ טשיכאָטקע. מ׳קען לעבן מיט איין לונג אויך. און מיט אַ ראַק אין מאָגן, כאַס־וועשאַלעם, קען מען אויך לעבן. אָבער וואָס פאַראַ לעבן איז דאָס!

נאָכעם: האָט שוין מיין זייגער טשיכאָטקע גאָר! און אַ ראַק

אין מאָגן! אַ נייע זאַך. זייגערס האָבן שוין גאָר ראַקעס אין מאָגן. עפּשער דאַרף מען נאָך זיי זאָגן קאַדיש אויך? עפּשער האָבן נאָך זייגערס נעשאָמעס אויך. באַ איך, רעב לייביש, איז דאָך אַלצדינג געמאָלט.

לייביש: וואָס־זשע מיינט איר?

(דער זייגער שלאָגט דרייצן — בעאייס זיי רעדן נאָך)

אוורעמל (ציילט): איינס, צוויי, דריי, זיבן עלף, צוועלף, דרייצן, אוי, דרייצן!

נאָכעם: דרייצן? (מיט געלעכטער) ביזט אַ שיינער באַל־כעשבן, קיין אין־האָרע נישט. האָסט אַמאָל געהערט אַ זייגער זאָל שלאָגן דרייצן?

אוורעמל: דרייצן! ווי איך בין אַ איד, אַז דרייצן.

נאָכעם: דרייצן פּעטש וועסטו פון מיר כאַפּן—דו! זאָלסט דאָס אַנדערע מאָל נישט איבערכאַזערן אַזאַ נאַרישקייט. גוי! אַ זייגער קאָן נישט שלאָגן קיין דרייצן!

נאָכעמס ווייב: ווייסטו וואָס איכ'ל דיר דערציילן, נאָכעם? איך האָב מוירע, אַז דאָס קינד איז גערעכט. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אויך איבערגעציילט דרייצן.

מומע יענטע: נייע מאָדע זייגערס! שלאָגן גאָר דרייצן. וואָס אַרט זיי? סי קאָסט זיי עפּעס טייער?

לייביש: איך האָב מיך פאַרשמועסט, האָב איך נישט געהערט. אָבער אַף אייער זייגער וואָלט מיר נישט געווען קיין כידעש, ווען ער זאָל שלאָגן דרייצן. אַף אים קען מען זיך אַלצדינג ריכטן.

נאָכעם: שוין! אָט האָסטו דיר די אַנדערע טעג יאַנטעף! און באַ אים (ווייזט אַף רעב לייבישן) איז שוין קיין כידעש נישט אויך. מאַכמעס וואָס? זינט מ'קען מיין זייגער, שלאָגט ער דאָך שטענדיק דרייצן. איאָ? (פאַלט פונדעסטוועגן אַריין אין אַ טאָן פון ספּאָפעק).

דער זייגער שלאָגט נאָכאַמאָל דרייצן. אַלע בלייבן פאַרגאַפּט, מיט די צינגען אין דרויסן, אַ כוץ לייביש, וואָס האָט שטילערהייט אַ שטיקל האַנאָע פון דעם גאַנצן אייסעק.

פאָרהאַנג.

## צווייטע סצענע

(באַם זייגער שטייט אַף אַ ביינקל רעב נאָכעם. לעבן
אים אַף דריערד זיין ווייב און אינגל)

אַוורעמל: נעכטן האָט ער צום ערשטן מאָל געשלאָגן דרייצן, און היינט שלאָגט ער שוין קסיידער דרייצן. ער שלאָגט שוין נישט עפּעס אַנדערש.

נאָכעמס ווייב: אַ זייגער זאָל גאָר שלאָגן דרייצן!

נאָכעם: מננאָ! דרייצן, דרייצן! (כקירעט מיט זיך אַליין) געשלאָגן דרייצן! וואָס הייסט דאָס? און וואָס קען דאָס מיינען? זאָל איך זאָגן, אַז ר'איז קאַליע, וואָלט ער זיך דאָך געשטעלט. עלאָ וואָדען? מוז איך לערנען דעם פּשאַט און זאָגן: אַ שפּריזינקעלע?

נאָכעמס ווייב: דאַרפסטו כקירען „אַ שפּריזינקעלע?" אַמער נעמט מען אַראָפּ דעם זייגער און מי מאַכט אים צורעכט. מיילע, נעכטן איז געווען פּרייטיק־צונאַכטס, אָבער היינט. ביזט דאָך עפּעס אַ מייסטער.

אַוורעמל: נעם אים אַראָפּ, טאַטע.

נאָכעם: אַראָפּנעמען, האַ? וואָס איז? ווילסט אַ קוק טאָן פונוואַנעט די פּים וואַקסן. קאַרג טשעפּעסטו דעם זייגער אַזוי?

אַוורעמל: איך טשעפּע דעם זייגער?

נאָכעם: ניין, א י ך טשעפּע אים!

נאָכעמס ווייב: וואָס האָסטו זיך אָנגעבונדן אין קינד, נאָכעם? וואָס איז ס'קינד שולדיק? ביזט ווערט כ'לעבן, מ'זאָל דיר כ'וויים־וואָס. אַף דער פּולער וואָך נאָך. ערשט אָפּגעמאַכט האַוודאָלע — טשעפּעט ער זיך צום קינד. מימאַ־נאַפשעך, קענסטו פאַררוכטן—פאַרריכט, אַז נישט, אויך די אייגענע מאַיסע. אָבער צום ערשטן נעם אים אַראָפּ און גיב אַ קוק.

נאָכעם: שאַ, עפּשער ביזטו גערעכט. לאָמיר אים צעלייגן. גיב אַכטונג, היט דיך! פּאַוואָלי דאָס ווערק! פּאַוואָלי די שויב!

(ביידע נעמען אַראָפּ דעם זייגער, צעלייגן אים אַפּן טיש, נאָכעם שפּריצט אים איין אויל, הערט זיך צו ווי אַ דאָקטאָר, טאַפּט אים באַם דויפעק פון אומרו. ער שטעלט אים אַוועק, ציט אים אָן. ער קלינגט 12. אַלע דריי ציילן פאַרזיכטיק).

נאָכעם: האַ? קלינגט שוין נישט קיין דרייצן? (צום זייגער)

אַט אַזוי ביזטו אַ לייט! דיך אַרומגעפּוצט ביזטו גאָר אַ נייער מענטש געוואָרן.

(דאָ זעט מען סיפּאָנים אַפן זייגער, סי ווערט טרויעריק און פריילעך לויט דעם ווי סי ווייזט זיך אויס, אַז דער זייגער איז פאַרריכט, אָדער נישט).

אַוורעמל: ער גייט! ער גייט!

נאָכעם: ער'ט באַ מיר גיין — אַזאַ גרויס שטיק גאָלד זאָל איך האָבן, ווי גרויס ער'ט גיין!

נאָכעמס ווייב: איך זאָג שוין פון לאַנג, אַז דו ביזט אַ בעריע. איך פאַרשטיי נאָר נישט איין זאַך: למאַי כריפּעט ער? ער פלעגט, דאַכט מיר, קיינמאָל נישט כריפּען.

נאָכעם: סי ווייזט זיך דיר אויס. (הערט זיך צו צום זייגערס שוואַכן אָטעם).

אַוורעמל (מאַכט נאָך אַ איד מיט אַ זאַדישקע) כיל־כיל־כיל, טררר... באַם, באַם, באַם! (דער זייגער גיט קימאַט אַרויס די זעלביקע קלאַנגען. עפּעס קלינגט ער נישט פריילעך).

נאָכעמס ווייב: ס'איז נישט דער פריערדיקער „באַם”, עפּעס כריפּעט ער ווי אַן אויסגעדינטער כאַזן צו נילע.

נאָכעם: בין איך שולדיק?

נאָכעמס ווייב: ווער זאָגט דען, אַז דו ביזט שולדיק. נו, ביזטו נישט קיין זייגערמאַכער! קענסטו נישט פאַרריכטן קיין זייגערס.

אַוורעמל: לאָז מיך, טאַטע!

נאָכעמס ווייב: גיי אַוועק, זעסט דאָך, אַז דער טאַטע דיינער איז אָנגעדרודלט.

נאָכעם: אָנגעדרודלט בין איך גאָר? אַ נייַ וואָרט: אָנגע־דרודלט! וואָס האָב איך דאָ צו זיין אָנגעדרודלט אַשטייגער? דער זייגער וועט באַלד גיין... נאָך בעסער ווי פריער.

נאָכעמס ווייב: דערוויל זע איך, אַז סי עקט זיך אים ס'כיעס, דעם זייגער. אָט—אָט וועט ער זיך אינגאַנצן אָנידערשטעלן. ווייסטו וואָס איכ'ל דיר זאָגן, נאָכעם?

נאָכעם: וואָס?

נאָכעמס ווייב: מיר דאַכט זיך, אַז ער פאַרקאַטשעט זיך אַוועק־צושטעלן זיך אַף טאָמיד, אַף אייביק.

נאָכעם (מיט ביטאָכן): אַף טאָמיד וועט ער זיך שוין גאָר נעמען און אַוועקשטעלן.

אַוורעמל (מאַכט נאָך אַן אַלטן מאַן, וואָס סי שלעפּט זיך אים

נאָך אַ פּוּס) : דער אומרו גייט אַזוי־אַ. ווי אַן אַלטער מאַן, וואָס שלעפּט נאָך אַ געלעמטן פוס. (מאַכט ווידער נאָך) כללל. טרר.

נאָכעם (בייז) : גיי אוועק מיט דיין „כללל", „טררר", דו. ער איז נאָך צו מיינע איבעריקע צאָרעס. גיי ליג דיר שלאָפן. געלייענט קרים־שמע האָסטו שוין ?

אַורעמל : איך בין נאָך נישט שלעפעריק.

נאָכעמס ווייב : לאָז אים געמאַך. וואָס ווילסטו פונעם ?

(פויזע)

נאָכעם (ווי צו זיך אַליין, מיט אַ ניגון) : וואָס־זשע טוט מען ? וואָס־זשע טוט מען ? אהא, איך פאַרשטיי שוין (צום ווייב) דער זייגער איז נעבעך דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק. שולדיק איז די וואָג, ווינציק וואָג ! דערלאַנג אַהער ס'אויבערשטע פון שטויסל.

נאָכעמס ווייב (דערלאַנגט אים ס'אויבערשטע פון שטויסל. ער טשעפּעט עס צו צו דער וואָג. רעב נאָכעם ווערט פוריילעך, סיפּאָנים פון זייגער לאַכט) : נו, זעסט שוין ? ער גייט ווי אַ מיזמער. אַ נייער זייגער.

(בייטן זיך די טענער פון זייגער, דער אומרו הויבט זיך ווידער אָן אונטערפוילן. סיפּאָנים מאַכט מעשוגענע האָוואַיעס).

אַורעמל (קרימט נאָך) : קכי, קכי, פרר, פרר. טאַטע, דער זייגער גויסעט. הער נאָר, ווי ער מאַכט כלל, ברר.

נאָכעם : כאַפּסט אַ פּאַטש, אַז דו קערסט דיך איבער, דו ! (וויל אים געבן אַ פּאַטש).

אַורעמל (אַנטלויפט און ראַטעוועט זיך).

נאָכעמס ווייב : נאַדיר אַ זייגער אָף דער פולער וואָך ! כאַפּט אים שוין דער גוטער יאָר, וואַרף אים אַרויס.

נאָכעם : אַזוי ? אַרויסוואַרפן ? כאַפּן און אַרויסוואַרפן ? אַז אַ מענטש ווערט כאַלילע איינפאַלן און ווערן נישט־געזונט, וועט מען אים אויך אַרויסוואַרפן—אַ יאָ ? אַרויסוואַרפן ?

נאָכעמס ווייב : וואָס דען וועסטו טוען מיט אים ? זועסט אים איינזאַלצן ?

נאָכעם : איכ'ל אים פאַרריכטן.

נאָכעמס ווייב (אַפּהענטיק) : נו, פאַרריכט ! ווער לאָזט דיך נישט ?

נאָכעם : נאָך וואָג ! צו ווינציק וואָג ! (צו אַורעמלען) דער־

לאנג די אייזערנע סקאוואראדע.

אוורעמל (דערלאַנגט אַלצדינג איינציקווייז).

נאָכעם: און די קופערנע קוואָרט.

אוורעמל (דערלאַנגט).

נאָכעם: און ס'פרעסל ס'אייזערנע.

אוורעמל (דערלאַנגט).

נאָכעם (צום ווייב): און ברייננג אריין פון דרויסן אַ פּאָר ציגל און אַ זעקעלע זאמד.

(דער זייגער ציט מיט אַלע קויכעס. דאָס פּאָנים פונם זייגער דריקט אויס יסורים, אַנגסטן. אַמאָל דאַכט זיך, אַז אָט־אָט איז ער געראַטעוועט, אָבער עס געדויערט בלויז אַ הערעף־אַ־ין. אַלע זעצן זיך צום טיש).

(אויפטריט די מומע יענטע)

מומע יענטע: גוטוואָך, גוטיאָר. אייער זייגער גייט שוין? ער קלינגט שוין נישט קיין דרייצן? שאַ, איר האָט געהערט? אין פיטינעץ נישט ווייט פון יאמפּאָלע האָט זיך געטראָפן אַ שיינע מאַיסע: גאזלאָנים זענען באַפאַלן אַ אידישע קרעטשמע, אויסגעקוילעט אַ גאַנצע שטוב מיט מענטשן, אַ פיצל קינד אין דער וויג אויך געקוילעט. איבערגעלאָזט נאָר איין דינסטמיידל, וואָס איז געשלאָפן אין קיך אַפן אויוון. דערהערט, אַז מי שרייט, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען, דאָס דינסטמיידל, פונם אויוון. זי טוט אַ קוק דורך דער שפּאַרונע פון דער טיר, זעט זי, דאָס דינסטמיידל, אוי, אַ בראָך איז איר, דעם דינסטמיידל! ער ליגט אַף דר'ערד, דער באַלעבאָס, מיט דער באַלע־באָסטע געקוילעט, נישט פאַר אונז געדאַכט. און ווי אַזוי געקוילעט! אַף טויט! איז זיך מעיאַשעוו דאָס דינסטמיידל און שפּרינגט אַרויס דערכן פענצטער!

(אויפטריט רעב לייביש)

רעב לייביש (מיט אַ לאַמטערן אין האַנט): גוטוואָך, גוטיאָר. איך שלאָג אייך איבער? איך בין אריינגעקומען געוואָר ווערן דעם זייגער. וואָס הערט זיך? (גייט צו נענטער צום זייגער) אָט גייט ער דאָך.

נאָכעם: וואָדען ער גייט נישט. דאָס האָט א י ר אים נאָר אַזוי גרינג אָפּגעזאָגט ס'לעבן.

רעב לייביש: איך האָב אים אָפּגעזאָגט ס'לעבן?

נאַכעמס ווייב (שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער מומע יענ־טעס מאַנעלאָשן): איז וואָס־זשע? יאָ, איז זי אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער, דאָס דינסטמיידל, און...

מומע יענטע: אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און גענומען לויפן אין שטאָט אַריין און שרייען: „אידישע קינדער, ראַטעוועט, געוואַלט, געוואַלט, גע־וואַ־לט!"

(דער זייגער פאַלט אַראָפּ, „קראַכט". די געוויכטן פאַלן אַראָפּ, צעשיטן זיך איבער דער שטוב. אַלע זענען דערשראָקן אַף טויט).

נאַכעם, זיין ווייב, לייביש: געוואַלט! געוואַלט!

שכיינים: וואו ברענט, וואו? (לויפן זיך צענויף שכיינים איינע מיט אַ קאָטשערע, איינע מיט אַ בעזים).

נאַכעם: האַ? וואָס? וואָס איז געשען?

נאַכעמס ווייב (טוליעט אַוורעמלען צו זיך): קינד מיינס, מיר זאָל זיין פאַר דיר. די נעשאָמע איז מיר אַרויס. איך האָב געמיינט, כאָלילע, מי־יאָדייאַ וואָס! האָסט דיך נישט דערשראָקן?

אַוורעמל: ניין. איך האָב געוואוסט, אַז ס'איז דער זייגער.

מומע יענטע: ווער ברענט (צו די שכיינים) וואָס ברענט? ברענען און סאַרפּענען זאָלן מיינע סאָנים אָפּן פייער. אָט האָסטו דיר די דריטע טעג יאָנטעוו! טאָמער איז קאַרג, נאַדיר גאָר, סי ברענט! אין דר'ערד אַריין, צו אַלדע שוואַרצע יאָר (כאַפּט אַ בעזים, טרייבט זיי מיטן בעזים. יענע שלאָגן קריק) האָסטו געהערט אַן אַנטיק! וואָס שרייט איר? וועלכע גוטע יאָר? וואָס גוואַלדעוועט איר? טפו אַף מיינע סאָנימס קעפּ. נישטאָ ווער סי זאָל לאַכן! דאָס האָט דער זייגער אַזוי אָנגעאַרבעט. דער זייגער איז אַראָפּ־געפאַלן. היינט ווייסט איר שוין? אַוואַדע, אַז מי נעמט און מי הענגט אָן אַף אַ זייגער מעשענע שטויסלעך און סקאָ־וואָראָדעס און הייגגלייכטערס און ציגל און האַקמעסערס און דער רואַך ווייסט וואָס נאָך? נאָך גוט וואָס זיי האָבן נישט אויפגעהאַנגען ס'באַנק־בעטל אַף אים! איז עפּעס אַ כידעש, אַז ער פאַלט אַראָפּ און דערהאַרגעט זיך! להאַוודל אַ מענטש וואָלט אויך נישט בעסער געווען. האָסטו געהערט אַ ביסל! איצט ליגט ער מיטן פּאָניב אַראָפּ און מיט די פיס צו דער טיר. (מי לייגט אַוועק דעם זייגער ווי אַ מעס מיט די פיס צו דער טיר) און איר מעגט שוין אַלע זאָגן „באָרוך דאַיען עמעס".

נאַכעם: אויס זייגער.

נאָכעמס ווייב: געלעבט אַ זייגער, און געשטאָרבן (צעוויינט זיך שטיל).

אורעמל (וויינט אין דער מאַמעס פאַרטוך אַריין).

מומע יענטע (כליפּעט אַף אַ קאָל מיט אַ ניגון, ווי מע באַגראָבט אַ טויטן): אזא טייערער זייגער, אזא ליכטיקער זייגער! 22 יאָר איז ער בא אונז געגאַנגען, 22 יאָר איז ער אונז געווען געטריי ווי אַ מאַמע.

שכנים (כליפּען, ווישן זיך די נעז).

רעב לייביש (ווישט זיך די ברילן און די אויגן).

נאָכעמס ווייב (שוין רואיקער): מיסטאָמע אזוי באַשערט, אָנגעצייכנט מין השמים, אז היינט, אין דער דאָזיקער מינוט, דאַרף ער לאָזן די נעשאָמע, ווי אַ מענטש, להאָוודל.

רעב לייביש: ווי אַ מענטש, להאָוודל. ערשט איז ער געווען הויך, און אַט ליגט ער אַף דר'ערד, מיט די פיס צום טיר. לאָז מען אָנצינדן לעכט. (מומע יענטע צינדט אָן לעכט. גייט־אויס רעב לייבי־שעס לאַמטערן).

איך וועל שוין מוזן אהיימגיין אין דער פינצטער. זאָגט קאַדיש, רעב נאָכעם.

(מיוויקלט איין דעם „מעס" אין טאַכריכים, דערנאָך גיסט מען זיך אָפּ די שפּיץ־פינגער און רעב נאָכעם שטעלט זיך זאָגן קאַדיש, זייער שטיל און ערנסט)

איסגאַדאַל וועאיסקאַדאַש.

(פאָרהאַנג)

# די האַגאָדע־מעלאָדראַמע

(ווי מיוואָלט זי געשפּילט אין אידישן טעאַטער)
באַוואונדערט אונזער פּערזאָנאַל:

**שפּאָיך כאַמאָסכאָ** (אַ איד פון אַ יאָר 183).

**באַכאַצי־האַלאַילאָ** (זיין איינגעסטע טאָכטער).

**קי־לאָ־נאָע** (איר מאַן).

**שישי־מי־יאָדעאַ** (איר געליבטער).

**כאַד־גאַדיאָ** (אַ יאָסעמל פונים פּעטערס צאַד).

**אַף־לכאָ** (אַ פּרינצעסין).

**גאָדל־הו** (דירעקטאָר פון טעאַטער, פּאָרט אויף אַ געלן רייטוואָגן און טיילט ציגאַרן)

אידן, אידענעס, מאַלאָכים, פאָלק, כאַסידים, נאַפקעס, א. אַז. וו.

אַז דער פאָרהאַנג עפנט זיך אויף, זיצט שפּאָיך־כאַמאָסכאָ ביי אַ וויגל און זינגט אַ לידל

**קי־לאָ־נאָע** (קומט אַריינצולויפן): זדראַווסטוואָיטע קערענסקי! בראַוואָ, טהאָמאַשעווסקי! וויוואַט!

**שפּאָיך־כאַמאָסכאָ** (טוט אָן ברילן און לייגט זיך אַוועק שלאָפן אָף דער קאַנאַפּע).

**קי־לאָ־נאָע**: ענדלעך האָבן מיר אים געפּאַקט. ענדלעך האָבן מיר דעמאָקראַציע. ענדלעך וועל איך קענען הייראַטן מיט מיין פּרינצעסן אַף־לכאָ (געניצט). איצט גיי איך שלאָפן. גוד נייט עווריבאַדי.

פּובליקום: גוד נייט, מיסטער, שלאָפט געזונטערהייט.

**קי־לאָ־נאָע** (אָפּ דורך דער טיר, רעכטס).

**כאַד־גאַדיאָ** (מיט אַ פידעלע הינטער יעדן אָרעם — צוויי אָרעמס, צוויי פידעלעך): דאָס ביזטו, גראָספּאַפּאַ?

**שפּאָיך** (דראַמאַטיש): ניין, דאָס בין ניכט אונז. דאָס בין יעמאַנד אַנדערש.

**כאַד־גאַדיאַ:** אַ, האַלט מיר צו ס׳היטל, וועל איך זאָגן קאַדיש נאָך מיין מוהטהער. (נעמט זאָגן) איסגאַדאַל וועאיסקאַדאַש. —

**כאָר** (האַלט אונטער): טידלדידלדאַם.

**כאַד־גאַדיאַ:** שמייראַבוההה!

**כאָר** (האַלט אונטער): טידלדידלדאַם.

**כאַד־גאַדיאַ:** מוהטהערמיינהעה! (לייגט די אויגן אַפן אָרבל און האַלט זיי דאָרטן אַ לענגערע צייט).

**כאָר** (האַלט אונטער): טידלדידלדאַם.

(פויזע סיבייטן זיך די לעכט. ס ווערט טאָג־און־נאַכט, סירעגנט, סידונערט, סיבליצט, סיגייט אויף אַ לייוועגטענע זון, סיהערט זיך אַ הירזשען פון נאַכטיגאַלן. דער כאָר האָט שוין איבערגעטאַנצט אייניגעס. דער פויקער האָט שוין אויסגעפויקט זעכצן פויקן, און באַם פייפער האָט געפלאַצט אַ באַק פון אָנשטרענג).

**כאָר** (מעלדט): גאַדל־הו קאָמט.

**אַ שווייצער** (וואָס פאַרלירט די וואָנטשעס און האַלט זיי צו מיט דער האַנט): ער פאַרט. אַף אַ געלן רייטוואָגן.

**גאַדל־הו** (אָנגעטאָן אין מעשענע הויזן, מיט אַ געלער קאָלדרע פאַר אַ קראַוואַט. אַפן קאָפּ טראָגט ער סיפּינטעלע איד, און אונטער די אָרעמס טראָגט ער מאַדאַם קאַסע־קאַסטן): איך בין געקומען ראַטהעוועהן דאַס אידישע פאַליעק. (צו מאַדאַם קאַסע־קעסטל) דו ביזט מיין שטערן, מיין זאַהנעה. מיט דיר וועל איך גיין איבער די ווילדעניש פון סאַ... פון סע... פון סו... פון סאַ... (צום סופליאָר אין דער הויך) סאַ־וואו־עס? רעד העכער, דו מאַמזער! אַ, יעס, ריש־טיג, ס׳הארא... מיט דיר וועל איך גיין... (צו כאַד־גאַדיאַין, וועלכער דערשיינט מיט אַ קראַמיטל אַף די פלייצעס, אַף וועלכער סיהייגען צווי וואַסער־קאַנען) וואָס טרוהגסטעהה דאַ, מיין קינדהה?

**כאַד־גאַדיאַ** (אַף אַ פאַלצעט): דער מאַמעס טרערן.

**גאַדל־הו** (נעמט אַרויס פון קעשענע אַ סייפער־טאַירעלע און גיט עס אַוועק דעם אידישן פאַליעק, דערנאָך זינגט ער):

אוי, דאַס טאַירעלע,
כ׳האַב קיין מאַירעלע,
ווייל דער באַירעלע
איז מיין סכאַירעלע.
כ׳קוש דאַס טאַירעלע,

ווייל אַ סכאַירעלע
איז מיין באַירעלע...
און מאַירעל—ל—
לעע!...

(פאָרהאַנג טראָד)

צווייטער און דריטער און פערטער אַקט פאַראייניגט, קעדיי
צו מאַכן די זאַך קורץ.

שישי־מי־יאָדעאַ (שוין קריקגעקומען פון דער מילכאָמע, און פיס, און הענט, און זייטן, און אַ קאָפּ, און לייב־און־לעבן—ס׳איז נישט מער געבליבן פון אים ווי אַ פּאָר שלייקעס. אָבער אַזוי ווי די שלייקעס אַליין קענען נישט גיין, גייט ער מיט זיי מיט): אַך, די מילכוהמעה. גאַטהעניוה! ווען וועט זיין אַ סאָהף? (גיט אַ פינטל מיט און אויג מאַיסע וואוילער יונג).

אַף־לכאַ (קומט אַריין צופאָרן אַף ווערבליוד): וואַ איזט שישי־מי־יאָדעאַ?

שישי (וויזט אַף די שלייקעס): אָט בין איך, טייערע פּרינצעסהין. דאס איזט אַלעס, וואס פאַן מיר געבליבן איזט. (אַף אידיש) זיי האָבן מיר צעקאַליעטשעוועט די מאַמזעירים. אַ פינצטעררר יאָר אַף זיי.

פּרינצעסין (נעמט די שלייקעס, אַנטלויפט און שרייט): דאס איזט געמיין! דאס איזט נידערטרעכטיגההה! רררהאהכעה!

שפּאַיך (קומט אַן): וואהין לויפן זי מיט די שלייקעס, מיסעס?

פרינצעסין: ס׳איז מיין געליבטנס שליי—

שפּאַיך (נעמט אַרויס פון הינטערן אויער אַ פּיראַמידע און דערהאַרגעט זי).

כאַר (קומט אַריין):

מאַצי דערהארגעט.
האָט מען זי.
(שנעל) דערהארגעט,
(שנעלער) דערהארגעט,
(זייער שנעל) אַטענצע...

באַכאַצי־האַלאַילאַ: וואס איז דאגעשעהן?
כאַר (ווי פריער, מיט געזאַנג):

מאַצי דערהאַרגעט,
האָט מען זי... (א. אז. וו.).

**באַבאַצי:** און ווו איז מיין קי־לאַ־נאָע?
**באַר** (ווי פריער, קאַלטבלוטיק):
מאַטים אויך דערהאַרגעט,
אָטען אים.
מאַטים... (א. אז. וו.).

**באַבאַצי** (צעשויבערט די האָר, און סיפּאַלט אָפּ איר אָן אַן עלעקטרישע גרינע לעוואָנע): און וואָ איז מיין יאָסעמל באַר־גאַדיאַ?
**באַר:**
מאַטים אויך דערהאַרגעט,
אָטען אים.
מאַטים... (א. אז. וו.).

**באַבאַצי** (רייסט זיך אויס דעם פּאַרוק, מיט די וואָרצלען): און וואָ איז שישי־מי־יאָדעאַ?
**באַר** (ווי פריער, שאָקלט זיך אַהין און קריק):
מאַצי אויך דערהאַרגעט,
האָטנזי.
מאַצי... (א. אז. וו.).

**באַבאַצי** (הויבט אָן דרייען מיט די אויגן, וויל מעשוגע ווערן און קאָן נישט, ווייל דער „ספּאָט־לייט" אַרבעט נישט).

**גאָדל־הו** (דערשיינט אין זיין רייטוואָגן און נעמט טיילן ציגאַרן צו די טויטע און פאַרוואונדעטע, זינגענדיק דערביי אַ לידל. און דער פאָרהאַנג פאַלט צוזאַמען מיטן מאַצעוו פון דער באַלעבאַטישער אידי־שער בינע).

# אונטערן מעסער

(אַ קאָמעדיע אין 1 אַקט פון קליין־קינסטלערישן לעבן
אין אידישן אַמעריקע)

מ ע נ ט ש ן :

ראַזירער, „קאָסטימער", קריטיקער, „דזשילעט"
(אין דער ראַזיר־שטוב. ראַזירער שערט און שרייבט
פון צייט צו צייט. אַלעמאָל לאָזט ער אַרויס אַ קרעכץ).

קאָסטימער : וואָס קרעכצט איר ?

באַרבער : אַזאַ מענטש ווי איך דאַרף זיצן אין באַרבער־שאָפּ ! שוין האַלב נאָך ניין און איך מוז נאָך זיצן דאָ.

קאָסטימער : וואו דען וואָלט איר געוואָלט זיצן ?

באַרבער : אין רעדאַקציע, צווישן שרייבער, אָט וואו איך באַלאַנג. איר קויפט דעם „נאַכטוועכטער" ?

קאָסטימער : קויפן קויף איך אים נישט, אָבער איך אנטליי אים אַמאָל בּאַ אונזער נעקסטדאָריקן. וואָסי דען ?

באַרבער : איך שרייב דאָרט אַמאָל אַ סקיצע.

קאָסטימער : אָ, איר זענט אַ שרייבער ! איר שרייבט... (ער כאַפּט זיך באַם נאַקן וואו ער ראַזירט אים). אָי, שטומפּיק ! איר שרייבט אין די פּייפּערס ?

באַרבער : צי איך שרייב ? ווען איך וואָלט נאָר געהאַט אַ טשענס, וואָלט איך היינט שוין געהאַט אַ טשער אין רעדאַקציע. נאָר אַז ס'איז נישטאָ קיין מאַזל. אַז איך, בּיניאָמין שולמאַן, דאַרף—

קאָסטימער : אָ, דאָס זענט איר, שולמאַן ? דאָס האָט איר געהאַט די סקיצע, ווי אַ בילד־שיינע פרוי קומט זיך אָפּשניידן די האָר און דער באַרבער נעמט צו אירע לאָקן און באַהאַלט זיי אין בוזעם־קעשענע און זיין אייגענע פרוי געפינט זיי דערנאָך און וויל אים געטן ?

באַרבער : איך.

קאָסטימער: און איר האָט צייט דערצו?

באַרבער: וואָס קען מען טאָן? די מוזע... יונאָו.

קאָסטימער: ווהאט דו יו מיהן מוזע?

באַרבער: איר ווייסט נישט וואָס מוזע איז? (פאַר זיך): און פאר אזוינע גראָבע יונגען דאַרף מען שרייבן ליטעראַטור. עך! (הויך): מוז ווייסט איר וואָס איז? וועל, מוזע איז די ווייב פון...מוז.

קאָסטימער: אהאָן! סעי, געלייענט אין היינטיקן פּייפּער די געשיכטע, ווי א באַרבער איז פּלוצים מעשוגע געוואָרן און איבער־געשניטן א קאָסטימער מ'האַלז?

באַרבער: נאָך נישט געזען די ציימונג.

קאָסטימער (פון אונטערן מעסער): אָט איז די ציימונג מיט א פיקטשור פון דעם מעשוגענעם באַרבער. איר מעגט דאָס לייענען. און פאָלגט מיך און טראַכט נישט צופיל. שטריינגט נישט אָן צופיל אייערע געדאַנקען. פאַר א באַרבער איז דאָס געפערלעך. דאָס הייסט נישט אזוי פאַרן באַרבער ווי פאַר די קאָסטימערס. ווי גייען עפּעס ביז־נעס? הא?

באַרבער: מ'וואָלט געקענט לעבן, נאָר מ'לאָזט נישט. פון איין זייט (פּאַטשט אים אין איין באַק מיטן פּודער־שמאַטקעלע) די קריטיק און פון דער אַנדערער זייט (פּאַטשט אים די צווייטע באַק)— „דזשילעט". וואָס אַרט אייך, ס'איז גוט אין דר'ערד. שייוו?

קאָסטימער: ניין. איך שייוו מיך אַליין מיט א „דזשילעט".

באַרבער: דזשילעט! דזשילעט! דער דזשילעט איז געקו־מען אָפּן באַרבערס לעבן. ער נעמט בא אונז צו ס'שטיקל ברויט. יעדער שייווט זיך היינט אַליין. און צום באַרבער קומט מען איינמאָל אין צוויי כאָדאָשים נאָך א העירקאָט פאַר 35 סענט און מ'נעמט אפילע נישט קיין שעמפּו אָדער מאַסאַזש.

קאָסטימער: איך שער מיינע האָר אַלע באָידעש.

באַרבער: איז דאָך איר. אַנדערע אָבער זענען קאַרגע היינט. און אַרויסשלעפּן בא זיי א פעני איז ווי אַרויסשלעפּן א באַק־צאָן פון מויל. שעמפּו?

קאָסטימער: הא?

באַרבער: שעמפּו?

קאָסטימער: אָלרייט!

באַרבער: א מאַסאַזש אויך?

קאַסטימער: אַלרייט. נאָר מאַכט עס שנעל. ס'איז שוין שפּעט.

באַרבער: איך בין נאָך היינט נישט געווען אין דרויסן. דער צוּוייטער טשער האָט היינט אויסגאַנג, און קיין דריטן האַלט איך איצט נישט. די ביזנעס דערלויבן נישט. אָט אַזוי ווי איר זעט. קויפט מען זיך אַ ברייטל און מי עסט מיט אַ שטיקל לאָקס. ס'אַ לעבן פאַר אַזאַ קינסטלער ווי איך! אָ, ווען נישט די קריטיק. (טראַכט שווער), און ווען נישט דזשילעט.

קאַסטימער: אַ סאַך מלאָכעס און ווייניק בראָכעס.

באַרבער: איר מעגט עס נאָך אַמאָל זאָגן. רעדי. דער דזשי־לעט און די קריטיק זיינען געקומען אַף מיינע יאָרן. עפּעס אַ כידעש וואָס באַרבערס גייען אַראָפּ פון זינען? (נעמט באַ אים וואָס ער באַצאָלט) דאָס שטיקל ברויט פון מויל רייסט ער אַרויס — דער פאַסקודנער דזשילעט! גוד־ביי...

קאַסטימער: גוד־ביי, און דאַיגעט נישט. איר'ט נאָך אַמאָל זיין אַ האַנט אין אַ ציימונג.

באַרבער: האַלוואַי. אָבער די קריטיק דערלאָזט נישט. זי איז נאָך ערגער ווי דזשילעט (אומעטיק): פאַרברענט זאָלן זיי ביידע ווערן!

קאַסטימער: נישט געזאָרגט. איר וועט נאָך זיין אַלרייט. גוד־ביי (אָפּ).

(באַרבער גגניצט. לייענט אָן כיישעק. פאַרצייכנט עפּעס. שניידט אַ רייפטל פון אַ לאַנג ברויט, עסט פויל, לייגט סירעשט ברויט לעבן שפּיגל. ווערט אָנט־שלאָפן, כראָפּעט. „דזשילעט" באַווייזט זיך).

באַרבער: ווער זענט איר?

דזשילעט: איך בין דיין גרעסטער סוינע.

באַרבער: די קריטיק?

דזשילעט: ניין.

באַרבער: דזשילעט?

דזשילעט: יעס. איך בין געקומען צונעמען דיין ברויט (כאַפּט סילאַבן ברויט).

באַרבער (מיט מעשוגענע קולעס): נעם נישט צו באַ מיר ס'ברויט!

דזשילעט: גיב אַהער ס'ברויט!

באַרבער: איכ'ל נישט לאָזן צונעמען בא מיר ס'ברויט, זאָג איך דיר!

דזשילעט: איך האָב בא אַלע באַרבערס צוגענומען ס'ברויט און איך וועל בא דיר אויך צונעמען—

באַרבער: איכ'ל נישט לאָזן צונעמען בא מיר ס'ברויט, כ'על נישט לאָזן! (ביידע ראַנגלען זיך מיטן ברויט. דזשילעט כאַפּט ס'ברויט און אַנטלויפט. באַרבער פאַלט אַראָפּ פון „טשער", כאַפּט זיך אויף—שרייט): גיב אָפּ ס'ברויט! ס'ברויט! טפוי! אזא מאָדנער כאַלעם!

קריטיקער (קומט אַריין, בלייבט שטיין אָפּן שוועל געפּלעפט, כאַפּט זיך קריק).

קריטיקער: אָ, דאָס זענט איר? איך האָב גאָרנישט געוואוסט. אז איר זענט א — — — —

באַרבער: נו, זאָגט שוין: אַ באָס-באַרבער. אין אייער קריטיק אַף מיינע לידער האָט איר דאַווקע יאָ דערמאָנט, אז איך מאַך דעם איינדרוק, ווי איך וואָלט געשריבן מיט דער לינקער זייט פון א בריטווע. דאָס איז בא אייך אזא סאַטירע. אַ י ס ו פּ אָ ו ז.

קריטיקער (שמייכלט): איך האָב אזוי געשריבן?

באַרבער (ביטערלעך): איר געדיינקט גאָר נישט?

קריטיקער: איך געדיינק עפּעס יאָ. ווי דורך א נעפּל.

באַרבער: אומהו... (נעמט איס אָפּן ביינקל) איז, הייסט, דאָס, מיין ביכל מיט לידער אייך נישט געפעלן?

קריטיקער: וואָס שאַיעך.... געפעלן? פאַראַן דאָרט א פּאָר נישקאָשעדיקע שורעס.

באַרבער: בלויז שורעס?

קריטיקער: איך מיין...

באַרבער: איר האָט עס אינגאַנצן איבערגעלייענט?

קריטיקער: אַ קוק געטאָן.

באַרבער: איך האָב בא זיך א מאַנוסקריפּט. (טאַפּט זיך בא דער אָנגעשטאָפּטער קעשענע).

קריטיקער: מיר'ן אמאָל אַ קוק טאָן.

באַרבער: שייוו?

קריטיקער: יעס.

באַרבער: קלאָוז?

קריטיקער: יעס, אָבער פאָרזיכטיק. ווייל איך האָב פּימפּלס.

באַרבער: איר האָט נישט קיין ווייב?

קריטיקער: אוואדע האָב איך אַ ווייב. נאָר די הויט איז בּאַ מיר זייער אַ דעליקאַטע.

באַרבער: און דאָס וואָס אַנדערע האָבּן אַ דעליקאַטע הויט דאָס אַרט אייך נישט? כ'מיין אַזוי אין אַלגעמיין.

קריטיקער (אומגעדולדיק): כ'האָב נישט קיין סאַך צייט. דאָס איז אַ היינטיקע צייטונג?

באַרבער: יעס.

קריטיקער (טוט אָן בּרילן): אהאַ... שוין ווידער אַ מאָרד! עס גייט נישט אַוועק דער טאָג — (לייענט נערוועז): נו, מאַכס עס שנעלער.

באַרבער (זייפט אים איין קאַלטבּלוטיק. הויבּט אים אָן ראַזירן. פייפט זיך אַ לידל. איידער ער קומט צו מיטן מעסער צום „קנאָפּ" פון האַלז, שאַרפט ער עס גוט אָן, בּלייבּט שטיין מיט בּריטווע אַפן האַלז): איז וואָס זשע זאָגט איר, מר. קריטיקער, מיינע לידער געפעלן אייך נישט?

קריטיקער: פאַר... פאַרקערט.

באַרבער: זיי געפעלן אייך יאָ?

קריטיקער: אוואדע. שטאַרקע לידער.

באַרבער: און מיינע סקיצן?

קריטיקער: בּריליאַנט!

באַרבער: פונדעסטוועגן, אַז ס'קומט צו שרייבּן וועגן מיינע זאַכן, שרייבּט איר, אַז זיי מאַכן דעם איינדרוק ווי איך וואָלט געשריבּן (שאַרפט סימעסער) מיט דער שטומפּיקער זייט פון דער בּריטווע (פרופט סימעסער): שאַרף גענוג?

קריטיקער: יעס. פּליעז שנעלער. איך דאַרף בּאַלד—

באַרבער (מיטן מעסער אַפן האַלז): איכ'ל אייך פאָרלעזן מיינס אַ נייע סעריע לידער. איך רוף זיי: „אונטערן שאָטן פון פּיראַמידן".

קריטיקער: (זיפצט) אַך. איר האָט אַ סאַך?

באַרבער: אַ פופצן שטיק. מיינע לידער גייען קיינמאָל נישט ווינציקער ווי צו פופצן אין אַ סעריע. כאָטש אַלע זאָגן מיר, אַז איך טאָר זיך נישט אָנשטרענגען. און אַז איך אַרבּעט צו שטאַרק מיטן קאָפּ. איך קען מיר אָבּער נישט העלפן. (ער לייענט גראַפאָמאַנישע לידער).

קריטיקער: אָלרייט, לייענט. אָבער נישט אַלע, כ'בּעט אייך. (באַרבער לייענט).

באַרבער (נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעלייענט): נו?

קריטיקער: גאַנץ גוט.

באַרבער (אויפגערעגט): בלויז גוט? דאָס איז דאָך גאָלד! גאָלדענע לידער! ווער שרייבט דען היינט בעסערע לידער? מ׳קען דען שרייבן בעסערע לידער? ניין, איר מוזט מיר זאָגן אַף אייער געמאָנעס, צי עמיצער שרייבט היינט בעסערע לידער?

קריטיקער: ניין, קיינער נישט.

באַרבער: און דאָס וואָס איר זאָגט מיינע נאָוועלן. אָט וועל איך אייך איצט פאָרלייענען אַ לייענגערע נאָוועלע. פון אַ 260 זייטן. (נעמט לייענען): שאַ, עס פעלט מיר אַ בלעטל. עס מוז זיין דאָרט אינווייניק.

(ער גייט זוכן אין צווייטן צימער. קריטיקער באַנוצט זיך מיט דער געלעגנהייט, לויפט אַרויס אַ האַלב־ראַזירטער, שטעקט אַריין מיקאָפּ אין טיר און ווען יענער קומט אַריין קריק, שרייט ער אויס: פאַרך! און אַנטלויפט).

פאָרהאַנג

# פערדאַטשינע

כאַראַקטערן:

1. פערד. 2. באַלעגאָלע.

די בינע איז בלויז אַף 1 פּלאַן, אָדער העכסטן 2 פּלע־נער. נישט אינגאַנצן באַלויכטן, אויב מעגלעך אַ ביסל באַלויכטונג פון אַ זייט אַף דעם פערד.

דאָס פערד איז אין גראָטעסקער פאָרם. עס קען, לע־מאָשל, טראָגן ברילן, אָבער סיטאָר נישט פאַרלירן דעם צעלעם פערד. ס׳דאַרף זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז אין וואָגן זיצט אַ פּאָרל, וואָס פאָרן שפּאַצירן. דעקאָראַציע: אַ וואַלד, אַ זומפּיק שטיקל וועג. פון ערגעץ נאַכט־פייערלעך. אַז דער פאָרהאַנג גייט אַרויף, זעט מען דאָס פערד, דעם באַלעגאָלע, וואָס שעלט און שרייט „וויאָ, וויאָ, כאָליערע! אַלטע פּגירע, אַ רואַך דיר אין די קישקעס!" און בלויז די פאָדערשטע טייל פון דעם פאַיעטאָן.

באַלעגאָלע: נו, פויגל מיינער, ריר דיך! אַז רירן זאָלן זיך דיר שוין די קישקעס. אריינגעשלעפּט אין אַ בלאָטע אינמיטן וואַלד. און שטייט די פּגירע. וויאָ! וויאָ! נו, שוין! גיב אַ שלעפּ, דו! אַזוי ווי אין די אמאָליקע יאָרן.

פערד (מאַכט אַן אָנשטריינג צו שלעפּן און קען נעבעך נישט).

באַלעגאָלע: איי־איי, זי קען נעבעך נישט. (מיט אַ וואונק פון אויג צום פּאָרל אין וואָגן). אייך ארט דאָך נישט, אַז מע ווערט דאָ אַזוי שטיין אַ גאַנצע נאַכט? אַז מ׳איז זאָלבע־צווייט אַזוי ווי איר, און מ׳איז יונג און פאַרליובעט, פילט מען דאָך נישט קיין קעלט, האַ?

שטימען (פון אַ פרוי און פון אַ מאַן): ניין, אונז איז נישט קאַלט.

באַלעגאָלע: נו, גוט. ווי זאָגט'ן עס? אַז אייך איז רעכט, איז מיר ניכע! נאָר אַפּן פערד איז נעבעך אַ ראַכמאָנעס. מיילע, איר יונגע מענטשן, האָט זיך געלאָזט אין וואַלד אריין, ווייל איר האָט געוואָלט פּאָרן שפּאַצירן. איך האָב מיך געלאָזט אין וואַלד אריין, ווייל איך דאַרף האָבן די פּאָר קערבלעך, אָבער צו וואָס האָב איך נאָך מיטגעשלעפּט ס'פערד—ווייסיך נישט. (זיפצט. ער קריכט אַראָפּ פון דער קעלניע, גלעט סיפערד מיט באַלעגאָלישן, גראָבן ראַכמאָנעס און רעדט צו „איר", ווי צו אַ מענטשן): האַ? עלקעלע? ביזט נעבעך מיד? קריכסט אין בלאָטעס, דערנאָך קענסטו נישט ארויס. (גלעט זי) נו, נו. דאָס איז אַ מענטשלעכע טעווע, דאַרפסט דיך נישט שעמען, עלקעלע, שקאַפּע מיינע! אַז מיינע איז געווען אין דיינע יאָרן, איז זי אויך געקראָכן אין בלאָטע. סאָף־קאָל־סאָף איז זי אוועק מיטן געלן מעכל, דעם האָניק־סויכער. פאַרברענט זאָלן זיי ביידע ווערן. הע, עלקעלע, דו ביזט דאָך עפּעס אליין אַ פרוי, זאָג מיר דעם גאַנצן עמעס, עלקע טאָכטער, דו גלויבסט עפּעס אינם יוישער פון ווייבער, וואָס האָבן ליב האָניק־סאָכרים? (גיט דעם פערד עסן, הייגנט אים אָן אַ טאָרבע מיט אָבריק). אַז ביטער זאָל דעם האָניק־סאָיכער אַזוי זיין דאָס לעבן, ווי ביטער עס איז אונז ביידן דאָס שטיקל ברויט! האַ, עלקעלע, ברודער. ס'איז שווער צו זיין אַ פערד? און אַ באַלעגאָלע צו זיין מיינסטו איז גרינג?

(ער קריכט אַרויף קריק אַף דער קעלניע. נעמט אַרויס עסן, גריזשעט עפּעס טרוקנס. דורך דער צייט הערט מען ווי דאָס פערד קייעט אויך עפּעס. מענטש און פערד גיסן זיך צונויף אינם גלייכן צאַאַר פון אַ שווער לעבן. דערנאָך זינגען ביידע דעם דועט, בעאייס דער באַלעגאָלע זיצט אַף דער קעלניע).

באַלעגאָלע (אומעטיק, לידיש):
איך בין אַ באַלעגאָלע
פערד: און איך בין אַ פערד!
באַלעגאָלע: נו, ליגן מיר ביידע
פערד: צען איילן אין דר'ערד.
באַלעגאָלע: כאָטש איך זיץ אַף דער קעלניע
פערד: און איך גיי אין שפּאַן,
באַלעגאָלע: דאָך איז פאַר אונז ביידע
פערד: נאָר צאָרעס פאַראַן.
באַלעגאָלע: אַזוי איז פון הימל

פערד: אונז בײדע באַשערט!
באַלעגאַלע: כאָטש איך האַלט ס'ביטשל
פערד: און איך בין דאָס פערד.
באַלעגאַלע: מיר קריכן דורך בלאָטעס
פערד: דורך הונגער און קעלט,
באַלעגאַלע: אַז װײ איז מײן לעבן,
פערד: און װיסט איז מײן װעלט.

(פױזע)

(סיפערד נעמט װידער קײען פון זעקל אָבריק, װאָס איז אים אָנגעהאַנגען איבערן קאָפּ).

באַלעגאַלע (קוקט אַף הינטן): מײנע, װײזט אױס, איז דאָ נישט סקוטשנע. נו, גוט, גוט. זאָלן זײ זיך קושן און האַליובען. איך בין שלעפעריק און מיד און װאָס צו קײען איז נישטאָ. און מיט װאָס צו באַנעצן מ'האַלז (פּריפּט אַ לײדיק פלעשל. בלאָזט אַרײן) איז נישטאָ. װעלן מיר זיך אײנטוליען אין דער בונדע און אַ ביסל דרימלען. עלקעלע, װעט שױן פון דאַנעט סי־װוי־סײ נישט אַרױס־קריכן. איך קען שױן איר טעװע. האַ, עלקעלע? אַרײן אין אַ בלאָטע, קענסטו אַלײן, אָבער אַ ר ו י ס פון בלאָטע, מוז מען דיך שױן שלעפּן. (זיפצט) אױ. װײבער, װײבער (הױבט אָן דרימלען, װערט אַנטשלאָפן).

פערד: מײן באַלעבאָס שלאָפט שױן. און אונזער יונג פּאָר פאָלק קושט זיך. (דרײט אױס דעם קאָפּ. הינטער דער בינע הערט זיך אַ קוש, און נאָך אַ קוש). איך װאָלט געװען אַ באָלן צו װיסן װי לאַנג דאָס'ט אַזױ געדױערן? צוליב זײ האָט מײן באַלעבאָס מיך געשלעפּט אין װאַלד אַרײן, אין בלאָטע אַרײן. פינצטער. קאַלט. בררר.

(סיהערט זיך ערגעץ אַ פּאַסטוכס פײפל אין פעלד)

פערד: ס'איז שױן נאָענט צו טאָג. דער פּאַסטוך טרײבט שױן אונזערע אַהײם פונם פעלד. (מיט קינע) איך װאָלט שױן אױך געװאָלט זײן אין שטאַל און זיך אַ ביסל צולײגן אָפּרוען. (פּױזע. פערד זיפצט). שױן נישט דאָס װאָס אַמאָל! אַמאָל, אַז איך בין געװען יונג האָב איך געקענט עסן אַלדינג. אָבער איצט מוז איך האָבן א י י ד ע ל ע עסנס. שיטשקע, פּאַלאָװע, שטרױ. נישטאָ שױן די אַמאָליקע קױבעס. (זינגט מיטן באַקאַנטן טעאַטער־נוסח).

אוי, וואו נעמט מען די אמאָליקע יאָר,
ווען איך בין נאָך אַ לאָשיק געווען?
וואו נעמט מען די אמאָליקע יאָר,
ווען איך בין נאָך קיין פערד נישט געווען?

אי, די עלטער, די עלטער. דער מאָגן קאָכט נישט, די ציין מאָלן נישט. געפריפט אנומלט פאַרזוכן אַ פוילן שטרויזאק, וואָס איז געלעגן לעבן שטאַל, האָט עס מיר פאַרשאַדט און איך האָב אַ גאַנצענע נאַכט, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט געקענט שלאָפן.

(זינגט מיטן נוסח פון אַווראָם גאָלדפאַדנס ליד)

איך בין געווען יונג
און איצט בין איך אַלט,
נישטאָ שוין קיין קויעך
און עס איז מיר קאַלט.

(הוסט). קכע, קכע. פאַרקילט זיך. וואָס איז דער כידעש? אַז מ׳שלעפּט מיך קסיידער ארום אין נישט-געהייצטע דרויסנס, דורך פעלדער, דורך וועלדער, דורך אַלדי שווארצע יאָר. פרעג וואָס? פרעג ווען? איך בין מיר אַ פּראָסטע פערד—איך גלויב נישט אין קיין לופט! (אַנדערש) ס׳אַן ארבעט פאַר מיר, אַז די עלטערע יאָרן צו שלעפּן פאַרליבטע פּאָרלעך אין וואלד אריין, זיי זאָלן זיך קושן און האלזן מיט די אַלע זאַכן, און איך, פערד, זאָל צוקוקן און דאָס האַרץ זאָל מיר איבערגיין? עפּעס ווי אַ פערד וואָלט קיין מענטש נישט געווען.

(זינגט)

אַ פערד האָט אַ האַרץ,
וואָס ליבט און וואָס בענקט.
אַ קאָשערע נעשאָמע
האָט גאָט מיר געשענקט.

מ׳טרייבט מיך קסיידער
וואלד־איין און וואלד־אויס,
איך קריך אין די בלאָטעס
און קען נישט ארויס.

(קוקט זיך אום אַף הינטן)

מיין באַלעבאָס שלאָפט און זיי קושן זיך נאָך אַלץ. סי ווערט זיי גאָרנישט נימעס, צום גוטן יאָר. זיי זיינען עפּעס גאָר קיין פערד נישט. (מיט אייגן־ליבשאַפט, ווי אַ מענטש) מיר, פערד, אַז מיר שפּילן אַ ליבע איז אָדער אַהער, אָדער אַהין. איך זאָג אַזוי: מאַמאָנעפּשאַך: האָט איר זיך ליב, טו וואָס־זשע זיצט איר אָפּן פאַיעטאָן און מוטשעט זיך איינס ס'אַנדערע און שוויצט? זאָגטס וואָס איר ווילט, באַ אונז, פערד, איז טאַקע שענער. (לירייש) איך דערמאָן מיך ווען איך בין נאָך געווען אַ יונג לאָשיקל און האָב מיך פאַרליבט אין מיין שמערלען. שכיינים זאָגן, אַז איך בין דעמאָלט געווען אַ וואונדערבאַרע שאָנקייט. איך האָב געהאַט אַ שוואַרצע גריווע ווי פּעך. און וואָס פאַר אַ שיינעם ברייטן הינטן איך האָב געהאַט! און ליטקעס! אַלע מאַנצלייט פלעגן די קאַפּאָרע ווערן נאָך מיינע ליטקעס. מיין שמערל פלעגט איינגעמען פאַר מיר אַ מיסע־מעשונע. צומערשטן פלעגן מיר פראַווען די פאַרליבטע שטיק. שטיין אַקעגן דער לעוואָנע פאַרלייגט אַ האַלז איבער אַ האַלז און מאַכן הע־הע־הע. (העשעט ווי אַ יונג פערד) אָבער שפּעטער האָט זיך מיין שמערל מעיאַשעוו גע־ווען, אַז פון דעם וואָס מ'שטייט אַזוי פאַרלייגט אַ האַלז איבער אַ האַלז וועט גאָרנישט אַרויסקומען. און וואָס טויג עס אייך? שפּעטער מיט זעקס כאַדאָשים ביז איך געלעגן געוואָרן מיט אַ שוואַרץ לאָשיקל.

(פויזע. עס הערט זיך ווידער דאָס פאַסטוך־פייפל, ווייט אין פעלד, אָדער אין וואַלד)

פערד: איצט בין איך עלנט. איינער אַליין אויף דער וועלט. מיין שמערל, מיר צו לייגגערע יאָר, איז נעבעך געפאַלן אין שפּאַן. נישט געוואוסט פון קיין קאָמוניזם און פון די אַלע נאַרישקייטן. אויף אים קען מען זאָגן: געלעבט ווי אַ פערד און געשטאָרבן ווי אַ פערד. ס'לאָשיקל אונזערס איז אונטערגעוואַקסן, פאַרלאָזן די מאַמען מישטיינס געזאָגט, אַוועקגעפאָרן קיין רומעניע און געוואָרן אַ פ ע ר ד פ אַ ר ז י ך אַ ל י י ן. ווער ווייסט וואו ער איז דער זון מיינער? וואָס ער טוט? שרייבט אַפילע קיין בריוול נישט דער מאַמען. (זינגט דאָס טעאַטער־ליד).

א בריוועלע דער מאַמען
זאָלסטו נישט פאַרזאַמען.
אוי, איי׳ל דיך צי
און נעם דיר די מי
און שיק אַ בריוועלע דער מאַמען.

פערד: דאָס־אָ ליד האָב איך געהערט נאָך אין אַלטן אידישן טעאטער, אין פערצנטן יאָר, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? נישט נאָר איך, נאָר קימאַט אַלע פערד וואָס זענען געווען אין טעאטער האָבן געוויינט. (פויזע). עך, עך, עך! קיין מאַזל נישטאָ, קיין מאַן נישטאָ, און די בלאָטע איז טיף און דער באַלעגאָלע שלאָפט, און מיינע לייט קושן זיך נאָך אַלץ, און ס'האַרץ בענקט נאָך אַ ביסעלע גליק. ווי זאָגט'ן אין טעאטער?

(זינגט)

אוי, אַ ביסעלע ליבע,
אוי, אַ קאַפּיטשקע גליק,
די זון זאָל מיר שיינען
כאָטש איין אויגנבליק.

בררר. ס'איז קאַלט. (צו די פאַרשוינען). ווערט פאַרטיק דאָרטן צום גוטן יאָר, און גייט'ס אַראָפּ פון דער בויד און העלפט אַרויסשלעפּן פון דער בלאָטע. סי ווערט זיי גאָר נישט נימעס—ווערט זיי גאָר נישט. מ'פּרייכט און מ'שוויצט און אַלץ דאָס איינגענע: „הוצעניו, קוצעניו". אַ שפּראַך אַ ביסל! אַ פערד איז טאַקע אַ קליגערע בעהיימע ווי אַ מענטש, להאַוודל. אַ פערד, אַז ער וויל זיך דערקלערן אין ליבע, מאַכט ער פּאָשעט הע־שע־שע־שע (הירזשעט), פאַרשטייט מען וואָס ער מיינט. אָבער אַ מענטש (קרימט איבער): „הוצעניו, קוצעניו". פע, סי שלאָגט צום האַרצן (בייזלעך, קערט אום דעם קאָפּ אַף הינטן). נו, מאַכט שוין דאָרטן אַ סאָף. מיר איז קאַלט און זיי שלעפּן זיך אַרום אַף דאַטשע.

(זינגט)

אַז אַ פערד פאָרט אַף אַ דאַטשע
איז דאָס פערד—דאַטשינע,
און עס האָט מיר אַ טאַאַם
ווי באַם דאַטש די סאָלדאַטשינע.

עך, שמערל, שמערל! געשטאָרבן שמערל. און איך אַליין וועל שוין אויך לאַנג, ווי מ'זאָגט, קיין מיסט נישט מאַכן. שלעפּ מיך אַרום טאָג, ווי נאַכט, ווער פאַרשוואַרצט. אָבער וואָס קומט אַרויס? איבער הונדערט יאָר וועל איך אַפילע נישט האָבן ווער ס'זאָל נאָך מיר זאָגן קאַדיש. (פּרומלעך). נאָר וואָס זאָל מען טון? אַ פערד מוז אָננעמען אַלצדינג פאַר ליב. ווי גאָט טוט אַזוי איז גוט.

(זינגט)

גאָט און זיין מישפּעט איז גערעכט,
מ׳טאָר קיינמאָל נישט זאָגן, אז גאָט טוט שלעכט.
אוי, גאָט ווייסט וואָס ער טוט,
אומזיסט שטראָפט ער קיינעם ניט,
אוי, גאָט און זיין מישפּעט איז גערעכט!

שכיינים מיינע זאָגן, אז ס׳איז נישטאָ קיין הימל, מיט קיין געהענעם, מיט קיין גאַן־איידן. אָבער איך האַלט, אז זיי זענען נישט קיין עמעסע פערד. עמעסע פערד גלויבן אַלצדינג וואָס סי שטייט געשריבן אין די הייליקע ספאָרים.

עס איז דאָ אַ גאַן־איידן,
אַזוי האָב איך געהערט.
איך גלויב אין דעם אַלעם,
ווייל איך בין אַ פערד.

מאָשיאַך וועט באַלד קומען,
אַזוי האָב איך געהערט.
איך גלויב אין דעם אַלעם,
ווייל איך בין אַ פערד.

ער וועט פירן קיין ציאָן,
אַזוי האָב איך געהערט.
איך גלויב אין דעם אַלעם,
ווייל איך בין אַ פערד.

ביטער, אוי, ביטער צו זיין אַ פערד אויף דער וועלט. אָן אַ קאָרעוו, אָן אַ גויעל. עך, ווען מיין שעמרל זאָל איצט לעבן, וואָלטן מיר ביידע געלעגן אויפן ווארימען מיסט אין שטאַל און... אָבער העטיך־וועטיך, וואָס קומט אַרויס? ס׳איז פּוסטע רייד. די יונגע יאָרן וועלן זיך שוין נישט אומקערן.

(זינגט)

איך האָרעווע און האָרעווע
אַ גאַנצע וואָך,

און וועל גאָר אין גיכן
פאַלן אין יאָך.

איך האָב נישט קיין מאַן,
איך האָב נישט קיין קינד,
און העפקערדיק בין איך
אַזוי ווי דער ווינט.

שטאַרב איך, באַגראָבט׳ן מיך
נ י ש ט אין דער ערד.
טויטערהייט נוצט מען
אויך אויסעט די פערד.

פון מיין פעל מאַכט׳ן שטיוול,
און קאַנטשיקעס אויך,
מ׳שמייסט איינגלעך אין כיידער,
אַז ס׳גייט אַזש אַ רויך.

פון מיין פלייש מאַכט׳ן וואורשטלעך
און מ׳עסט זיי גאַנץ שיין.
די דייטשן מיט זויערקרויט,
און די אידן—מיט כריין.

פון מיין פעטס מאַכט׳ן זייפן
און אויך גוטן פאַרפום,
מיט געפייגערטע פערד
שמעקט דער גוויר אומעטום.

מ׳שינדט און מ׳שינדט אונז
ביז מ׳לייגט אונז אין דר׳ערד,
נאָר איך פאַרליר נישט דעם גלויבן,
ווייל איך בין אַ פערד.

(דרייט ווידער אויס דעם קאָפּ צו די פאַרשווינען). מיין באַלעבאָס שלאָפט נאָך אַלץ. און זיי ליובקען זיך נאָך אַלץ. שאַ, איצט שפּילט זי זיך מיט זיינע האָר. כ׳האָב אַמאָל אויך געהאַט אַ שיינעם קאָפּ האָר — אָפּן עק. איצט פאַלן זיי באַ מיר אויס. אַ כוועץ וואָס די

אינגלעך רייסן בא מיר אוים פאר סטרונעס. יונגאטשעס! אינ־גיכן וועל איך בלייבן מיט א פליך—אפן עק און וועל נישט האבן מיט וואס אפילע אראפצוטרייבן די פליגן. (ווידער ווי פריער). עך, די עלטער, די עלטער! אמאל האב איך געכאלעמט, אז איכ׳ל זיין איינס פון די גרעסטע פערד אין דער וועלט. מיין טאטע, אלאוו־האשאלעם, פלעגט מיר שטענדיק זאגן: „עלקעלע, זיי א פערד, וועט דיר זיין גוט. לאז דיך נישט צו־ריידן״, מאכט ער, „צו ווערן אוים פערד. דיין טאטע״, מאכט ער, „איז א פערד, דיין זיידע, אלאוו־האשאלעם״, מאכט ער, „איז געוועזן א פערד, און דיין גאנצע מיש־פאכע״, מאכט ער, „זיינען לויטער פערד. און מעגן מענטשן״, מאכט ער, „אויסטראכטן באנען, מיט אויטאמאבילן, מיט טראקטארס, מיט פלי־מאשינעס, מיט ראדיאס, — ס׳איז בלאטע״, מאכט ער, „פערד וועלן שטענדיק בלייבן פערד און בעהיימעס וועלן שטענדיק בלייבן בעהיימעס״. (דרייט ווידער דעם קאפ). איצט איז דאס פארל אויך אנטשלאפן געווארן. זי שלאפט בא אים אין די ארעמס און ער כראפעט נעבעך אזוי געשמאק. אט אזוי פלעג איך אמאל אויך שלאפן מיט מיין שמערלען. ער, אלאוו־האשאלעם, האט אויך געהאט א טעווע צו שנארכן. (פויזע). אי, נישט גוט, נישט גוט, וואס מיין אלטער איז מיר אזוי יונג אפגעשטארבן. אבער איך האף צו גאט, אז ער וועט מיך נישט פארלאזן. ווי אין פאסעק שטייט (זינגט) אל טאשליכיינו לעאיים זיקנא.

באלעגאלע (כאפט זיך אויף. זינגט מיט די לעצטע שורע): קיכלוים קויכיינו אל טאאזוויינו.

(פ א ר ה א נ ג)

# אַ מעשוגענע וועלט

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

רעווערענד.
דאָקטאָר.
דאַמע (גרעפין).
מאַמע.
זאָקן.
פּערפּעטואום־מאָביליקער
פּויערטע.
קאַלע.
מוזיקער.
בורזשוי.
וועכטער.
וועכטערס געהילף.
גאַנעוו.
סאָיכער.
אָפּגענאַרטער מאַן.
אינגל מיט צייטונגען.
ווינטמאַכער.
בעקערמאַן.
פרוי (זיין געליבטע).
סטאַטיסטיקער.
ווערטער־סוינע.
שיינער איד.
שיינער מאַנצביל.

די בינע שטעלט פאָר דעם גאָרטן־הויף פון אַ משוגאָ־גאָאים־הויז, אויב מעגלעך אין אַמעריקע, אין שטאַט ניו יאָרק. ס׳איז אַ גרויסער שפּיל־רוים, אין מיטן עפּעס אַ ספּאָרט־פּלאַץ (פלאַג מיט אַ צייכן פון אַ רונדן באָל אין מיטן). פון דרויסן זעען זיך, אין הינטער־טערגרונט, די פאַרגראַטעטע פענצטער, טיר און טויער פון דעם אַנשטאַלט.

לינקס אַן אָפּרו־באַנק, אין דרויסן דרייען זיך די נישט־געפערלעכע מעשוגאָאים, די, וואָס מי דאַרף נישט האַל־טען הינטער גראַטעס אָדער אין אַ צוואַנג־יאַקע. ס׳איז אַן אָנהויב זומערדיקער טאָג.

רעכטס פון אוילאָם איז אַ קליין געפּוצט שטיין־און ציגל־הויז פאַרן הויפּט־דאָקטאָר און אויפזעער פון קראַנקן־הויז. אַפן פענצטער־געזימס זענען בלו מען־קעסטלעך.

עטלעכע קליינע טרעפ פירן אין דעם הויז אַריין. אַף
דער פּאַרטערדיקער וואַנט, נעבן דער טיר, איז אַ מעשן
בלעטל מיטן נאָמען „דר. קאַלווין ל. סטאַנטאָן".
אַרום גאַנצן—אויב מעגלעך—אָנצייכענישן פון אַ שוץ־
וואַנט מיט פּאַרשפּיצטע שטיינער פון אויבן. ס'דאַרף
זיך באַקומען אַ מין קלוימערשט פרייע אַטמאָספערע,
נאָר מי דאַרף אויך פילן, אַז ערגעץ וואַכט דאָס
שטרענגע אויג פון געזעץ.

ווען דאָס בינע־פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, איז די בינע
ליידיק. ס'איז אַ שווערע שטילקייט. פון ערגעץ אַ
געוויין, אַ געלעכטער, אַ ברעקל־געזאַנג—אַלע אָפּגע־
ריסן, אַן אויפפּלאַקער פון פּלוצימדיקע אָנפאַלן פון
משוגעאַס.

דוך דער גאַנצער ערשטער סצענע ביז דער וועכטער
נעמט אַוועק דעם „דאָקטאָר", זיצט דער „דאָקטאָר"
אַף די טרעפּלעך פון „זיין" הויז. ער איז גוט אָנגע־
טוען אין זומערדיקע בגדים, ווייסע פלאַנעל־הויזן,
ברוינעם אָדער שוואַרצן ראָק, ווייכן הוט. איז באַ־
קוועם און געמיטלעך אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אַף זיין
רעכטער האַנט, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אַף אַ שטעקן.
אין דער לינקער האַנט האַלט ער אַ געפלאָכטן טעניס־
לאָפּעטקעלע אַף צו וואַרפן דעם טעניס־באָל. נעבן
אים איז די דאַמע. זי האָט זאַפראַן־פאַרביקע האָר,
איז אָנגעטוען אין איבערגעטריבענע קליידער, האַלט
אין איין האַנט אַ פיינעם זונשירם, אָדער אַ פעכער.
ביידע מוזן איבערגעבן דאָס געפיל פון דורכויס גע־
זונטע, אַ ביסל איבערגעטריבענע, זעלבסט־פאַרגלייב־
טע מענטשן.

נ אָ ט י ץ: דאָס הויפּט־געוויכט פון דער דעזשי זאָל
געלייגט ווערן אַפן לאַכן און וויינען פון די קראַנקע.
ביידע זאַכן זאָלן ריטמיצירט ווערן, דער „מוזיקער"
זאָל האָבן אַ גוטע זינגשטימע.

**רעוועריענד** אַ מין האַלב־אַהער האַלב־אַהין, אַמעריקאַניש רע־
בעלע, אַ פאַרפרומטס און ציטערדיקס, טראָגט די ביגדייקוידעש פון
אַ מענטש אין זיין שטאַנד, דאָס הייסט אַזוי: אַ לאַנג ריפּסן רעקל,

אַ מין כאַצי־יאָנטעוודיקע זאַך, אַ שוואַרץ שטרויענעם קאַפעליוש. ער גייט מיט צענויפגעלייגטע הענט ווי אַ גאַלעך. ביכלאַל איז דאָס רעבעלע עפּעס אַ מין האַלב־קאַטאָליק, האַלב־כאָסיד.

אויפטריט רעווערענד.

רעווערענד (שטעלט זיך אָפּ אַן אָפּרו־באַנק, וואָס געפינט זיך דאָ אין דרויסן נעבן דעם אויפזעערס־הויז): ראַבוסיי, איך וויל האַלטן אַ דראָשע. אין פּאָסעק שטייט: „כי לעולם חסדו״, שטעלט זיך די פראַגע (באַל־דאַרשנדיק, נאָר נישט איבערטריבן): ווען מען „חסדו״ און פאַרוואָס שטייט „חסדו״ מיט אַ „כעס״? איז דער טערעץ: כי לעולם חסדו, גאָטס כעסעד איז אומעטום אַף דער גאַנצער וועלט, אין בערדיטשעוו ווי אין יעהופּיץ, אין ניו יאָרק ווי אין וואַרשע, אין לעמבערג ווי אין ווין. און ווי גאָט טוט איז גוט. נישטאָ קיין שלעכץ און קיין גוץ אַף דער וועלט. נאָר בלויז גוץ. אַפילע דאָס שלעכטע איז אויך גוט, ביפּראַט דאָס גוטע איז אַוואַדע גוט. (עטלעכע משוגאָאים גייען פאַרביי אין אַלערליי פּאָזעס און זאָגן: „מעשוגענער״).

דאָקטאָר (צו זיין דאַמע): דאָס איז אַ רעליגיעזער מאַניאַק. איז משוגע געוואָרן פון צופיל גלויבן אין גאָט. דאָס זעט איר, ליבע גרעפין, האָט אים זיין גאָט אַזוי אָפּגעדאַנקט. כאַ־כאַ־כאַ.

דאַמע: אָפּשייַלעכער גאָט דער... ווי הייסט דער אידישער גאָט, הער דאָקטאָר?

דאָקטאָר: באַם אידישן נאָמען, צי באַ דער פאַמיליע?

דאַמע (גיט אים אַ גרינג פעטשל פון אַ גוטמוטיקער שטרענגקייט): דו דאַרפסט אַזוי נישט רעדן, דער אידישער גאָט האָט נישט קיין טאַטן.

דאָקטאָר: אַ יאָסעם נעבעך, אויב אַזוי דאַרף מען אין אים גלייבן פון ראַכמאָנעס.

דאַמע (פעסטעט זיך): נו, מאַך נישט דיינע שפּאַסן, זאָג דאָך, ווי הייסט דער אידישער גאָט?

דאָקטאָר: מיין ליבע גרעפין, אַמאָל פלעגט ער הייסן „יעהאָוואַ״ און זיינע אָנהענגער פלעגן הייסן „אידן״. נאָר היינט, אַז אַ סאַך פון זיינע אידן האָבן זיך געביטן מ׳נאָמען אַף „פּראָלעטאַריער״, האָט ער זיך, זאָגט׳ן, געביטן מ׳נאָמען אַף — — (זאָגט איר עפּעס אַפן אויער, זי לאַכט און „שטראָפט אים״).

דאַמע: גיי, דו ביזט אַ שלעכטער מענטש.

אויפטריט מאַמע.

מאַמע (אַן עלטערע אידישע פרוי, אָרעם אָנגעטאָן, מיט אַ שאַל אַף די אַקסלען, זייער בלאַס און פיבערדיק): ווי מיינט איר, רעוועד רענד לעבן, מיין יאָסעלע וועט קריק קומען? (טראַכט) ער מוז קריק קומען, מיין יאָסעלע. ער דאַרף נישט לאָזן די מאַמע אַליין, מיין יאָסעלע איז שטענדיק געווען אַזאַ גוטער, די אויגן זיינע זענען געווען אַזוינע גוטע, אַפילע זיינע האָר זענען געווען אַזוינע ווייכע, אַזוינע גוטע. האַ, וואָס זאָגט איר, רעבע? ער וועט קריק קומען, מיין יאָסעלע? (פלוצים ווילד) ער מוז קריק קומען, מיין יאָסעלע, אַז נישט וועל איך אונטערצינדן די וועלט, איר'ט זען. (אין געכליפ) איך דאַרף נישט קיין וועלט אָן מיין יאָסעלען, איך דאַרף נישט. (בערואיקט זיך אַ ביסל) אַנטלייט מיר אַ שוועבעלע, איך בעט אייך.

רעווערענד (פאַרציטערט): אַ שוועבעלע גאָר? וואָס רעדט איר, ס'איז דאָך שאַבעס! אידענע וואָס איר זענט! שאַבעס וועט איר גיין אונטערצינדן די וועלט? איר זינדיקט קעגן גאָט, אידענע!

מאַמע (אין שטילן געוויין): אָבער פאַרוואָס האָט גאָט צוגענומען מיין יאָסעלען? פאַרוואָס איז ער אַזאַ שלעכטער?

רעווערענד (קלוימערשט ווי ער וואָלט זיך געקליבן געבן טאַקע אַן ענטפער): דאָס איז דאַפאַר, ליבע אידענע, ווייל... (אַנדערש) קיינער ווייסט נישט. (בייזלעך) גייט אַהיים, פרעגט נישט קיין קאַשעס, אַף גאָט פרעגט מען קיין קאַשיעס (פרוש), אַז גאָט וויל שיסט אַ בעזים.

מאַמע (דערשראָקן): ווייִ איז מיר און איך האָב איבערגעלאָזט מיינע דריי אויפעלעך אַליין אין שטוב מיט אַ בעזים (לויפט אָפּ).

ווידער גייען פאַרביי די פאַציענטן. אַ טייל אין די בגאָדים פון דער סאַניטאַריע, ווייסע כאַלאַטן, לאַטשן, האָבן פריש־ראַזירטע קעפּ, און געזיכטער, די אַנדערע, די „פרייערע", טראָגן אייגענע קליידער, האָר און בערד פון אַלע פאַסאָנען, אַ טייל שטעלן זיך אָפּ, הערן זיך אונטער מיט אינטערעס, רויכערן דערווייל, טרייבן קאַטאָוועסן צישן זיך, און באַמערקן קימאַט אַלע צום סאָף:

— משוגענע!

— די וועלט וויל זי אונטערצינדן, כאַ־כאַ־כאַ!

— און וואָס וועט זי טוען מיטן יאַם?

— און מיטן ליוויאָסן? — דער ליוויאָסן ברענט דאָך נישט.

— כא־כא־כא. דער ליוויאָסן ברענט נישט. משוגענע!
— וואָס דען, ער ברענט יאָ?
— וואָס דען, ער ברענט נישט?
— פאַרוואָס זאָל ער יאָ ברענען?
— פאַרוואָס זאָל ער נישט ברענען?
— משוגענער!
— משוגענער!
— איר זענט אַלע משוגע!
— איר זענט משוגע, איך נישט—איך בין קלאָר.
— לאָמיר פרעגן דעם דאָקטאָר, אָט זיצט ער דאָרטן.
— ער איז אַליין אויך אַ מעשוגענער. איך איינער בין אַ קלאָרער מענטש.
— ווען דו זאָלסט זיין קלאָר, וואָלסטו דאָך געוואוסט, אַז דו ביזט אַ משוגענער!
— כא־כא־כא־כא!
— כע־כע־כע־כע!

רעוועריענד: איר זענט אַלע משוגע אַכוץ איך. מיך לאָזט גאָט נישט משוגע ווערן (די קראַנקע צעגייען זיך אין אַלע זייטן. ווערט שטילער. פויזע).

מאַמע (קלוימערשט ווי זי וויגט אַ קינד. פאַטעטיש).

שלאָף, מיין טייער יאָסעלע,
שלאָף, מיין טייער פייגעלע;
מאַך שוין צו דיין אייגעלע.
שלאָף, מיין טייערער יאָסעלע.

(גייט אָפּ. וויגט דאָס קינד).

דאָקטאָר (צו זיין דאַמע): זייער אַ פאַטעטישער פאַל, איר איינציקער זון איז נעבעך דערטראָנקען געוואָרן. די אָרימע מוטער נעבעך, זי וועט שוין לאַנג נישט דויערן. זי איז שוין... (ווייזט באַ זיך אַף די שלייפן, אַז זי איז גייסטיק זייער געפערלעך קראַנק) עפשער שפילן מיר טענים, פרוי גרעפין? (מאַכט אַ באַוועגונג מיט זיין טענים־וואַרפער).

דאַמע: נישט איצט, שפעטער, ס'איז זייער אינטערעסאַנט צו זיצן דאָ און באַטראַכטן די קראַנקע. הער דאָקטאָר, ס'איז ווי אין אַ טעאַטער.

דאָקטאָר: א טעאַטער, כאַ־כאַ־כאַ. דאָס איז עמעס, פרוי גערעפּין, די גאַנצע וועלט איז אַ טעאַטער, און יעדער טעאַטער איז משוגע.

—דאַמע: דאָס זאָגט דאָך דער רעזשיסאָר פון מאָסקווער אידישן קאַמער־טעאַטער. איר האָט דאָך געהערט פון אים?

דאָקטאָר: א ביסל. נאָר לאָמיר נישט רעדן דאַפון. (ראַפּטוס) די צייט איז קורץ, ליבע גרעפּין, לאָמיר בעסער (זאָגט איר עפּעס אַפן אויער).

דאַמע (הייבט זיך אויף אויפגערעגט, גיט אים אַ פּאַטש): ווי דערוועגט איר זיך? איר—אַ דאָקטאָר, אַן אויפזעער פון אַן אנשטאַלט? איך גיי שוין צום פּרעזידענט קולידזש.

דאָקטאָר (צעטומלט): איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב גאָרנישט געמיינט, פרוי גרעפּין, פאַרקערט, איך האָב צו אייך די גרעסטע... שאַ, עמיצער גייט. (רעדט שטיל, צאַנקען זיך, ווייזט אויס, אַ ביסל).

אויפטריט זאָקן.

זאָקן (זייער אָפּגעמאָרעט, מיט אַ קנאָבלפאַרביקער, מאָ־גערער, לאַנגער באָרד, האַלט עפּעס אַ ביכל אין האַנט): זיי זאָגן „עסן", ווי אַזוי קען מען עסן, אַז אין יעדן עסן זענען דאָ באַצילן, אין יעדער זאַך וואָס לעבט נישט, זענען אויך דאָ באַצילן. אומעטום— באַצילן. אַף דער ערד באַצילן. אין ביר באַצילן—אָט דאָס־אָ ביכל האָט מיך געראַטעוועט. ווען נישט דאָס ביכל, וואָלט איך נאָך געווען געגעסן ביז היינטיקן טאָג, און אַז מי עסט—עסט מען באַצילן. (לייענט) יעדער באַציל איז אַ סוינע פון יעדער אַנדערער באַציל. (צו זיך) קימאַט ווי אַ גוטן אידן, להאַוודל. (לייענט ווייטער) אין יעדן אין יעדן טראָפּן וואַסער, וואָס אַ מענטש טרינקט, זענען פאַראַן 63 מיליאָן באַצילן, און אַפילע אַז מי טרינקט נישט דאָס וואַ־סער — זענען אויך פאַראַן דאָרטן די זעלבע באַצילן (לייענט ווייטער) קיין אַמעריקע קען מען פאָרן דורכן יאַם, אַז מי וויל, און אַז מי וויל נישט, קען מען אויך פאָרן דורכן יאַם. (לייענט פּאַוואָליע, וואָרט באַ וואָרט) נאָר קעגן באַצילן איז דאָס זייער אַ שוואַכער מיטל (כאַפּט זיך) אַפן ביכל אַליין קריכן אויך אַרום באַצילן (גיט אַ ציטער אויף, וואַרפט אַוועק דאָס ביכל, גייט אַרום, טרעט מיטן פוס דאָס ביכל, קלייבט עפּעס פון דער וואַנט, פון דער לופט, פון זיינע בגאָדים).

דאַמע: דאָס איז אַ זייער אינטערעסאַנטער טיפּ.

דאָקטאָר: וואָס מיינט איר, ער איז דען נישט אַ ביסל גע־רעכט? דער איד איז נישט אינגאַנצן משוגע. ווען נישט מיר, דאָקטוירים, וואָלטן מיליאָנען מענטשן יעדן טאָג געפאַלן קאָרבאָנעס פון באַצילן. פּראָפעסאָר קאָך, לעמאָשל, פון דייטשלאַנד... (רעדט שטילער).

אויפטריט פּערפּעטואום־מאָביליקער מיטן וועקטער־סוינע

פּערפּעטואום־מאָביליקער (האַלט אין דער האַנט אַ שטיקל מעכאַניזם, ווי דאָס אינגעווייד פון אַ זייגער, טראָגט ברילן, איז אַ קליינער, שוואַכער און קורצזיכטיקער 30־יאָריקער מענטש): סי מוז זיך דרייען, אַליין דרייען. אייביק דרייען. קראַפט, באַוועגונג פון זיך אַליין. אָט וואָס. פּער־פּע־טו־אום־מאָ־בי־לע. (צום וועקטער סוינע) אָט דאָס וועט ראַטעווען די וועלט, קיינער וועט נישט דאַרפן אַרבעטן, קיינער נישט, אָט וואָס. מיין דערפינדונג איז באַלד פאַרטיק, נאָר איך מוז עס האַלטן בסוד פאַר דער וועלט, מי זאָל עס בײַ מיר נישט צוגאַנוועגען. (ער באַהאַלט דעם מעכאַניזם אונטערן ראָק בײַם האַרץ, ווי עפּעס אַ לעבעדיקע זאַך). שפּיאָנען גייען מיר נאָך אויף שריט און טריט, אַלע לענדער האָבן זייערע שפּיאָנען: ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקע, אָבער איך וועל עס קיינעם נישט אָפּגעבן. (לאַשטשעט דעם מעכאַניזם הינטערן ראָק בײַ זיין האַרץ, ווי עפּעס אַ לעבעדיקע זאַך). איך וועל דיר נישט אָפּגעבן צו קיין מלוכע! דו מוזט געהערן צו דער גאַנצער וועלט — דו טייערע דערפינדונג מיינע (אָנגעשטריינגט, מעלאַנכאָליש), מי דאַרף נאָר טראַכטן, טראַכטן, טראַכטן, שטאַרק טראַכטן (ווייזט אַפן שלייף) בלויז איין שרייפעלע פעלט, אַ שרייפעלע. עך! ווען דאָס איין שרייפעלע זאָל אַרבעטן. (פּאַטעטיש) נאָר סי וועט אַרבעטן, סי וועט מוזן אַרבעטן, איכ'ל עס צווינגען (צום זאָקן, וואָס איז פאַרטיפט אין „קלייבן" באַצילן) זאָגט מיר, איר גלייבט אין פּער־פּעטואום מאָבילע?

זאָקן: פּערפּעטואום וואָס?

פּערפּעטואום־מאָביליקער: אַזאַ מאַשין, וואָס דרייט זיך פון זיך אַליין, אָן דאַמף, אָן עלעקטריציטעט, אָן גאַז, אָן וואַסער, אָן ווינט, אָן קוילן, אָן אייל, נאָר פון זיך אַליין. אָט דאָס הייסט פּער־פּע־טו־אום מאָ־בי־לע. גלייבט איר אין דעם?

זאָקן: איך גלייב בלויז אין באַצילן.

פּערפּעטואום מאָביליקער: פּערפּעטואום מאָבילע וועט ראַטעווען די וועלט!

**זאָקן:** וואָס טויג מיר די וועלט, אז ס׳זענען דאָ באַצילן. (ווייזט אָן אין דער לופטן) אָט איז א באַציל, אָט איז נאָך א באַציל. אָט איז נאָך איינע, די גאַנצע וועלט איז פול מיט מיקראָבן.

**פערפעטואום מאָביליקער** די גאַנצע וועלט איז פול מיט קראַפט, מי דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי אָט־די־אָ קראַפט איינצושפּאַנען (פאַרמאַכט אָן אויג) מ׳דאַרף טראַכטן, טראַכטן, שטאַרק טראַכטן.

**זאָקן:** טראַכט! ווער ווערט אייך? (אַ מאַך מיט דער האַנט) נישטאָ מיט אים וואָס צו רעדן, ער איז, נעבעך, אַזוי גוט משוגע. (זאָקן אָפּ. פויזע. פערפעטואום מאָביליקער באַטראַכט לאַנג זיין מעכאַניזם. גייט אָפּ. קוקט אַף דעם „זייגער", גלעט אים ווי אַ קינד).

אויפטריט פויערטע.

**פויערטע** (אַ יונגע פרוי, מיט לאַנגע אַראָפּגעלאָזטע צעפּ, גייט ווי מיט געפּענטעטע טריט, רעדט ווי פון הינערפּלעט):

גיי איך אין וועלדל,
זע איך א בוים,
גיי איך צום וואסער—
זע איך אַ שוים.

(אַזוי עטלעכע מאָל, אין טיפער מאָרעשכוירע, גייט זי אַזוי אָפּ).

**דאָקטאָר** (צו זיין דאַמע): נעבעך אויסגעריסן געוואָרן יונגערהייט, פון איר קליין שטעטל ערגעץ אין אוקראַינע, און איבערגעפלאַנצט געוואָרן אין דער שטיינערדיקער ערד פון ניו יאָרק. און אָט וואָס ס׳איז אַרויסגעקומען דאַפון.

**דאַמע** (גריַנג און מיט כויזעק): אַזוי, ניו יאָרקער שטיינער געפעלן איר נישט? בערדיטשעווער בלאָטעס געפעלן איר בעסער? דאָס איז זייער אינטערעסאַנט. ווירקלעך.

אויפטריט קאַלע.

**קאַלע** (אָנגעטאָן ווי אַן עמעסע קאַלע, אין אַ ווייסן בראָהדשלייער, אַ בונט בלומען אין דער האַנט. זי איז אַ דין, קרענקלעך, שיין, עלטער מיידל): וואו זענען מיינע אונטערפירערקעס, טאַטע? און די קלעזמער וואו זענען און די מעכוטאָנים? ס׳איז דאָך שוין באַלד נאַכט. די זון גייט שוין באַלד אונטער (אין געוויין). פאַרוואָס שפּילן נישט די קלעזמער, די קלעזמער?

(דורך דער צייט קומט ווידער אַריין דער רעוועראַנד מיט זיין סידער אין האַנט. דאַווגט עפּעס)

**דאָקטאָר:** . . . דאָס איז אַ קאַלע, וואָס דער כאָסן איז פון איר אַנטלאָפן אַ האַלבע שאָ פאַר דער כופּע. איר האָט מיסטאָמע געהערט וועגן דעם פאַל, פרוי גרעפין? ס'איז געווען אין אַלע בלעטער.

**דאַמע:** נאָר פאַרוואָס ער איז אַנטלאָפן האָבן די צייטונגען נישט געשריבן, עפּשער ווייסט איר, הער דאָקטאָר? איר זענט דאָך דער הויפּט־דאָקטאָר, דער אויפזעער פון דעם אַנשטאַלט.

**דאָקטאָר:** ווייסן, ווייס איך, נאָר לײַדער, פרוי גרעפין, דערלײַבט נישט די עטיק פון מײַן פּראָפעסיע אויסצוזאָגן סודעס פון די קראַנקע. לײַדער, אַנטשולדיקט! (פאַרנייגט זיך פאַר איר זייער העפלעך).

**קאַלע:** די קלעזמער פאַרוואָס שפּילן נישט? און דער באַדכן וואו איז? פאַרוואָס באַזעצט ער מיך נישט? איך שטיי דאָך אונטער דער כופּע מיט מײַן באַשערטן?

**רעווערענד** (האָט מיט אַ האַלבן אויער געהערט די לעצטע ווערטער, איז אונטערגעקומען, זיך געשטעלט אַף דער באַנק, וואָס ער האָט צוגערוקט מער צום פאָדערגרונט פון דער בינע):

קאַלעניו, קאַלעניו, ניטע דו וויין,
סי וועט באַ דיר אײַנגיכן אַ כופּע זײַן.
סי וועט קומען דײַן באַשערטער מיט מאַזל און מיט בראָכע,
און גאָט וועט דיר געבן געזונט און האַצלאָכע.

(עטלעכע קראַנקע זענען דערווײַל אַרײַנגעקומען. ציִשן זיי פרויען. זיי שטייען אַרום און וויינען. איינע צינדט אָן אַ לעכט און האַלט עס אין דער האַנט).

אויפטריט מוזיקער.

**מוזיקער** (אין אויסזען, קליידונג און האַלטונג, אַ גרויסער מוזיקער פון אַלטן שניט, ער איז גראָ, האָט לאַנגע האָר און אַ גלאַט ראַזירט צעקנייטשט פּאָנים מיט אַ סאַך „קראָענפיס" באַ די אויגן־ווינקלען. ער האַלט אַ דיריזשיר־שטעקעלע אין האַנט, איז זייער נערוועז, צוקט מיטן מויל. אַז ער קומט אַרײַן און דערהערט דאָס ווילדע געוויין, האַלט ער זיך צו די אויערן): גענוג, גענוג, ס'איז אויסערן טאָן. פאַלש, פאַ־אַ־אַלש, סי טויג נישט, סי טויג נישט. אויב וויינען, איז מיט אַ געוויסער האַרמאָניע, מיט ריטם, מיט טאַקט. טאַקט! איינס, צוויי, דריי, פיר, איינס, צוויי, דריי, פיר. אָט־אַזוי־אָ (ווײַזט ווי אַזוי מיט אַ גוטער שטימע).

דאָקטאָר: דאָס איז דער באַרימטער זינגער קאָוואַלעווסקי, אַ פּראַקטיקער זינגער געווען, און אַ קאָמפּאָזיטאָר. נאָר ער האָט געוואָלט צופיל. ער האָט איינמאָל געוואָלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אָטעמען צום טאַקט פון זיין שטעקעלע. ער איז שוין דאָ ס'זעקסטע יאָר. איצט איז ער זייער אין אַ שלעכטן צושטאַנד, קאָן לעבן העכ־סטענס אַ כוידעש אָדער צוויי, ער האָט שווינדזוכט.

דאַמע: אינטערעסאַנט. און וואָס פאַר אַ שיינעם קאָפּ ער האָט! (סי הערט זיך ווידער אַ לאַכן און וויינען פון די משוגאָאים, וואָס רינגלען אַרום די קאַלע, און שלעפּן זי טאַנצן. דאָס מאָל ווערן די קוילעס אין דרויסן באַגלייט מיט נאָך ווילדערע קוילעס פון אינע־ווייניק—פון יענע, וואָס זיצן הינטער די גראַטעס).

מוזיקער: פאַ־לש! פאַלש! סי טויג נישט! (דוּאיק) איינס פון די ביידע, אָדער וויינען, אָדער לאַכן, און אויב לאַכן איז סימפּאָניש, האַרמאָניש. אָט אַזוי. (ווייזט) כאַ-כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! (צו די, וואָס שטייען אַרום פאַראינטערעסירטע) נו, לאָמיר זען, פּריווט נעמען אַ טאָן (עטלעכע קראַנקע נעמען טענער, לאַכן שרעקלעך גריל־צענדיק, סיאיז ווי אַ מוירעדיקער געשריי און געוויין) ניין, ניין, סי טויג נישט, ס'הויבט נישט אָן צו טויגן. (טראַכט) שאַ, מיר'ן עס מאַכן אַזוי, מיר'ן אויסשטעלן שטימען צו שטימען, די באַסן באַזונדער, טענאָרן באַזונדער, סאָפּראַנאָס באַזונדער, באַריטאָ־נען באַזונדער. אָט אַזוי. (ער טוט עס) דו זינגסט סאָפּראַן, אָט אַזוי אָ, כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! און דו העלדן־טענאָר. און דו... שטעלט זיך אַלע אוים אָט אַזוי אָ, און דו קאַלע אויך, דו וועסט שטיין אין מיטן. (ווייך) קינדער, אונזער סאָנאַטאָ איז געווידמעט דער קאַלע, געדענקט־זשע! וואַרט צו ביז איך וועל געבן אַ מאַך מיטן שטעקעלע, אָט אַזוי־אָ וועלן מיר אָנהייבן. פּיאַנאָ, אַלעגראָ, אַנדאַנטע, קרעש־טשענדאָ. (זיי נעמען אַ טאָן. סי געפעלט אים נישט). נאָכאַמאָל, נאָכאַמאָל! איבערזינגען, איבערמאַכן! ס'איז פאַלש. (ווייזט ווידער ווי אַזוי. דאָס מאָל איז דאָס אַ נערווירנדיק־יאָמערלעך געוויין־געלעכטער פון געפּאַנגענע כאַיעס).

אויפטריט וועכטער און געהילף.

וועכטער (אַ גראָבער מענטש מיט אַ „היטל" פון אַנשטאַלט, אַ פאַלקע אין האַנט, צעטרייבט אַלעמען, פייפט אָף אַ בלייען פייפל, קומט דער געהילף זיינער, מיכאַפּט די משוגאָאים, מיפירט זיי אַרויס. ביידע, אי וועכטער, אי געהילף, זענען ברוטאַלע מענטשן מיט שיקערע רויטע נעז. לאַנגע פויזע. וועכטער און געהילף קוקן זיך אַרום, צי

סיאיז קיינער נישט געבליבן. צום געהילף): ס'הייבט זיך שוין אָן דער זומער, פריינט דזשים.

**געהילף**: און די ווייסע לעוואָנע־נעכט, פריינט דזשאָן!

**וועכטער**: מי וועט דארפן אָנשטעלן נאָך עטלעכע שאָמרים, פריינט דזשים.

**געהילף** (טרינקט פון אַ פלאַש, וואָס ער נעמט פון דער הינ־טערשטער הויזן־קעשענע): איך מיין אויך אזוי, פריינט דזשאָן. (נאָכן טרינקען) ווילט איר אַ ביסל באַגעצן דעם האַלדז? (פלוצים דערזעט דער וועכטער דעם דאָקטאָר, וואָס זיצט אַף די טרעפּ מיט דער דאַמע).

**וועכטער**: שאַ, און דער זיצט גאָר דאָ?! (ביידע גייען צו נענ־טער). אים וואָלט מען נישט באַדאַרפט ארויסלאָזן. אַף יעדן פאַל נישט היינטיקע וואָך, ווען ס'הייבט זיך אָן דער זומער.

**געהילף**: און די ווייסע לעוואָנע־נעכט אַף די בערקשירבערג.

**וועכטער** (צום דאָקטאָר): זייט זשע מויכל!

**דאָקטאָר**: צו וועמען רעדסטו אזוי, הא? צו מיר, דעם אויפזעער פון אנשטאלט, דעם גרעסטן פּסיכיאטער אין אמעריקע?

**וועכטער** (פעסט דורכדרינגלעך און קאַלט): זייט זשע מויכל. (דער דאָקטאָר רירט זיך נישט, ער קוקט אים נאָר אָן בייז. שטילער־הייט צום געהילף) איך האָב מוירע מיר וועלן אים מוזן נעמען. (זיי גיבן פלינק אַ כאַפּ דעם דאָקטאָר, שלעפּן אים אַרויס).

**דאָקטאָר**: איר זייט לייז! לייז! אָט וואָס איר זייט. איך בין דער גרעסטער פּסיכיאַטער.

(ביידע אָפּ מיטן דאָקטאָר. פּויזע. דאַמע בלייבט זיצן רואיק, שטויבט זיך אָפּ די קליידער).

**דאַמע**: מ'קאָן קיינמאָל נישט וויסן מיט וועמען מי האָט דאָ צו טוען.

(וועכטער און געהילף קומען קריק)

**וועכטער**: און איר, כאַשעוועע פרוי גרעפין, זייט אזוי גוט.

**דאַמע** (מאַכט מיט דער האַנט זייער שטאָלץ, מ'זאָל זי נישט אָנרירן, הייבט זיך פּאַוואָליע אויף, מאַכט אויף דעם זונשירעם, דעם פאַרביקן, לאָזט זיך שטאָלץ אַרויסגיין אין דער זייט פון דער בינע, וואו מי האָט אַרויסגעפירט פריערדיקע משוגאָים און אויך דעם דאָקטאָר. וועכטער און געהילף גייען איר נאָך. אַז די קומט צום ווינקל פון דער בינע, דרייט זי זיך מיט אַמאָל אויס און גייט אַרויס דורכן אַנדערן ווינקל, באַגלייט פון וועכטער און געהילף).

אויפטריט גאַנעוו און סאָיכער

**גאַנעוו** (אַ קרענקלעכער, שווער־אָטעמדיקער, געלער מענטש מיט אַלערליי אידישע כוילאַסן, מיט אַ שיטער בערדל. אים איז שטענ־דיק קאַלט).

**סאָיכער** (אויך אַן אָפּגעריסן בידנע מענטשל, וואָס האָט עפּשער אַ הערינג־און־נאַפּט־קרעמל).

**גאַנעוו** (ווישט־אָפּ די באַנק אַפּן רעכטן ברעג מיט דער פּאָלע פון זיין ראָק).

**סאָיכער** (קוקט צו פאַראינטערעסירט).

**גאַנעוו** (אָפּגעווישט די באַנק זייער פּאָרזיכטיק, זעצט ער זיך אַפּן אַנדערן זייט, באַם לינקן ברעג): אָט אַזוי ווי איר זעט, רעב לייבטשע, בין איך נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר קיין שום אידן געדאַכט, אומגליקלעך געוואָרן. זאָל איך דערציילן?

**סאָיכער**: דערציילט, דערציילט פון אייער אומגליק, רעב נאַפּ־טאָליטשע, וועל איך אייך שפּעטער דערציילן פון מיין אומגליק. איר שמעקט טאַבעקע? (דערלאַנגט אים זיין טאַבאַק־פּושקעלע).

**גאַנעוו**: איך שמעק טאַבעקע, פאַרוואָס זאָל איך נישט שמעקן? (ער נעמט אָן אַ ביסל טאַבאַק און שיט אָן אַף דער לאַנגער פלאַך פון זיין האַנט, פאַרזוכט עס מיט דער צונג, מאַכט „פע", וואַרפט עס אַוועק). איך בין קראַנק געוואָרן, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט געקענט שטיין אין דער קראָם. זאָגט צו מיר דער דאָקטאָר, איר מוזט, רעב נאַפּטאָליטשע, אַוועקוואַרפן ס'קרעמל, און זיך נעמען באָרכאַשעם צו עפּעס אַנדערש. ווייל איר זענט, זאָגט ער, באָרכאַשעם, גערירט אַף די לונגען, און אין קענדיסטאָר, מאַכט ער, איז נישטאָ קיין לופט. מיילע, אַז דער דאָקטאָר זאָגט, באָרכאַשעם, מוז מען פאָלגן. ס'איז עפּעס דאָ אַ ברייירע, האַ? רעב לייבטשע?

**סאָיכער**: וואָס דען? אַז דער דאָקטאָר זאָגט.

**גאַנעוו**: איז, הייסט עס, באָרכאַשעם, פאַרפאַלן, מוז מען פאָלגן דעם דאָקטאָר. נאָר אַזוי ווי קיין אַנדער פּאַרנאָסע אין דער האַנט ווי אַ קראָם האָב איך נישט, האָב איך באַשלאָסן. איר שמעקט, רעב לייבטשע?

**סאָיכער**: (אויפגערעגט) איך שמעק נישט! פון וואַנען קומט צו מיר שמעקן? שמעקן גאָר! (באַרואיקט זיך).

**גאַנעוו**: מיילע, האָב איך שוין באַשלאָסן צו ווערן באָרכאַ־שעם אַ גאַנעוו, וואָרין אונזערער אַ איד, רעב לייבטשע, וועט דאָך נישט ווערן קיין שוסטער אָדער אַ שניידער, כאָלילע.

סאַיכער: אוואדע, אוואדע, רעב נאַפטאַליטשע, קענען מיר נישט ווערן קיין שניידערס מיט קיין שוסטערס. ווי קומט דאָס צו אונז?

גאַנעװ: ווי זאָגט איר, באַרכאַשעם: ווי קומט דאָס צו אונז? מיילע, אויב גאָט הייסט גאַנוועגען, איז גאַנוועגען. שטעלט זיך אָבער, רעב לייבטשע, די קאַשע: וואו גאַנוועט מען? אין די רייכע גאַסן, אַף דער פינפטער עוועניו, איז צו ווייט, און די גווירים וואוינען, באַרכאַשעם, אין די הויכע פענצטער אַפן צענטן שטאָק, אַפן פופצנטן שטאָק, האָב איך נישט קיין קויעך צו קריכן. אַפילע איין שטאָק איז פאר מיר אויך צו הויך. איר הערט, רעב לייבטשע, צי איר שלאָפט?

סאַיכער: איך הער, איך הער, רעב נאַפטאַליטשע.

גאַנעװ: מוז מען, הייסט עס, גאַנווענען טאַקע דאָ, אין אונזערע גאַסן, בא די אָרעמע לייט, וואָס וואוינען אין די קעלער־שטיבלעך, אָדער אַף די הויפן. (פאַרהוסט זיך, ווערט אַזש בלאָ).

סאַיכער: נו?

גאַנעװ: נו, גאָרנישט, ווייסט איר דאָך: ווער וואוינט אין די ניו יאָרקער קעלער־שטיבלעך? אַ נאַש בראָט, אַן אָרימאַן. כ׳קום אריין די ערשטע נאַכט, באַראַכשעם, גאַנווענען, הער איך אַ קינד וויינט, נעבעך, פון שלאָף: „מאַמע, עסן!", „מאַמע, הונגעריק!" איז מען דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, פאַרקלעמט דאָס האַרץ (ווישט זיך די אויגן). נעם איך און לייג אַוועק אַפן קינדס בעטל אַ האַלבן דאָלאַר, און גיי, באַרכאַשעם, ווייטער. כאַפּ איך מיך אריין אין אַ הויף און וויל אָנהייבן גאַנווענען, הער איך עפּעס אַן אַלטינקער קרעכצט, נעבעך, פון שלאָף: „אוי וויי איז מיר!" און נאָך אַמאָל: „אוי וויי איז מיר!" איך קום צו צום אַלטיטשקן און שטעל אַף אים אַן ס׳עלעקטרישע לאַמטערנדל, וואָס איך האָב באַרכאַשעם געקויפט. זע איך, דער מענטש איז, נעבעך, געל ווי וואַקס, אַ טויט פּאָנים אַזא, אַן אָפּגעצערטס. איז מען דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, פאַרקלעמט דאָך דאָס האַרץ, נעם איך אַרויס די לעצטע פינף דאָלאַר, וואָס איך האָב אין קעשענע, און לייג זיי אַוועק אַפן טיש, און וויל מיך שוין קריק אַרויסכאַפּן.

סאַיכער: נו?

גאַנעװ: איז אַזוי ווי איך שטיי אַזוי באַם פענצטער, מיט איין פוס אין דרויסן, דערפיל איך ווי עמיץ האַלט מיך פון אונטן באַם קאַלנער. איך גיב אַ קוק, ס׳איז דער אַלטער מיינער, מיטן טויטן פּאָנים. „מיסטער", מאַכט ער צו מיר, „וואָס האָט איר דאָ געטוען?" זאָג איך: „גאָרנישט. וואָס האָב איך געזאָלט טוען? איך האָב אייך איבערגעלאָזט, זאָג איך, פינף דאָלאַר, איר זאָלט קענען, זאָג

איך, גיין צום דאָקטאָר און קויפן מעדיצין". „אזוי?", זאָגט ער, „מעדיצין? איכ'ל דיר באַלד געבן מעדיצין, זאָגט ער, אז דו וועסט מיך האָבן צו געדענקען". און ער האָט מיך, באַרכאַשעם, גענומען שלאָגן איבערן קאָפּ מיט עפּעס, אז איך בין נישט משוגע געוואָרן פון די קלעפּ, בין איך שטאַרקער פון אייזן, רעב ליבטשע.

סאַיכער: פון וואַנען ווייסט איר, אז איר זענט טאַקע נישט משוגע געוואָרן, רעב נאַפּטאַליטשע?

גאַנעוו (איבערצייגט): וואָס הייסט פון וואַנען איך וויים, רעב לייבטשע? ווען איך זאָל זיין משוגע, וואָלט איר דאָך נישט געזעסן מיט מיר און גערעדט.

סאַיכער: דאָס איז עמעס. (פּויזע). און מיט מיר, רעב נאַפּטאַליטשע, האָט פּאַסירט אַן אַנדער מין אומגליק.

גאַנעוו: וואָס פאַר אַן אומגליק?

סאַיכער: אז איך האָב אָפּגעשפּאָרט די ערשטע פּופּציק דאָלאַר פון מיין „פּעדלעריי", האָט מיך מיין אידענע געשטופּט נאָר איך זאָל זיי אריינלייגן אין באַנק אריין. נו־נו, האָב איך שוין געהאַט אַ באַנק.

גאַנעוו: וואָס איז געווען?

סאַיכער: ערשטנס, איז מיר נישט געפעלן דאָס קאַסירל, עפּעס אַ אינגל, אַ סמאַרקל, אַ גאָרנישט מיט קליינע וואָנצעלעך, ווי אַ שוואַרצע פליג אונטער דער נאָז. טראַכט איך: אז אַ מענטש האָט פליגן אונטער דער נאָז, קאָן ער האָבן פליגן אין דער נאָז אויך. אז איך האָב אים דערלאַנגט די פּופּציק דאָלאַר, האָט ער איינס־צוויי געגעבן עפּעס אַ שרייב אריין אין ביכל אריין, און שוין, ער איז שוין פאַרטיק. זע איך דאָך, אז איך בין דאָ אריינגעפאַלן, מאַך איך צו אים: געדיינק זשע, דו באָכערל, ס'איז פּופּציק דאָלאַר, און „אידן", זאָג איך צו די אידן וואָס שטייען הינטער מיר אין „אָטשע־רעד", „זייט איידעס, אידן, אז איך האָב אים געגעבן גאַנצע פּופּציק דאָלאַר" אזוי־אָ, אז איך קאָן שוין ניט רוען, ערשטנס: טאָמער אַנטלויפט ער. צווייטנס: געפעלט מיר עפּעס נישט דער גאַנצער ביניען פון דער באַנק, אַ שוואַכער ביניען, און די גראַטעס באַ די פענצטער זענען אויך נישט אזוי אי־אי־אי... מיילע, פון אַהיימגיין איז שוין אָפּגערעדט. נעם איך און דינג מיר אַ צימער פּונקט קעגנאיבער דער באַנק און איך שטיי באַם פענצטער און איך היט. איינמאָל אַ פאַרנאַכט איך גיב אַ קוק, דאָס באָכערל מיינס, וואָס האָט אַ וואָנצעלע ווי אַ פליג, לויפט ארוים פון באַנק. פלי איך אַראָפּ פון די טרעפּ און לויף אים נאָך און הייב אָן שרייען גוואַלד. בלייבט ער שטיין

און מאכט צו מיר: „וואס שרייט איר?” זאג איך צו אים: „וואס לויפסטו?” זאגט ער: „וואס לויפט איר?” זאג איך: „איך לויף, ווייל דו לויפסט! ווייל דו אנטלויפסט, זאג איך, פון דער באנק מיט מיינע פארהארעוועטע דאלארן, וואס איך האב אפגעשפארט פון פעדלעריי. גיב אהער, זאג איך, די געלטער, דו סמארק איינער!” זאגט ער: „וואסערע געלטער?” זאג איך: „די גאלדענע געלטער. די געלטער, זאג איך, וואס דו האסט צוגענומען בא מיר אין באנק”. זאגט ער: „איך האב גענומען? די באנק, זאגט ער, האט גענומען. צווייטנס, זאגט ער, אנטלויף איך נישט פון דער באנק, איך לויף, זאגט ער, ווייל מיין ווייב איז ערשט געלעגן געווארן און געהאט א אינגל”. „אינגל, שמינגל”, זאג איך צו אים, „דו דערציי́ל מיר נאר נישט קיין מאיסעס, זאג איך, גיב אהער די געלטער, ס'איז בלוטיקע געלטער, זאג איך: אף מיין כעשבן מאכסטו בריסן, זאג איך, און האסט אינגלעך? שוין, זאג איך, זאלסטו מיר אפגעבן ס'געלט”! און איך נעם אים אן באם האלדז, און נעם אים דישען, דישען, און ער מיך קריק, מיט דער פויסט אין פאנים אריין. „משוגענער, מעשוגענער!” איר הערט עפעס, נאפטאליטשע? איך בין גאר א משוגענער — ס'איז נישטא ווער ס'זאל לאכן.

**גאנעוו** (שטעלט זיך אף צו גיין): נו, מיר'ן שוין אריינגיין אינעווייניק, רעב לייבוש, ס'הייבט שוין אן צו רעגענען בארכאשעם. (שטעל טאויף די דלאניעס צו פילן דעם רעגן).

**סאיכער**: רעגענען? ווי קען היינט רעגענען? היינט איז דאך דאנערשטיק?

**גאנעוו**: און אז דאנערשטיק איז וואס?

**סאיכער**: איר ווייסט דען נישט, רעב נאפטאליטשע, אז דאנערשטיק רעגנט נישט בא אונז.

**גאנעוו**: ווייס איך, ס'איז א משוגאאס.

**סאיכער**: איר זענט אליין א משוגאאס, הערט נאר, איך בעט אייך... (ביידע אפ).

(אויפטריט ווינטמאכער)

**ווינטמאכער** (א דין, פלינק, דראטעוודיק באכערל מיט א פליכעוואטע קעפל, האסטיקע מאנערן, איז אן א רעקל, האט מיט זיך אזא מאשינדל, וואס ווערט גענוצט אין טעאטערס אף צו מאכן ווינט). דער צווייטער אקט, דא הייבט זיך אן דער שטורעם. (שרייט נערוויאיש) הער דירעקטאר, מיסטער קאפלאן, וואו איז דער דירעקטאר? מי דארף שוין אנהייבן, ס'איז

שוין שפּעט. (קוקט אַלע ווײַלע אַפן זײגער) שוין באַלד ניין, די דריטע סצענע, דאָס יסוימעלע דאַרף אָנהייבן זינגען (זינגט מעלאָדראַמאַטיש, ווי אין אַלטן אידישן טעאַטער):

איך בין אַ יסוימעלע,
אַן אָפּגעהאַקטע בוימעלע,
איך האָב נישט קיין מאַמעלע,
איך האָב נישט קיין טאַטעלע.
איך בין אַ יסוימעלע.

איצט דער ווינט. (דרייט מיט דער מאַשין. מאַכט ווינט. עטלעכע קראַנקע קומען ווידער אַריין) ווינט—ווינט—ווינט—ס'איז אַ גוואַל־דיקער ווינט, אַ שטורעם. (אימיטירט אַ לאַנג־געצויגענעם ווינט) וואו־הו או־הו־וואו־או... איצט קומט דער אינטריגאַנט, וואָס האָט פאַרפירט דאָס יסוימעלע (קנאַקט מיטן פינגער) מר. קלאַטשקאָ, מר. קלאַטשקאָ: שוין די פערטע סצענע פון דריטן אַקט, (כאַפּט זיך) אַך, פאַרגעסן, ס'דאַרף זיין אַ שניי אויך (נעמט אַרויס פון די קעשע־נעס שניי און צעשיט איבער דער בינע. עטלעכע משוגענע וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט פּאַטשן בראַוואָ).

ווינטמאַכער: שלאָגט נישט איבער, מ'דאַרף נאָך אַ ביסל ווינט, ס'איז די פינפטע סצענע, דער אַלטער רעב שלוימע נאָגיד קומט צופאָרן אַף אַ פאַיעטאָן און רופט אויס צו זיין ריוועלע, צו זיין אָרעם יסוימעלע (מימיצירט ווי איינער וואָס קען „שטיק" פון אַלע שפּילער): ריוועלע מיין קינד, וואוהין ווילסטו גיין? קיין דויטש־לאַנד? האָסט שוין נישט קיין דויטשלאַנד, דער ווינט האָט עס פאַרשאָטן מיט שניי (אַנדערש) און דאָ הייב איך אָן ארבעטן אַפּס־ניי. וואו־או־או... (דרייט מאַשינקע).

שטימען:

— אַ משוגענער, נעבעך!
— פאַרריקט!
— פּידריך!
— לויז געוואָרן אַ שרייפל אין קאָפּ!
— כויזעק נאַ ווערעריק.

ווינטמאַכער (דערמאָנט זיך): שאַ, מ'דאַרף לויפן ברענגן די לעוואָנע פאַרן פערטן אַקט. (אָפּ).

(אויפטריט שיינער איד און רעווערענד).

שיינער איד (האָט אַ בעיסאַמעדרעשאַגאָדלדיקע באָרד, איז ציכ־טיק אידישלעך אָנגעטאָן אין שוואַרצן. האָט אַ טעווע, אַז ער בלייבט

שטיין אין מיטן פון סאָף וואָרט פון יעדן „זאָג" און יענער מוז פּאַר אים ענדיקן, אַ־נישט גייט ער נישט ווייטער. פּאַרקערט: ער כאַזערט איבער סילעצטע האַלבע וואָרט נאָך אַמאָל, סי באַקומט זיך איין רעדן אין דועט.ביידע זעצן זיך).

רעוועֶרענד: גאָטס בעסער איז אומעטום.

שיינער איד (רעדט זייער פּאַוואָלע, פּאָרעט זיך מיט דער באָרד ווי מיט אַן עוונטאָוו): געדענקט איר דאָך מיין פּיי... מיין פּיי... מיין פּיי...

רעוועֶרענד: פּיוווישל.

שיינער איד: יאָ, ער האָט דעמאָלט געלערנט אין קראָ...

רעוועֶרענד: קע...

שיינער איד: יאָ, און געגאַנגען אין דריטן קלאַס גימ...

רעוועֶרענד: נאַזיע...

שיינער איד: און מיין שיינע־שיינדל, זאָל לעבן, איז דעמאָלט געווען אין זעקסטן כוי...

רעוועֶרענד: דעש...

שיינער איד: יאָ, מיט איסראָ...

רעוועֶרענד: ליקלען.

שיינער איד: און דאָ בין איך איינער אליין מיט א גע...

רעוועֶרענד: שעפט...

שיינער איד: אָף די פּליי...

רעוועֶרענד: צעס...

שיינער איד: וואָס טויג עס אייך? ס'איז נישט אוועק קיין דריי כאַדאָשים, איך גיב א קוק, מיין כאַאים איז דאָ קריק פון אמע...

רעוועֶרענד: ריקע...

שיינער איד: איז דאָך א סימען, אז דאָס אמע...

רעוועֶרענד: ריקע...

שיינער איד: איז נישט אַזוי אי־אַי...

רעוועֶרענד: אַי...

שיינער איד: וואָרין ווען דאָס אַמעריקע זאָל זיין אזוי אי־אַי...

רעוועֶרענד: אַי...

שיינער איד: וואָלט מען דאָך נישט געקומען צולויפן קע...

רעוועֶרענד: ריק. (הייבן זיך אויף און גייען אָפּ מיטן רעדן).

(אויפטריט סטאַטיסטיקער און ווערטער־סוינע).

סטאַטיסטיקער (אין אָפּגעריסינע בגאָדים, שלעפּט שיך, האָט אַ קליין בלאָנד בערדל): די סטאַטיסטיק באַווייזט, אז ווען מי זאָל

אויסלייגן אין דער לייגג אלע לאקשן, וואס ניו יארק עסט אויף אין איין טאג, וואלט מען געקענט צען מאל ארומוויקלען דעם ערדקוגל.

ווערטער־סוינע (א מין יויזל־פאנים, זייער לאנג, זייער מאגער, שטאמלט א קליין ביסל, קוים צו מערקן): צו וואס דארף מען עס? ס'איז בלויז ווערטער, ווערטער—לעבער אין דער לופט.

סטאטיסטיקער: די סטאטיסטיק באווייזט, אז ווען מי זאל צענויפנעמען אלע לעבער, וואס מענטשן מאכן אין דער לופטן מיט זייערע רייד, וואלט מען געקענט מאכן דאפון א לאך, וואס זאל זיין א מיליאן מאל אזוי גרוים ווי גאנץ דענעמארק, מיט שוועדן, מיט האלאנד.

ווערטער־סוינע (קריינקלעך): צו וואס דארף'ן עס, ס'איז רייד, רייד, בלויז רייד. (וויינט).

סטאטיסטיקער: איר וויינט, יונגער מאן? די סטאטיסטיק האט אויסגערעכנט, אז ווען מי זאל צענויפנעמען אלע טרערן, וואס די מענטשן האבן פארגאסן, זינט די וועלט איז באשאפן געווארן, וואלט מען געקענט מאכן דאפון א יאם, וואס זאל זיין 886,73 מאל גרעסער ווי דער אטלאנטישער אקעאן.

ווערטער־סוינע: ס'איז רייד, רייד, בלויז רייד, מ'קען דאפון משוגע ווערן!

(אויפטריט שיינער מאנצביל).

שיינער מאנצביל (מיט פולע גוטע ליפן, דיקלעך, נאר נישט צו פעט, באוועגט זיך זאט און רואיק, בלויז א קליין ביסל עקזאלטירט): עך, ווי איך בין מעקאנע די אלע מעשוגאאים דא. ווען איך זאל קענען משוגע ווערן! דאס מוז זיין דאס העכסטע גליק. דער משוגענער האט דאך אלע פריווילעגיעס ווי א קינד. פאר דעם נארמאלן מענטש איז דאס לעבן פול מיט פליכטן, נאר פאר דעם גייסטיק־קראנקן איז עס בלויז ווי א קינדער־שפיל, א טעאטער. עך, ווען איך זאל קענען משוגע ווערן!

שטימען:

— הער נאר וואס א משוגענער רעדט!
— ער איז שוין משוגע איבער די אויערן!
— אזוי ריכטיק!
— אזוי צו זיין משוגע דארף מען קענען.

(עטלעכע איניינעם אין א ראד)

— משוגע.
— מטורף.

— קיין עין־הרע.
— כי.
— לעולם.
— חסדו.

(אויפטריט בורזשוי)

**בורזשוי:** מיט האסטיקע באוועגונגען, זעט אויס קראנק, נאכ־לעסיק, נאר רייך, אומעטום מיט צירונג, ער טראגט אן עמעריקאנישן צילינדער־הוט: שטייט נישט! וואס שטייט איר? צייט איז געלט, און געלט איז צייט. וואו איז די צייט? ס׳געלט מיין איך? (כאפט זיך בא די קעשענעס). אט האב איך עס! א פולן טייסטער מיט געלט, מיט צייט הייסט דאס. איכ׳ל שטארבן. אבער מיין צייט, מיין געלט וועט בלייבן לעבן. (כאפט זיך) איך מוז גיין, כ׳האב קיין צייט נישט! אדיע! גודבאי! סערוואוס, דא סווידאניע. איך מוז לויפן. הורא פאר די יונייטעד סטייטס או אמעריקא! (אפ אין גלאף).

(אויפטריט קאלע, מאמע, פויערטע).

(אלע דריי זעצן זיך אף דער ערד).

**מאמע** (ווי פריער, זייער מעלאנכאליש, גראבלט זיך די קני):

שלאף, מיין טייער יאסעלע,
מאך שוין צו דיין אייגעלע,
שלאף, מיין טייער פייגעלע,
שלאף, מיין טייער יאסעלע.

**פויערטע:**

גיי איך אין וועלדל—
זע איך א בוים,
גיי איך צום וואסער—
זע איך א שוים.

**קאלע:** וואו זענען די קראנצן־פרייליינס, טאטע? און פאר־וואס שפילן נישט די קלעזמער, מאמע? ס׳איז דאך שוין באלד נאכט, די זון גייט דאך באלד אונטער (וויינט).

(אויפטריט רעווערענד).

**רעווערענד** (גייט גלייך צו באזעצן די קאלע. שטייט איבער איר אף דער באנק און זינגט ווי א באדכן):

אוי, קאַלעניו שיינע, אוי, קאַלע דו מײַן,
ס'וועט באַ דיר אינגיכן אַ כופּע זײַן.
סי וועט קומען דײַן באַשערטער מיט מאַזל און מיט בראָכע
און איר וועט זיך עלטערן אין גרויס גליק און האַצלאָכע.

(אויפטריט אינגל מיט צייטונגען)

**אינגל** (לויפט אַריין און אַרויס. שרייט): העי, עקסטראַ! גרויסע נייעס היינט אין די בלעטער! אַ מאַן איז איבערגעגאַנגען די ראַשיקסטע גאַס אין ניו יאָרק און איז נישט איבערגעפאָרן געוואָרן. העי, עקסטראַ! פּרעזידענט קולידזש האָט געזאָגט אַ קלוג וואָרט! העי, עקסטראַ! דער „פאָרווערטס" האָט געשריבן אַן עמעס וועגן וועטער. עקסטראַ, עקסטראַ, אַ מעשוגענער מענטש האָט געביסן אַ הונט.

(די קראַנקע קוקן אים נאָך, שמייכלען).

**שטימען:**

— אַ משוגענער.
— הער נאָר וואָס פאַר אַ נייס.
— מענטשן בייסן גאָר היינט.
— הערסט, אַז נישט וואָלט דאָך דאָס קיין נייעס נישט געווען.
— ביזט אַ משוגענער.
— ביזט אַליין משוגע.
— ווער איז משוגע?

(סיהערט זיך הינטער דער בינע אַ געשריי און אַ געוויין פון די געפערלעכע משוגאָאים. די קראַנקע צעגייען זיך איינציקווייז, די דריי פרויען גייען אינײַנעם).
אויפטריט **אָפּגענאַרטער מאַן.**

**אָפּגענאַרטער מאַן** (דורך די גראַטעס פון אַ שטייג. זעט אויס זייער ווילד און קראַנק. צום ווינטמאַכער, וואָס שטייט מיטן פּאָנים צו אים): אָבער איך זאָג דיר, אַז איך בין נישט משוגע, בשום אויפן נישט. אונזער דאָקטאָר ווייסט עס זייער גוט, און ער וועט מיך טאָקע היינט־מאָרגן באַפרייען. דאָס האָט מײַן פרוים ליובאָווניק אויסגעטראַכט אױף מיר, קעדיי פּאָטער צו ווערן פון מיר. נאָר זיי וועלן פון מיר אַזוי גרינג נישט פּאָטער ווערן. כע־כע! איך וועל זיי נאָך געבן פעפער צו שמעקן. משוגע בין איך טאָקע, נאָר צו

נעמען נעקאָמע האָב איך נאָך סייכל... זיי זענען שולדיק אין מיין אומגליק... זיי...

ווינטמאַכער: ס'איז ווי אין דער פערטער סצענע פון דריטן אקט פון גאָרדינס אַ דראַמע.

אָפּגענאַרטער מאַן: גיי אין דר'ערד אַריין מיט דיינע דראַמעס. (שטאָלץ) איך בין אַליין אַ דראַמע! (גיט איס אַ שליידער, יענער פאַלט, הייבט זיך אויף און שרייט „משוגענער", לויפט אַוועק).

(אויפטריט בעקערמאַן און פרוי פון אָפּגענאַרטן מאַן).

בעקערמאַן (זייער עלעגאַנט אָנגעטוען, מיט אַ נאַקעט כוצפּעדיקן, האַלב־ווייבעריש פּאָנים, האָט די פּאַסקודנע, פיינע מאַנערלעך פון אַ ליידאַק).

פרוי (אָנגעטוען אין שטילע, שיינע קליידער, האָט אַ בלאַס, שיין פּאָנים): ס'איז גאָרנישט קענטיק, אַז דאָ איז... זעט גיכער אויס ווי אַ פּאַנסיאָנאַט... (זיפצט קלוימערשט) יאָ, פון אויבן איז אַלצדינג, דאַכט זיך, פיין און וואויל, נאָר פון אינעווייניק(כיינדלט זיך) די וועלט זאָגט אַ ווערטל: „נישט אַלץ איז גאָלד וואָס שיינט". (זיפצט).

בעקערמאַן (גלעט איר די באַקן, קושט איר די הענט): נו, מיין טייערע, הער אויף, הער אויף, וואָס קען מען טוען? אז גאָט וויל, קען מען זיך עפּעס העלפן!

פרוי (קוקט אים אָן): בלויז גאָט וויל? און מיר אַליין?

בעקערמאַן: לאָמיר בעסער נישט רעדן דאַפון.

פרוי (מיט כאַראָטע): ס'איז נישט געלעבט און נישט געשטאָרבן.

בעקערמאַן: לאָמיר האָפן, אַז ער וועט זיך שוין לאַנג נישט מוטשען. (גיט איר אַ קוש) ער ווערט אַלע טאָג ערגער. דאָס לעצטע מאָל, ווען מיר זענען דאָ געווען אַף אַ באַזוך, האָט ער שוין גאָרנישט געוואוסט, וואָס ס'טוט זיך מיט אים.

פרוי: איך האָב מוירע געהאַט צוצוגיין צו אים. ער האָט אַזוינע ווילדע אויגן. (אַנדערש, אַ ביסל פאַרשעמט) פון דעסטוועגן עפּשער נישט געווען באַדאַרפט האַלטן זיך אַזוי, פאַר אים אין די אויגן.

בעקערמאַן: זיי נישט קיין נאַר! און אַז ער זעט, פאַרשטייט ער דען עפּעס? ווייס איך וואָס! נו, גיב זשע מיר נאָך אַ קוש, זיי נישט קיין שלעכטע.

פרוי: מעגסט זיך שעמען. (גיט אים אַ קוש און אַ פּעטשל איניינעם. פויזע). וואו איז ער?

בעקערמאַן: וואו ער איז? דאָרט, ווי טאָמיד מיסטאָמע, הינטער די גראַטעס. (דורך דער גאַנצער סצענע איז דער אָפּגענאַרטער מאַן געשטאַנען אין אַ ווינקל אין שטייג, ער האָט אַלצדינג באַמערקט. איצט לאָזט ער אַרויס אַ מעשוגן געלעכטער).

פרוי (צו בעקערמאַנען): דאָס איז ער, טרעט אָפּ, ער זאָל דיך נישט באַמערקן. (בעקערמאַן שאַרט זיך אָפּ).

(שאַרט זיך אַוועק אין אַ זייט)

אָפּגענאַרטער מאַן: נו, וואָס מאַכסטו, מיין טייערע?

פרוי (פון ווייטן): גאָרנישט, וואָס מאַכסטו? (ווישט זיך די אויגן).

אָפּגענאַרטער מאַן: מיר איז גאָרנישט, איך בין געזונט. (כיטרע, ווי אַ קראַנקער) קום צו נעענטער, מיין טייערע, וואָס שטייסטו פון דער ווייטן? האָסט מוירע פאַר מיר?

פרוי: מוירע? וואָס רעדסטו? איך פאַר דיר מוירע?

אָפּגענאַרטער מאַן: וואָס זשע דען שטייסטו פון דער ווייטן?

פרוי (ציטערט): איך שטיי נישט פון דער ווייטן. (גייט אַ ביסל נעענטער).

אָפּגענאַרטער מאַן: נו, קום נעענטער, טייערע, שטיי נישט פון דער ווייטן, איך וויל פילן דיין האַנט, דיין אָטעם. איך בין שוין אַזוי לאַנג נישט געווען לעבן דיר, איך ווייס, אַז דו בייַנקסט נאָך מיר. (כיטרע) אַ־יאָ, מיין טייערע, דו בייַנקסט נאָך מיר?

פרוי (דערשראָקן. קורץ): איך בייַנק.

אָפּגענאַרטער מאַן: נו, קום זשע נעענטער, גיב מיר דיין האַנט. (לאַכט פריינטלעך). וואָס? האָסטו מוירע פאַר מיר? האָב איך דיר אַמאָל עפּעס געטוען?

פרוי (גייט צו נעענטער, וויל אים געבן די האַנט, קוקט אַלע ווײַלע אָף הינטערווײַלעכס, גייט זייער פּאַוואָליע. וואַרט, אַז עמיצער זאָל זיך באַווייזן. קיינער באַווייזט זיך נישט. גיט ער זי אַ כאַפּ באַם האַלדז, בעיס זי שטייט מיטן פּנים צום אוילעם, נעמט זי ווערגן. זי לאָזט זיך אַראָפּ אָף די קניען, טיפער, טיפער, אין טויט־אַנגסט און יסורים. די סצענע גייט צו שטיל אין קליינעם טעמפּ. סאָפּקאָלסאָף לאָזט זי אַרויס אַ ווילדן געשריי, לויפן זיך צענויף די וועכטער און געהילף, רייסן זי אָפּ. קומען אויך די קראַנקע, הייבן אָן לאַכן און וויינען ביז דער מוזיקער קומט).

מוזיקער: פאַלש, פאַלש! (האַלט זיך צו די אויערן) איך האָב דאָך אייך עפּעס געלערנט, צי ניין? טאַקט, טאַקט! קרעש־טשענדאָ! קרעשטשענדאָ! (שטעלט זיי ווידער אויס ווי פריער

אין אָנהויב אַקט, אָט אַזוי. מיטן דיריזשיר־שטעקעלע שטייט ער אין מיטן ווי אַ מכאַשעף).

— כאַ־כאַ.

— כאַ־כאַ.

— כאַ־כאַ־כאַ.

— כאַ־כאַ.

— כאַ־כאַ.

— כאַ־כאַ־כאַ.

(אַלע משוגאָאים לאַכן־מיט. מי לאַכט פון אַלע טיר טיר און טויער און פאַרגראַטעוועטע פענצטער. היני־טער דער בינע לאַכן אַזוי פיל שטימען ווי מעגלעך, נאָר דאָס לאַכן איז אַ גרויס געוויין פון אַ קראַנקער וועלט, וואָס צעפּאַלט).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# דער נייער סיידער

## פּ ע ר ז אָ נ ע ן:

כאָכעם — שעינע יעדייע לישל
ראָשע — רויטער האָן
טאָם — עמיצער
פּעסימיסט (מאַן אין גרויסע שוואַרצעברילן)
אָפּטימיסט (מיידל אין גרויסע רויט־רויטע ברילן)

(אַ טיש צוגעגרייט לויט די דינים פונם סיידער. אַ גרויסער בעכער שטייט אָנגעגרייט)

עמיצער
מאַכמעס וואָס, מאַכמעס וואָס
איז די נעשאָמע פון אונזער צייט
אַזוי רויט, אַזוי רויט?
ווייל האָרעפּאַשניקעס בלוט
זידט פריש און היים אַף אונזער שוועל.

פּעסימיסט:
פרייקייט, גלייכקייט, גרויסע ווערטער,
ס׳איז נאָר ווערטער, ווערטער, ווערטער;
פרייהייט קען מען נאָר פאַרזוכן,
ווען מען גאַנוועט זי באַם שאָכן.
אַז עס נעמען זיך צוויי קרומע,
איז אַ גלייכע זאַך מיסטאָמע.

אָפּטימיסט:
לעוואָנעס בליען אין טייך.
און אַלץ איז גלייך,
אַפילע ווען ס׳איז קרום.
ווייל אומעטום,
עס לעבט דער גרויסער ווילן
די לײדיקייט מיט עפּעס אויסצופילן.
דער קליינער בוים, וואָס שטייט באַם טייך

און רייסט זיך אין זיין דרימל
אַרויף צום הימל,
צום בלאָנדן קאָפּ,
שפּיגלט זיך אין וואַסער־פלאַך
און פילט און טראַכט:
איך וואַקס צום בלויען הימל
וואונדערלעך אַראָפּ!

פעסימיסט:

אייער קאַמף פאַר ברויט מיט שמאַלץ
קריכט שוין אייַנעם פון דעם האַלז.
עסן. מאַכט מיסט.
ברידערלעך, איר קעמפט אומזיסט.
ווייל דאָס גוטע ברויט מיט שמאַלץ
בלייבט אַ רעגע בלויז אין האַלז.
קינדער, קינדער, כ'ווער אַזש רויט,
ווען איך זע דעם סאָף פון ברויט.

אָפּטימיסט:

קעדיי די שיינע רייד צו קענען
לאָזן אין דער לופטן ברענען,
נוטיק איז אַ פולער בויך.
דאָך דער שוואַרצער, מיסער רויך,
וואָס טוט גיין פון קוימען הויך,
איז דער ציל ניט, נאָר דער צוועק.
און דעריבער שפּיי איך קלעק
אַף די שוואַרצע ברילן־טרעגער,
אַף די פּריקרע שאָטן־וועגער,
וועלכע וועגן אַף דער וואָג —
שאָטנס פון אַ זומער־טאָג.
מיסט איז נויטיק פאַר די רויזן.
אָבער — רויזן זיינען רויזן.
און ווער עס מיעסט זיך פונם מיסט,
וואַרט אַף בליאונגען אומזיסט.

פעסימיסט:

ווערטער, ווערטער מיינען גאָרניט.
און אַפילע אַף אַ האָר ניט

ווערט אונז פון די ווערטער גרינגער,
ווען עס זינגט זיי אויס א זינגער.

אָפּטימיסט:

דאָך מיט רייד צו שעכטן רייד
איז דער ווערטער־שויכעט גרייט.
ס׳פאַרשטייט זיך פון זיך זעלבלעך,
אַז כאַלאָפּים שעכטן קעלבלעך. —
דאָך דאָס קעלבל קען נישט שעכטן
קריק דעם כאַלעף דעם „גערעכטן".

כאָכעם:

איך בין, ווי איר ווייסט, אַ כאָכעם,
און גאָטס טונקעלע דראָכים
בלייבן טונקל פאַר מיר אויך.
דעריבער הייבט אָן די האַגאָדע,
און דערנאָכדעם מיט האַסמאָדע
זיפּן מיר די קניידלעך־יויך.

טאַם:

כ׳בין אַ טאַם, און טאַמעוואַטע,
פרעג איך, צי מ׳קען זיין זאַטע —
מ׳זאָל עסן די האַגאָדע
מיט גוואַלדיקער האַסמאָדע,
און די קניידלעך זאָל מען זאָגן
ביז דער טאָג הייבט אָן צו טאָגן?

ראָשע:

לאָז זיין שטיל דאָרט. הער אַ טאַינע:
די האַגאָדע איז דען דיינע?
גאָטס האַגאָדע — וויל ער קייען,
און וואָס וועט זיין מיט צפאַרדייען?

(זעצט זיך צום טיש)

אַלע:

דעם כאָמעץ אויסגעראַמט, דעם באָרשט איינזויערט,
אין בוידעמדיקן שפּינוועבס די וואָכיקייט פאַרמויערט.

עמיצער:

דער מאַצע־קויש געשטאַנען איז לאַנג אין דער הויך,
געהערט ווי סע גיי פונם קוימען אַ רויך,

געזען, ווי די שפּין קריכט אין זיידענע טרוימען,
געזען, ווי סע שיינט די זון דורכן קוימען.
געזען די לעוואָנע פאַרבייגיין באַנאַכט,
און שטענדיק פון יאָמטעוודיק ווייסקייט געטראַכט,
געטראַכט פון דעם ווייסן ליילעך־געראוויש,
וואָס שפּרייט זיך אַ קלאָרער אַף קאַשערן קויש.

אָפּטימיסט:

דער טאָג איז בלאָנד. די נאַכט איז פיאָלעט.
ביידע שלאָפן אין אַ גאָלדן בעט.
פאַקלען ברענען — ווייַרויך גייט אין ווינט,
און אַלע טרוימען זיינען לייכט און לינד.

כאָכעם:

אַ נייעם סידער דאַרף די וועלט — דער אַלטער איז
פאַרעלטערט.
דער גוטער ווייַן אין שלעכטע קעלטערס איז געקעלטערט.

פּעסימיסט:

מער ווי שפּייז וועט מען סיי ווי סיי נישט עסן,
מער ווי פליסיקייט ניט טרינקען,
מער ווי טרערן וועט קיינער ניט פאַרגיסן,
און מער ווי מיט געלעכטערס ווער וועט לאַכן?

אָפּטימיסט:

די וועלט איז גרויס און פיל און אָפט און גוט.
און אין אַלע אָדערן רינט פאַרגאָסן בלוט.

טאָם:

אַף אַן אייזל וועט מאָשיעך
קומען אָנצורייטן.

אַלע באָנים:

און דאָס וועט זיין,
און דאָס וועט זיין
מאָשיעכס צייטן.

טאָם:

דאָך דערווייַלע
רייט דער אייזל
אַף דעם וועלטס־דערלייזער.

אַלע באָנים:
און דער אייזל,
און דער אייזל
איז נאָך אַזאַ בייזער.
ראָשע:
אַף אַ בריק פון דין פּאַפּיר
וועלן מיר טאָן שפּרייזן.
אַלע באָנים:
ווען מאָשיעך,
ווען מאָשיעך
וועט זיך טאָן באַווייזן.
ראָשע:
היינט צו־טאָג, עס ברעכט דערווײַלע
אונזער בריק פון אייזן.
אַלע באָנים:
און מאָשיעך,
און מאָשיעך
טוט זיך ניט באַווייזן.
שעינע יעדייע לישל:
פון די קוואָרים וועט דער שויפער
אַלע מייסים וועקן.
ווען מאָשיעך,
ווען מאָשיעך
וועט זיך טאָן אַנטפּלעקן.
שעינע יעדייע לישל:
דאָך דערווײַלע לעבן מענטשן
לעבעדיק אין קוואָרים.
און מאָשיעך,
און מאָשיעך —
עס אַרט ניט אַף אַ האָר אים.
כאָכעם:
וואָלף און שעפּסל וועלן דעמאָלט
לעבן ווי די ברידער.
אַלע באָנים:
און דער פּאַסטוך וועט זיי ביידן
זינגען לאָנקע־לידער.

כאָכעם:

אָבער ביז סע וועט מאָשיעך
אונזער וועלט באפרייען —

אַלע באָנים:

לעבן מיר דערווייל ווי יענע
ברידער: העוול־קאַין.

האָן:

קוקעריקע! איך דער האָן,
שטעל מיין רויטן קאַם אין קאָן.
קומט די זון, מוז איך זי טראָגן,
אַף מיין קאַם מוז איך זי טראָגן.
נו, קום שוין, קום, דו נייע זון!
קום אַרויס שוין — קום, קום, קום.
קוקעריקו!

אַלע באָנים:

נו, קידעש.

כאָכעם:

נו, קידעש!

אַלע באָנים:

געבענטשט זאָלסטו זיין, אַרבעטער,
פאַר דעם ברויט און וויין און מילך, וואָס דו גיסט אונז.

אַלע:

אָמיין!

עמיצער:

אין מיצראַים זיינען מיר געווען קנעכט,

כאָכעם:

אָבער היינט זיינען מיר אַוואַדע קנעכט.
די נאַכט מוז זיין באַנאַכט,
ווייל פינצטערקייט ווערט שטאַרק פאַרשעמט
פאַר יענער פראַכט,
וואָס גייט אַרום אין בלאָנדן העמד.
מענטש איז מענטש, און וועלט איז וועלט,
מ'ווייסט ניט מער, מ'ווייסט ניט מינדער,
אַלע זיינען קליינע קינדער.
אַלע שרעקן זיך פאַר פינצטערניש און קעלט.

פעסימיסט:

ווערטער, ווערטער, ווייטער גאַרניט,
גרינגער ווערט דאַפון אַ האָר ניט.
ווערטער? אין דער לופט בלויז לעכער.
אונזער שווייגן שרייט פיל העכער.

אָפּטימיסט:

ווערטער זיינען גאָלדענע שאָלעכץ,
אַף פוסטע לײדיקייטן.

פעסימיסט:

ווערטער זיינען רעגנבויגנס נאָך אַ מאַבל,
דער מאַבל אָבער איז דער פאָטער פון די
אַלע שיינע פאַרבן.

טאַם:

מ'דאַרף זאָגן וויצן און אויסקריצן שפּיצן
פון ווערטער פאַרקרומטע מיט קרומלעכע אויגן,
מ'דאַרף צילן דעם בויגן
אין פלעקער, אין קלעצער,
אין זומפּיקע פלעצער,
און לערנען זיך שיסן.
לערנען פאַרמיעסן
דעם מיעסן — דאָס מיעסע.
דעם זיסן — דאָס זיסע.
דעם נודנעם — דאָס נודנע.
מ'דאַרף שמירן דעם הינטן מיט פוטער, און מאַכן
אַז יעדער, וואָס האָט נאָר לעפצן, זאָל לאַכן.
כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי.

אַלע:

אַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי.

טאַם:

כאַ־כאַ־כאַ און כע־כע־כע.
און ציגעלע מע־ע־ע.

אַלע:

מע־ע־ע...

האָן:

קוקעריקו!

(צו כאַכעם) ווער ביזטו?
ניט קיין זונברענגער — דו,
נאָר אַ זון־פּאַרטײַטשער — דו.
קוקעריקו. ווער ביזטו?

כאַכעם:

עך, ס'איז קליין דער קליינער טאָג,
לאָזט מיך זאָגן מיין געזאָג:
אַלע אָרעמס פּאַקלס זענען,
הויבט די פּאַקלס און זיי ברענען,
ברענען ליכטיק מיט דיין בלוט.
אַלע קעפּ עס זיינען קרוינען,
הויבט די קעפּ און ווייזט די קרוינען.
יעדער מוט איז גוט.

אָפּטימיסט:

קיינער איז ניט מוטער־הויל,
ווייל אין גרויסן וועלטן־קנויל
איז קיין זאַך ניט אויסגעטאָן.
אונזער לייב איז בלויז אַ קלייד,
אונזער שרעק איז שוואַרצע פרייד,
און דער טויט — אַ ווייסע פאָן.

טאַם:

אָנגעלענט מיר זיצן דאָ
אין דער גרויסער יאָמטעוו־שאָ.
גוט און וואויל עס איז די רו
אין דער וואוילער יאָמטעוו־שאָ.

שעינע יעדייע לישל:

כ'האָב געוואָלט אייך עפּעס פרעגן:
צי אַף ווייטע, פרעמדע וועגן
הענגען שילדן מיט דעם וואָרט:
דאָ איז דאָ — און דאָרט איז דאָרט?

כאַכעם:

אַלע ווילן נאָר אַהין,
קיינער וויל ניט גיין אַהער,
דאָך צו זאָגן עס איז שווער,
וואו עס הויבט זיך אָן „אַהין"...

עמיצער:

ווייט איז נאָענט פון דער נאָענט.
נאָענט איז זייער ווייט פון ווייט...
ווי א ליכט אַףביידע זייטן
ברענען וואונדער פון דער ווייטן.

כאָכעם:

טונקט ניט מער ס'ברויט אין טרערן.
טאָג האָט הימל, זון און שטערן,
ווילן מיר פון הימל העלפט: —
אונז א העלפט און אים א העלפט.

אַלע:

אוואָדים האָאינו —
קנעכט געוועזן אין מיצראַים.
קנעכט געבליבן נאָך אדאַיעם.
געבונדן צו דער שקלאַפּעריי
פון דער מאַן־און־ווייבעריי!

ראָשע:

פּאַרע איז געווען אונז ווייניג,
דינען מיר צום שיפּע־קעניג.
און מיר שפּילן אָקשן־פּויקער,
ביז עס גלאַנצט דער אויר־האַבויקער.

טאָם:

שיינע מידעם אָפּגענומען,
בלומען־טעפּ מיט פאַלשע בלומען,
און דער ליגן אַף דער צונג
איז דער גרעסטער וואוילער־יונג.

ראָשע:

און מיר טאַנצן אַלע „דזשעז",
זיבן שאָ אין דעם מעסלעס,
און די פרויען — די באַקענטע,
פול מיט לאָקן „פּערמאַנענטע",
(בלויז די לאָק איז פּערמאַנענט,
ווייטער איז אין גליק געווענדט!).

כאָכעם:

פולע צעבערלעך מיט גליק,
האָדעווען דעם אויגנבליק,

אַלע עסן אַל־לאַ־קאַרט,
אַלע ווערן אָפּגעגנאַרט.

עמיצער:

אַז מ׳עסט קעסיידער צימעס,
ווערט דער צימעס אויכעט נימעס.
האָט דאָס אויכעט ניט קיין צוועק,
קומט אויס סיידן עסן —

כאָכעם:

מ׳ווייסט, מ׳ווייסט,
איר דאַרפט אונז ניט צעקייען
ווי דאָס הייסט.

פעסימיסט:

לאָמיר דערציילן, דעציילן, דערציילן,
לאָמיר פון שאָלעכץ די שאָלעכץ אָפּשיילן,
לאָמיר פאַררײדן, באַריידן די רייד,
לאָמיר באַקליידן דאָס נאַקעטע קלייד.

אָפּטימיסט:

די צייט איז אַ מאַנטל אויף מיין שולטער,
די ערד — אַ גרויסער שוך,
דאָס פוילע ברעט — אַ לעבעדיקער בוך.
דער שאָקלענדיקער אָפּגרונט — מיין כאַלע־מולטער.

ראָשע:

צו וואָס די רעדעס? מ׳דאַרף ניט רעדן.
איינס איז קלאָר פאַר אַ יעדן,
וואָס אַ מענטש קען זאָגן קלאָר
מאַכט ניט וואָרער אונזער וואָר.
וויכטיק איז נאָר דאָס צו זאָגן,
וואָס עס קען ניט קיינער זאָגן.

כאָכעם:

אָפּן שפּיץ פונם וואָרט איז די טאַט,
און וויכטיג זיינען צווייג און בלאַט,
אויף וויפיל נאָר זיי טראָגן פרוכט.
דאָך רייפט די פרוכט ערשט ווען די צונג פאַרזוכט.
נו, נעמט און פרואווט —
די רעגע רופט.

עמיצער:

(באַהאַלט דעם אַפּיקוימען אונטערן קישן; אַלע קוקן צו)

ראַשע:

וואָס האָסטו באַהאַלטן אונטער קישן?
מיר ווילן דאָס וויסן, מיר מוזן דאָס וויסן.

טאַם:

געגאַנוועט אַ שטיקל פון אייגענער מאַצע,
באַהאַלטן אַ שטיקל פון אייגענער פראַצע,
דאָס רופט מען דאָך שפּאָרן, זאַמלען אַף מאָרגן,
ווייל קרעמער און רויפע — זיי ווילן ניט באָרגן.

כאָכעם:

אַ קרישל אָפּגעשפּאָרט פון קאַרגן שטיקל ברויט,
באַהאַלט עס, קעדיי אַ רייץ צו טאָן די נויט,
אַזוי האַלט מען פאַר דעם פליענדיקן אָדלער
אַ שטיקל פלייש פון אייגן לייב,
קעדיי עס זאָל דער אָדלער געבן מיט די לעצטע
קויכעס זיך אַ הויב
צום הימל און צום פאַלשן רעגנבויגן,
וואָס הענגט ווי אַ פליענדיקער ציל פאַרן פליערס אויגן.

אַלע:

אַפּן שפּיץ פון דער נויט איז דאָס ברויט,
קלעטערן מיר צו דערגרייכן דאָס ברויט,
קלעטערט אַלץ העכער — די וועוועריקע נויט...
קלעטערן מיר און ס'קלעטערט דער טויט.

אַלע באַנים:

אַפּן שפּיץ פון מיין פּאָן איז דאָס ברויט,
אינעם האַרץ פון מיין ברויט איז מיין בלוט,
עסן מיר אונזער ברויט פון אָוונט ביז פרי.
וועיאָמאַרטי לאָך בעדאָמאַיך כאַאי.
וועיאָמאַרטי לאָך בעדאָמאַיך כאַאי.

פּעסימיסט:

עך, שוין לאַנג האָב איך געשוויגן,
און געלאָזט דיין פאַרגעניגן
רינען דאָ און רינען דאָרט,
אין דעם לעבעדיקן וואָרט.

דאָך די ברילן, וואָס איך טו טראָגן,
ווייזן אומגליק בלויז און פּלאָגן

(פּויזע, דערנאָך ערנסט)

געטער און בורזשויען טאָר מען ניט געטרויען,
און ווייסע טויבן טאָר מען אויך ניט גלויבן.

אָפּטימיסט:

דו זעסט די וועלט נישט — נאָר דיין בריל,
פון ליבע זינגט די מילדע גריל,
אַלץ איז גוט און זיס ווי האָניק,
אַלץ איז זאַפטיק און באָבאָניק.

טאַם:

נו, גענוג, לאָז מען אויפמאַכן די טיר,
זאָל דאָס פאָלק זען, אַז מיר, וואָס
גייען אין די רייען אויבנאָן,
גלויבן טאַקע אין זיין גלויבן, אין זיין פאָן.
(אַלע טוען זיך אָן רויט, שטעלן אויף)

כאָכעם:

שוין גיט די שטומע ווערבע אָפּ דעם פידל צו דעם זינגער,
צייט־פאַרשטויבטע פליגלען ווערן גרינגער,
דער שטיין, וואָס איז פון דיינע ליפּן אָפּגעשליפן,
האָט דיין מענטשן־אָטעם שוין באַגריפן.
נו, זאָל מען אויפמאַכן די טיר פאַר אים!

טאַם:

(באַגייסטערט)

פאַר אים!

אַלע באָנים:

(פאַרציטערט, פאַרגאַפט)

פאַר אים!

ראָשע:

פאַר אים?

האָן:

קוקעריקו, איך בין האָן,
כ'שטעל מיין רויטן קאַם אין קאָן.
קומט די זון, מוז איך זי טראָגן,
אויף מיין קאָפּ מוז איך זי טראָגן. קוקעריקו!

כאַכעם:

דער טאָג איז היים, טראָגט פייער אינם מויל
און ברענט אוים אַלעם וואָס איז פויל.
איך פיל פון פייער שוין דעם הייסן שפיר —
נו, גיכער... אויפמאַכן די טיר!
(דער טאַם לאָזט זיך, בלייבט שטיין)
מיר שטייען אַלע אַצינד און זאָגן:
שפויך כאַמאָסכאָ,
גים אוים דיין צאָרן, פּאָלק.
אַף אַלע וויסטע גוזבּריאַנעם,
אַף אַלע מיעסע פּאָליטיקאַנעם,
אַף אַלע לייז און מייז פון אונזער קרייז,
וואָס האָבן אין דיין מאַכט געלעסטערט;
גים אוים דיין צאָרן, פאָלק...
מאַך אויף די טיר, יו. טאַם,
מ'הערט די טריט שוין פון דער וויטן!

טאַם:

עמעס, עמעס, מען הערט די טריט...
(קומט אַ פיגור אין רויטן מיט סערפּ־און־האַמער אין האַנט. איז דער טאַם אויסער זיך פון פרייד. דער שעינע יעדייע לישל גלאָצט מיט די אויגן. דער ראָשע איז געפּלעפּט ער פאַרשטעלט זיך די אויגן מיט אַן אָרעם, ווי אָפּצואוווערן זיך פון אַן אומגליק)

ראָשע:

לוי לאָנו, ווײי איז מיר, לוי לאָנו — — — —

## גרייזן אין בוך

1. אַף זייט 60, די 22טע שורע פון אויבן, דאַרף זיין „משיאַך־קאַרטעל“, און כישט „קאַרטל“.
2. אַף זייט 81 איז איבריק די ערשטע שורע מיטן וואָרט „קונדן“.
3. די רעמאַרקעס אין „משיאַך אין אַמעריקע“ זענען אַף איין אָרט שלעכט פאַרגרייזט. דער פאָטאָגראַפטשיק און די „פרוי מיט דער באָרד“ זענען 1 מענטש, און קענען דאַרום כישט אויסזען פאַרשידן.

# נאָכוואָרט

אין דעם בוך „טעאַטערטעקסטן” (ווי אין דעם אָפּטייל „שטייענדיק ווייזערס” אין בוך מיט לידער, און אין דעם בוך „מאָרגן איז מאָנטיק”) גייען אַריין זאַכן פון מיין מיטלוּיפערישן פעריאָד, און אַפילע פון „פריערדיקע יאָרן”. ס׳ראָוו זאַכן האָבן זיך געדרוקט אין דער „פרייהייט”. אַנדערע מאַטעריאַלן האָב איך צונויפגעקליבן פון מיינע גאָר־אַלטע אַרבעטן, ווי אַן עקספּאָזע פון מיין גאַנג, מיט־גאַנג, בויג און איבערבראָך.

צו געבן בלויז די ל ע צ ט ע זאַכן (די, וואָס זענען אידעאָלאָגיש אויסגעהאַלטן) וואָלט עפּשער געהייסן אָפּנייגן פון דער ליניע פון ז ע ל ב ס ט ק ר י ט י ק, וואָלט געהייסן פּוצן זיך אין די לעצטע, ניי־אָנגעוואַקסענע, שיינע פעדערן — נישט געבנדיק דעם פּראָלעטאַרישן לייענער, און מאַרקסיסטישן אָפּשאַצער אַ געלעגנהייט צו זען מיינע פריערדיקע טריט.

וואָלט איך באַם צונויפשטעלן פון די מאַטעריאַלן געווען געהאַט מער צייט, געווען געאַרבעט באַ בעסערע באַדינגונגען, געהאַט מער פּויאיקייט אַף טעכנישער אויסרעכנונג, געווען געהאַט כאָטש אַ טראָפּן רעדאַקציאָנעלע מיטהילף, וואָלטן עפּשער די וואָרט־מאַטעריאַלן אַנדערש צוגעגרייט געוואָרן, אַנדערש אויסגעאַרבעט געוואָרן; וואָלט איך עפּשער אַ טייל אידעאָלאָגיש־קרומלעכע זאַכן געפּריפט אַף די פּיס שטעלן, — נו, האָט אָבער קיין צייט, קיין קויעך, קיין טעכנישע אָפּמעסט־פּויאיקייט נישט געקלעקט. זענען דאַריבער אויך אויסגעבליבן מיין „פּענונביקס”, „ברויט־מיט־זאַלץ”, די „בריוו פון מאַקס וואַקס”, „רייזעגראַפיעס”, „טעג פון מיינע טעג”, „פּאָלעמיק”, און די קינדער־מאַינסעלעך און קינדער־לידער אונטערן נאָמען „קינד אָן קייט” און אַ טייל פּיעסן און אַקטערס. די אַלע אויסגעבליבענע זאַכן וועלן אַוואַדע אַריין אין דער שפּעטערער זאַמלונג.

אין דער גליענדיקער האָפענונג, אַז מיר שטייען שוין נישט ווייט פונם פעריאָד וואָס נ אָ ך דער וועלט־רעוואָלוציע, טרייסט איך מיך, אַז מיינע אַרבעטן וועלן פונם מאָרגעדיק־לעזער געשאַצט ווערן אין דעם ליכט פון „אַרכיוו־מאַטעריאַל”, איבער וועלכער אַ בלוטיק־אייזערנע, פּייערדיקע צייט איז מיט אַ ראָד אַריבערגעפאָרן.

משה נאַדיר

ניו יאָרק, אַפּריל, 1932.

# אינהאַלט: